**דאָס בוך דערשיינט מיט דער הילף פון:**

קרן לאה גולדברג ע"י האוניברסיטה העברית, ירושלים

ליטעראַטור־פאָנד א"נ פון אַנרי, רוזשקע און עוועלין קנאָבלאָוך ז"ל (בעלגיע), — אומגעקומען אין אוישוויץ

בצלאל און סאָניאַ קאָסטנער־פאָנד א"נ פון מלך ראַוויטש, ביים י.ל. פרץ־פאַרלאַג

קרן להנצחת זכרה של יהדות פולין

ליטעראַטור־פאָנד א"נ פון יהושע און רבקה גאָלדבערג, תל־אביב

אירגון יוצאי לובלין בישראל

פאָנד פון שמואל און גאָלדע שפּירא, פּאַריז און רבקה מאַכאַווינסקי ז"ל ביים י.ל. פרץ־פאַרלאַג

בנימין לובעלסקי

# ביים פאַרלאָשענעם פלאַם

יציאת פאָלקס-פוילן




תל-אביב, תשמ"ט — 1989

# אַ וואָרט פריִער

גערוען אַ ייִדיש לעבן אין פּוילן.

אַרום און אַרום האָט געשפּרודלט מיט קולטור — טעאַטער, ביבליאָטעקן, כאָרן. די ייִדישע גאַס איז פול געווען מיט פּאַרטייען, פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אָרגאַניזאַציעס, קלובן, ווו עס זענען פאָרגעקומען „אָוונטן", פּרעלעקציעס, רעפעראַטן און מען האָט דיסקוטירט ביי דער אַרבעט, אין דער היים ביז אין שפּעטער נאַכט אַריין.

עס זענען געווען שווערע צייטן, און די פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרקויפט האָפענונג, ביטחון, פאַרביקע מאָרגנס...

אָבער ענג זענען געווען די ד' אמות פון ייִדישן לעבן. אַריינגעטריבן אין ווינקל פון האָפענונגלאָזיקייט האָט זיך די יוגנט געריסן ווער אויף מיזרח, ווער אויף מערב — אויף גאָטס באַראָט, ווו ס'וועט זיין בעסער.

יונג און אַלט, די וועלכע זענען ניט אַוועק, זענען פאַרטיליקט געוואָרן אין די געטאָס, אין די לאַגערן, געפאַלן אין די וועלדער, אויף די שלאַכטפעלדער פון צווייטן וועלטקריג, און נאָך פריִער — אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע.

ווייניק, גאָר ווייניק פון זיי זענען פאַרבליבן, אָבער ניט געשטילט האָט זיך די לאַווע אין זייער האַרץ. נאָכן צווייטן וועלטקריג זענען אַ סך פון די פאַרבליבענע צוריקגעקומען קיין פּוילן. זיי זענען געקומען פון רוסלאַנד, פראַנקרייך, ישׂראל, אַמעריקע, זיך איינגעשפּאַנט אין דער אַרבעט פון ווידער־אויפבוי, מיט זייער אייגנט־לעכן מסירת־נפש. אויף די חורבות פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן זיי גענומען בויען אַ ניי לעבן, דאָס לעבן פון זייער טרוים און

קאַמף. עס האָט ווידער אויפגעפלאַמט זייער אמונה. זיי האָבן געהאָלפן שאַפן אַ לעבן, אַ מאַכט, זיי האָבן געברענט און געשאַפן, געשאַפן און געברענט.

געווען זענען עס מענטשן פון אַלע שיכטן — אַרבעטער, אינטע־ליגענץ, מענטשן גוטע, איבערגעבענע זייערע אידעאַלן, מענטשן וועלכע האָבן געגלייבט און געקעמפט פאַר אַ מאָרגן פון יושר און גלייכקייט און דער פלאַם פון זייער אמונה איז פאַרלאָשן געוואָרן.

און ווידער האָבן טויזנטער פון זיי פאַרלאָזט פוילן, דאָס מאָל זענען זיי אַוועק אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, ישׂראל, פראַנקרייך. זיי האָבן פאַרלאָזט פוילן, דאָס לאַנד פון זייערע יוגנט־טרוימען, איבערגעלאָזט דאָרט זייערע חברים. וועלכע זענען געפאַלן אויפן וועג פון זייער מסירת־נפשדיקן קאַמף. זיי האָבן פאַרלאָזט דאָס אַזוי געררופענע סאָציאַליסטישע פוילן, פאַרייִאושטע פון זייער חלום, צעטראָטן דורך דערווירקלעכקייט.

ווען האָט זיך פאַרלאָשן דער פלאַם? ווען האָבן די מענטשן, וועלכע האָבן צענדליקער יאָרן געקעמפט, טראָץ צופּלוס און אָפּ־פלוס, ווען האָבן זיי אויפגעגעבן זייער קאַמף, אַוועק פון דער פאַרטיי, פון דער באַוועגונג? כ'האָב ניט איין מאָל געהערט די דאָזיקע פראַגע. מע האָט זי מיר ניט איין מאָל געשטעלט. פאַקטיש איז דאָס געווען אַ פראַגע געווענדט ניט נאָר צו מיר, און דער ענטפער וועט מוזן זיין פאַר טויזנטער, טויזנטער ווי איך. האָב איך, אין מיינע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, געזוכט אַ תשובה. קיין לייכטע זאַך איז עס ניט געווען. קיין קורצן ענטפער האָב איך ניט געקענט געבן. פשוט, אַ מענטש שטייט ניט אויף אין אַ געוויסן טאָג אין דער פרי און... ווערט אויס קאָמוניסט. דאָס איז אַ לאַנגער פּראָצעס, אַן אָנזאַמלען זיך פון פאַקטן, וועלכע עקבערן, נורטירן, גראָבן אונטער דעם בנין פון וועלטבאַנעם, ביז ער פאַלט זיך פונאַנדער אויף שטיק־שטיקלעך.

דאָס געשעט ניט אין משך פון אַ וואָך אָדער פון אַ יאָר.

כ'וועל זיך ניט אומקערן צום שיינעם זומער־מאָרגן פון 1930,

אין אַנטווערפּן, ווען כ׳בין אָנגענומען געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — און פון דעמאָלט אָן פאַרשן די פאַרשיידענע פאַקטן, פּראָצעס, וועלכע האָבן באַשווערט מיין געדאַנק, מיין פּאָליטיש געוויסן. כ׳וועל אָנהייבן פון מיין צוריקקערן זיך, אין די סוף יוני־טעג פון 1949, אין סאָציאַליסטישן פּאָלקס־פּוילן, וווּ, מער ווי אומעטום, האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין פּאַרטייישן וועלטבאַנעם אויג־אויף־אויג, אויפן וועג צו זיין פאַרווירקלעכונג. כ׳וועל אפשר דאָ און דאָרט פאַרוואַרפן אַ בריק צו פאַקטן פון אַמאָליקע טעג, אָבער דער צייטאָפּשניט, מיט וועלכן כ׳וועל זיך פאַרנעמען, וועט זיין די צייט זייט מיין קומען קיין פּוילן ביזן פאַר־לאָזן עס, אין אַ שפּעטן אָקטאָבער־טאָג, אין 1965, אויפן וועג קיין ישׂראל.

וועל איך שרייבן וועגן אַלץ? ניין. אַלץ? — ווער ווייסט עס אַלץ? כ׳וועל שרייבן וועגן מענטשן, פאַקטן, בילדער, וועלכע כ׳האָב געקענט, וועלכע טראָגן צו אַ טייל אויפצוקלערן די זאַך.

עס וועט זיין אַ לאַנגע קייט פון געשעענישן, אַ לאַנגער פּראָ־צעס, וועלכער האָט דערפירט צום סוף וועג. ס׳וועט זיין אַ לאַנגער ענטפער אויף אַ קורצע פראַגע — קיין אַנדערער איז ניט פאַראַן.

לאָמיר זשע אָנהייבן די רייזע דורך דער צייט.

ניט קענענדיק אויפלעבן דעם פלאַם
פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווילן מיר
כאָטש פאַרהיטן זיין אַש.

**מאַרסעל פּרוסט**

# געדאַנקען אויף דער שוועל

פאַראַן אַ סעקוועגץ אין די האַנדלונגען פון אַ מענטש. יעדע האַנדלונג איז גורם אַ ווייטערדיקע האַנדלונג. יעדע האַנדלונג איז אַ קאַנסעקווענץ פון אַ פריִערדיקער. וועלכע איז געווען די ערשטע האַנדלונג? דער ערשטער טראַט אין דער פריִער יוגנט? אין דער קינדהייט? דער ערשטער טראַט אויף גאַטס וועלט? נאָך פריִער? ווערט די קייט פון אַ מענטשנס האַנדלונגען שוין אַנגעצייכנט מיט זיין קומען אויף דער וועלט? שטייט דער מענטש פאַר אַן אומדערבאַרמלעכן אַלעאַ יאַקטאַ עסט פון זיין ערשטן טראַט אויף דער וועלט, ווי עס זעט עס זשאַן פּאַל סאַרטער אין זיין „לע זשע סאָן זשעטע״? איז עס אַ פּראַגע פון ערלעך זיין מיט זיך זעלבסט און גיין מיטן וועג, וועלכן מען האָט זיך איין מאָל אויסגעקליבן, און גיין אויף אים ביזן לעצטן אָטעמצוג, ביזן סוף?

כ׳דערמאָן זיך אַ יונגן פּאָליאַק, וועלכן כ׳האָט געטראָפן אין אַן ענגלי־שער איינהייט, ערגעץ אין אַלזשיר, אין 1944. ער איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, פון פּוילן, געקומען קיין מערב. כ׳האָב מיט אים לאַנג דיסקוטירט, אַנווייזנדיק אים אַז זיין אָרט איז אין פּוילן, זיין היים. ווי שלעכט, ווי אומיושרדיק עס זאָל דאָרט ניט זיין, דאַרף ער דאָרט זיין, צולייגן אַ האַנט, העלפן בויען אַ בעסער לעבן פאַר זיין מאַמע, טאַטע, פאַר זיך. ער שטאַמט פון דאָרט, ס׳איז זיין לאַנד, זיין שפּראַך, זיינע מענטשן — אַפילו אין די שווערסטע באַדינגונגען איז ער ביי זיך.

כ׳האָב צו אים גערעדט, ווי כ׳האָב עס געטאָן תּמיד, מיט פייער, מיט האַרץ. עס איז ניט געווען קיין פייער, וואָס איז אויסגעבראַכן מיט איין מאָל. דאָס איז געווען אַ האַפענונג, וואָס האָט געטליִעט זייט יאָרן, און איצט, נאָכן צווייטן וועלטקריג, ווען די אַלטע צוימען זענען פאַרלענדט געוואָרן, האָב איך פעסט געגלויבט אַז אינעם לאַנד, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן, האָט

אויפגעשיינט די זון פאַר אַלע קינדער פונעם דאָזיקן לאַנד. עס זענען אַנטשטאַנען די מעגלעכקייטן צו בויען דאָרט דעם סאָציאַליזם און סאָציאַליזם מיינט פרייהייט, גלייכקייט, ברידערלעכקייט פאַר אַלע.

גלייך נאָך פוילנס באַפרייונג, אין 1944, האָב איך געשריבן צו פוילנס פּאַרשטייער אין פּאַריז, סטעפאַן יענדריכאָווסקי, אַז כ'וויל קומען צוריק קיין פוילן, בויען דעם סאָציאַליזם. ווי אַן אַלטן פּאַרטיי־חבר, אַ געוועזענעם שפּאַניע־קעמפער, האָט ער מיר גלייך געענטפערט, אַז ס'איז נאָך צו פרי, אַז כ'מוז נאָך וואַרטן ביז מע וועט קענען צוריקפאָרן. ער האָט מיר אָנגעוויזן צו בלייבן אין פראַנקרייך, דאָרט מיטווירקן מיטן „פּוילישן קאָמיטעט פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייונג". האָב איך געטאָן ווי ער האָט מיר אָנגעוויזן. כ'האָב מיטגעאַרבעט מיט דער פּוילישער צייטונג „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ", וועלכע איז אַרויסגעגאַנגען אין פּאַריז, געווען אַקטיוו אין די פּוילישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, מיטגעהאָלפן פּראָפּאַגירן, אָרגאַניזירן. נאָך דריי יאָר, אין יוני 1949, איז געקומען די צייט. מע האָט מיר געמאָלדן, אַז כ'קען צוריקפאָרן.

אַלע פאַרגעדענקטע און געהערטע פאַקטן וועגן ייִדן אין פוילן זענען אויפגעשוווּמען אין מיין מוח. אָבער סלאָגאַנען איינגעהזרטע, איבערגעחזרטע אין משך פון יאָרן, האָבן זייער כּוח — זיי באַהערשן די מאַסן און... שטאַרקן דיין אייגענעם גלויבן אין זיי. אָרום די סלאָגאַנען שטייט אויף אַ וועלט וואָס איז ווייט פון דערווירקלעכקייט, אָבער נאָענט צום אידעאַל, וועלכן האָסט זיך משך פון יאָרן געבויט. ניט ווייניק ווערט דאָרט טושירט, אַראָפּגענומען, צוגעגעבן ביז דאָס בילד ווערט פולשטענדיק, קאָמפּלעט, דערגאַנצט מיט טעאָרעטישע אויפקלערונגען, עס זאָל זיין לאָגיש, גאַנץ, שיין.

יאָ, כ'פאָר אַהיים — אַ קאָנסעקווענטער טראָט פון מיין לעבן און קאַמף. כ'בין אַוועק אין דער פּאַריזער פּרעפעקטור דערליידיקן מיינע רייזע־פאָרמאַליטעטן צו פאָרן קיין פוילן.

די פּאַריזער פּרעפעקטור האָט ניט געזעגנט מיט קיין באַזונדערן חן. ס'האָט פון יעדן ווינקל דאָרט קיין ליבע ניט געבלאָזן. געווען דאָרט פרעמדקייט, פאַרדאַכט, ביטול, אָפּגעלאָזענע וואַרטזאַלן. דאָרט האָב איך שטענדיק דורכגעפירט די מיר נייטיקע פאָרמאַליטעטן — אַז מע מוז, מוז מען,

אָבער דאָס איז דאָס לעצטע מאָל — מער וועלן זיי מיך דאָ ניט זען. כ׳פאָר אַהיים, כ׳שליס דאָס קאַפּיטל. גענוג.

דאָס מאָל איז דער זאַל געווען גרוים. די באַאַמטע, אַ פרוי אין די דרייסיקער יאָרן, אַ סימפּאַטישע, האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיר. כ׳האָב אונטערגעאײַלט דעם שמועס. געוואָלט וואָס שנעלער ענדיקן. וואָס האָב איך מיט איר צו שמועסן? זי האָט געצויגן, מיר געקוקט טיף אין די אויגן. געקוקט און זיך געוווּנדערט —

— נו, כ׳דאַרף אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן פראַנקרייך...

— אויף ווי לאַנג?

— וואָס הייסט אויף ווי לאַנג? כ׳פאָר אַוועק פון דאַנען, אַהיים...

— און אַז דו וועסט וועלן צוריקקומען?

— וואָס הייסט? כ׳פאָר צוריק אַהיים — האָב איך איבערגעחזרט.

— אָבער... — זי האָט מיט האַלבע ווערטער געוואָלט לעשן מיין ברען — כ׳וועל דיר געבן דרײַ חדשים אויף זיין אין אויסלאַנד, זאָלסט דערנאָך קענען צוריקקומען.

— גוט, האָב איך איינגעשטימט, כדי צו פאַרענדיקן אַן עסק, וועגן וועלכן כ׳האָב ניט געהאַט קיין חשק צו דיסקוטירן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט מילדע אויגן, גענומען אויספילן אַ פאָרמוליאַר, אים געצייכנט, געשטעמפּלט, אים מיר איבערגעגעבן לאַנגזאַם, פאַרטראַכט, מיט אַ צוגעטעמפּטן בליק. כ׳בין אײַליק אַוועק.

וואָס האָט מיך נאָך געקענט אינטערעסירן, צוריקהאַלטן אין דער פּרעפעקטור? מיטן מוח בין איך שוין לאַנג געווען אין פּוילן. ס׳האָבן זיך אין אים שוין אָנגעזאַמלט אַ היפּש ביסל מיינונגען, בילדער. זיי זענען אויפגעקומען, פאַרשווונדן, צוריקגעקומען. כ׳האָב געטראַכט, זיי געוויגן, געטראַכט.

— וועסט פאַרבייפאָרן דייטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע — האָט קאַזשיק יאַוואָרסקי מיר געשילדערט די רייזע קיין פּוילן — דאָרט איז אַלץ פּוסט, ניט אינטערעסאַנט. וועסט אַריבער די פּוילישע גרענעץ, דעמאָלט וועסטו פילן אַן אויפלעבונג — מע אַרבעט, מע קלאַפּט, מע האַקט, מע בויט, דאָס לאַנד

רייסט זיך צום לעבן. יעדער אַרבעט, יעדער טוט עפּעס. ווייסט, ס'רייסט אַזש מיט!

קאַזשיק, מיין חבר פון לאַנגע יאָרן, פון שפּאַניע, פון די לאַגערן, איז אַ שאַרפער, קלוגער חברה־מאַן. ער איז איצט אַ דיפּלאָמאַטישער קוריער, פאָרט אַריין און אַרויס פון פּוילן, זעט אַ וועלט און האָט וואָס צו פאַרגלייכן. ער איז געזעסן מיט מיר אין אַ קאַפעהויז אויף איינעם פון די פּאַריזער בולוואַרן. ער האָט אויסגעטרונקען די קאַפע און פאַררויכערט אַ גוטן סיגאַרעט. זיין בליק איז געווען ווייט אַוועק — נאָך באַדאַרפט זיין דאָ־דאָרט, וואָס דערליידיקן. ער איז אַוועק, ניט געווען קיין צייט.

יאַנעק, אַ צווייטער נאָענטער חבר מיינער, האָט מיך שוין געזען ביים אָנקומען קיין וואַרשע:

— זאָלסט זיין צוגעגרייט — האָט ער מיר אויפמערקזאַם געמאַכט, שפּאַצירנדיק איבער די פּאַריזער בולוואַרן — שטעל זיך פאָר אַ פאַרניכטעטע שטאָט! פאַרברענטע הייזער, איינגעפאַלענע ווענט, חורבות, ניין, נאָך מער, נאָך ערגער!

עס האָט אויף מיר קיין באַזונדערן רושם ניט געמאַכט. די פּאַריזער בולוואַרן מיט זייער שיינקייט האָבן מיך ניט געלאָקט. הינטער זיי האָב איך גאָרניט געהאַט. אַ טאָג אָן אַ נעכטן, אָן אַ מאָרגן. דער שטראָם האָט מיך דאָ פאַרטראָגן און ניט צוגעקלעפּט. כ'האָב געטראַכט וועגן וואַרשע, וואָס אָן אמת, אויך אָן שום סענטימענט. כ'האָב דאָרט ניט געהאַט קיין פאַרגאַנגענ־הייט וואָס זאָל אַפּעלירן צו מיר. די שלעכטע דערינערונגען זענען ווי אָפּגעווישט געוואָרן דורך אַ פאַרוויסטנדיקן הוראַגאַן. כ'בין פון דאָרט, וועל איך דאָרט זיין. כ'וועל לייגן אַ פונדאַמענט, בויען, שאַפן מיט מיינע הענט אַזעלכעס, וואָס וועט אויך מיר געהערן — ערלעך, ניט געקומען צום גרייטן!

— פאָרסט קיין פּוילן — האָט מיר געזאָגט אַ ניט־פּאַרטייער, אַ נאָר וואָס געקומענער, אָן אַנטלאָפענער פון דאָרט — פאַר אַזעלכע ווי דו, איז דאָרט אַלץ אָפן, וועסט אַלץ קענען טאָן. קענסט רעדן, אַגיטירן, אָרגאַניזירן...

כ'האָב זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. האָט ער נאָך אַלץ מורא געהאַט צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט וועגן פּוילן, אַפילו שוין דאָ, אין אַ פּאַריזער רעסטאָראַן? האָט ער געחוזקט פון איינעם וואָס קלייבט זיך צוריקצופאָרן

קיין פוילן ? צי האָט ער זיך געפילט נישטיק אויף דער שוועל פון אָנקומענדיקן טאָג אין פּאַריז ?

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און זיי פאַרביסן מיט עפּל־קאָמפּאָט.

— אוי־אַ, ס׳האָט זיך דאָרט אַ סך געענדערט — האָט זיך מיין פריינד וולאַדעק פאַרכלינעט, רעדנדיק וועגן פוילן — אַ מאָל זענען עס געווען לעגיאָנערן פון פּילסודסקי, וועלכע זענען געווען די איינגעייערס אין בעלוועדער, היינט זענען עס די געוועזענע שפּאַניע־קעמפער, די דאָמבראָווּשטשאַקעס. אוי־אַ, פאַר זיי זענען אַלע טירן אָפן. זיי זענען אין די מיניסטעריומס, אין די אַמטן. ווו דו קומסט, טרעפסטו אָן אייגענעם, האָסטו מיט וועמען צו רעדן !

וולאַדעק, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון פוילן, האָט זיך געקוויקט מיטן צושטאַנד דאָרט. כ׳האָב זיך צוגעהערט און געוויגן זיינע רייד: בעלוועדער, גענעראַלן, שליפעס, שווערדן־געקלאַנג, קאַרעטעס — וואָס האָב איך דערמיט צו טאָן ? אייניקע פון מיינע חברים וועלן זיך, אפשר, גוט פילן אין דער דאָזיקער סביבה — ווער זענען זיי ? וועלן זיי מיט מיר נאָך וועלן רעדן ?

מיינער אַן אַלטער חבר פון דער פּאַרטיי, וועלכער איז יאָרן לאַנג אָפּגעזעסן אין די פּוילישע תפיסות, איז געווען פאַרביטערט. ער האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס:

— ניין, כ׳וועל ניט צוריקפאָרן קיין פוילן כל זמן אין שפּיץ פון דער פּאַרטיי וועט שטיין דער דאָזיקער אַנטיסעמיט, גאָמולקאַ ! — זיינע רייד זענען צוגעדעקט געוואָרן מיטן געדיכטן רויך פון פּאַפּיראָסן, אין איינעם פון די איבערפולטע פּאַריזער קאַפעהייזער.

מיינונגען פאַרהערטע, וואָס קריצן זיך איין אין מוח און לאָזן דיך טראַכטן. איך פאָר אַהיים, פּראָסט און פּשוט, מיט ליידיקע הענט, מיט אַ פול האַרץ. זאָלן מיך מיינע פיס טראָגן איבערן וועג פון מיין חלום, דורך וועלכן איך בין געגאַנגען צוואַנציק יאָר פון שטורעם און קאַמף.

אַ מענטש מוז קאָנסעקווענט זיין !

# אויפן וועג פּאַריז־וואַרשע

ווען כ׳בין, מיט מיין פרוי, אַריין אין אינטערנאַציאָנאַלן צוג פּאַריז־וואַרשע, איז שוין געווען שפּעטער אָוונט. דעם גרויסן קויש מיט די זאַכן אָפּגעגעבן אויף באַגאַזש — האָבן מיר פּאַר די האַנט־וואַליזקעס לייכט געפונען אַן אָרט אין אונדזער שלאָפוואַגאָן. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט די זאַכן און זיך געלייגט שלאָפן — אַ גוטע נאַכט! אונדזערע פּעסער זענען געווען אין די הענט פון עם וואַגאָן־פּאַראַנטוואָרטלעכן — זענען מיר רויק דורכגעשלאָפן די פראַנצייזיש־מערב־דייטשע גרענעץ. די מערב־דייטשיש־טשעכישע גרענעץ האָט אונדז געטראָפן נאָך פאַרשלאָפענע. אין קאָרידאָר האָבן זיך געמערט טריט פון שטיוול, שטאַרקערע קולות, סלאַווישע אונטער־געבעטע. כ׳האָב וויניק געקוקט אויף דער לאַנדשאַפט. דער צוג האָט גע־איַילט קיין פּוילן — איך אויך.

דער מאָרגן, אַ נאָר וואָס אויפגעוועקטער, אַ פרישער, האָט געמאַכט שנעלע טריט. ס׳האָט זיך שוין געוואָלט טרינקען, אַ כאַפּ טאָן עפּעס אין מויל אַריין. מיר האָבן פאַרמאַכט אונדזער אָפּטיילונג און אַוועק אין עסוואַגאָן.

כ׳קען ניט לייקענען, כ׳הייב זיך אָן פילן ווי אין דער היים. דער קעלנער פאַרעט זיך וואַרעם אַרום אונדז, ברענגט קאַפע, זעמל. דער קעלנער איז העפלעך, אַ ביסל זשענירט... ער פרעגט, צי מיר ווילן ניט טוישן דאָלאַרן, פראַנקן — ס׳הייבט זיך אָן! כ׳ווייס ניט צו וואָס דאַרף אַ קעלנער דאָלאַרן — אָן דעם קען ער ניט בויען דעם סאָציאַליזם? נו, מע דאַרף אים מוחל זיין. ניט יעדער בירגער מוז פאַרשטיין די דאָזיקע זאַכן...

צו אונדזער טישל זעצט זיך צו אַ יונגער־מאַן. עס הייבט זיך אָן אַ שמועס: פון וואַנען מיר זענען, פון וואַנען ער איז. ער איז פון אַן אַרבעטס־לאַגער, באַקומען אורלויב אויף שבת, אַהיים. ער איז אַ ייִד. מיר שמועסן אין אַ מין קאָנגרעס־דייטש, האַלב־ייִדיש, האַלב־דייטש. עס איז שווער אים צו פאַרשטיין, ער רעדט מיט האַלבע ווערטער. וואָס עפּעס אַן אַרבעטס־לאַגער?

ס׳איז ניט קלאָר. ער באַהאַלט עפּעס אויס. וואָס טוט מען אין לאַגער? האַלץ האַקן, ביימער, אַרבעטן — צו וואָס דאַרף ער זיין אין אַ לאַגער? כ׳פאַרשטיי ניט. כ׳קען ניט פאַרשטיין. ער פרעגט ווידער פון וואַנען מיר קומען. פון פראַנקרייך קיין פוילן? ער קען אויך ניט פאַרשטיין. פיר יאָר נאָך דער מלחמה טרעפן זיך צוויי ייִדן און פאַרשטייען זיך ניט...

פשוט איז עס ניט. זיצט אַ ייִד אין אַן אַרבעטס־לאַגער, פאָרט אַהיים אויף שבת, פאָרט דערנאָך צוריק אין לאַגער, טרעפט זיך מיט מיר אין עס־וואַגאָן פון צוג ביי אַ גלעזל קאַווע... גיי ווייס, וואָס איז דאָ שלעכט, וואָס איז דאָ גוט. כ׳טראַכט, כ׳קען ניט זאָגן אַז עס גייט מיך ניט אָן.

אויף דער לאַנדשאַפט האָב איך ניט געקוקט. דער קעלנער איז געווען ווייט פון אונדז, ווען דער מענטש פון לאַגער, ביי מיין טישל, האָט אַ זאָג געטאָן:

— אויב ווילסט טוישן דאָלאַרן, פראַנקן — קענסטו עס מאַכן מיט מיר...

אין עסזאַל האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל באַוועגונג. מיר האָבן זיך דער־נענטערט צו דער פוילישער גרענעץ. עס האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן פון וועקסלען די רעלסן. די פּאַסאַזשירן זענען אַוועק אין זייערע אָפּטיילונגען, זיך שנעל איינגעטיילט: די וועלכע פאָרן ווייטער, און יענע וועלכע וועלן באַלד אויסשטייגן.

מיר זענען צוריק אין אונדזער אָפּטיילונג. מיר זענען שוין אויף דער פוילישער ערד. כ׳וואַרט אויף די גרענעץ־וועכטער. אָט זענען זיי שוין אין קאָרידאָר. כ׳הער זייערע טריט, די פוילישע שפּראַך. אייניקע זענען אין ציוויל, אייניקע אין מונדיר. ווער זענען זיי? וואָס האָבן זיי געטאָן פאַר דער מלחמה? בעת דער מלחמה? פאַרטייער? מיט לאַנגע יאָרן תּפיסה? פאַרטיזאַנער? כ׳זיץ און קוק פאַר זיך. איינער קומט אַריין און בעט די פּעסער. ער קוקט זיי דורך, אויפמערקזאַם, בלעטל ביי בלעטל. ער קוקט אויף מיר, אויף מיין פרוי. לייגט צו אַ שטעמפּל.

— אייער געפּעק? — פרעגט ער.

— דאָ אין דער הייך.

ער גיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ, רירט גאָרניט אָן, גייט אַרויס. נאָך אים קומט אַריין אַ פרוי, אין מונדיר.

— אייער געפעק ?
— דאָ, אין דער הייך.

זי בעט מיך אַפילו ניט עפּעס אַראָפּנעמען. מיין פרוי, אין אַנדערע אומשטענדן, האָט זי, ווייזט אויס, פאַראינטערעסירט. זי בעט מיך אַרויסגיין פון דער אָפּטיילונג. עס וועט, אַלזאָ, זיין אַ פּערזענלעכע, לייבלעכע אונ־טערזוכונג. אַ ניט געשמאַקער אַקאָרד גיט מיר אַ גרילץ אין אויער. אין אַ ווײַלע אַרום פאַרלאָזט די פרוי די אָפּטיילונג. כ׳גיי אַריין, אַ ביסל זשענירט פאַר מיין פרוי, וועלכע איז ניט פון פּוילן, און אַוודאי שאָקירט פון דעם בולטן אומצוטרוי צו איר. כ׳באַמי זיך צו מילדערן דעם איינדרוק, מיט אַ לעקציע וועגן דער נויטווענדיקייט פון וואַכזאַמקייט, שטענדיק, אומעטום... אַ שווערע לעקציע, וועלכע האָט זיך צו שנעל רעאַליזירט. די ווירקלעכקייט איז אָבער אומעטום דאָ, מען קען זי ניט פאַרשטעקן אין אַ ווינקעלע...

קיין וואַרשע איז נאָך געווען אַ היפּש שטיקל וועג. דער פלאַכער שטח פון גרויספּוילן, מאַזאָוושע, איז געווען אין פולן בלי. פאַר די פּויערים־כאַטעס האָבן די זונבלומען גענייגט זייערע שווערע קעפּ. די געראַניומס האָבן זיך געדריקט צו די שויבן. האַרט ביי די כאַטעס זענען דורכגעלאָפן באַאַרבעטע בייטן. דאָ און דאָרטן האָבן זיך איבער זיי געבויגן געשטאַלטן, גערייניקט. גרעסערע, באַאַרבעטע שטיקער ערד, האָבן זיך פירעקיק גע־שטרעקט צום וואַלד, צום שאָסיי. אַנדערע שטחים, ניט באַאַרבעטע, האָבן זיך געפּרעגלט אין דער זון, געוואַרט, אַוודאַי, אויף אַ באַשלוס, אויף אַ גואל, אויף אַ תיקון.

די שטאָט האָט צו ביסלעך אויסגעשטרעקט אירע אָרעמס. דער רויש האָט זיך געשטאַרקט, אויסגעפילט דעם אַרום. דער צוג האָט פאַרלאַנגזאַמט דעם לויף. פּאַמעלעך האָט זיך דורכגעגליטשט די אויפשריפט : וואַרשע — הויפּטוואָקזאַל.

כ׳האָב אַראָפּגענומען מיינע עטלעכע פּעקלעך, געלייגט זיי אויף דער באַנק און גענומען קוקן דורכן פענצטער. ס׳האָט ווער אויפן פּעראָן, נאָכן אויסקוקן אַ ווײַלע, גענומען פאָכען צו מיר. יאָ, דאָס מיינט מען מיך. כ׳האָב אַ שמייכל געטאָן, אויפגעהויבן די האַנט. די פאַרבינדונג האָט זיך איינגע־שטעלט. דאָס איז געווען עמעצער אין אַ מיליטערישן מונדיר, אַ קאַפּיטאַן.

דאָ האָט אַוודאי געווירקט מיין מיליטערישע פֿאַרגאַנגענהייט אין שפּאַניע — די האַנט פֿון מיינע שפּאַנישע חברים האָט זיך געלאָזט פֿילן. מע האָט גע־וואַרט אויף מיר. כ׳בין אַרויס פֿון וואַגאָן. מיין וועג אין פּוילן האָט באַקומען אַ באַשטימטע ריכטונג.

אונדזער אויטאָ איז געפֿאָרן דורך די ירושלימער אַלייען. כ׳בין גע־פֿאָרן און געקוקט פֿאַר זיך. כ׳האָב, ווייזט אויס, זיך פֿאָרגענומען צו שוואַרץ. פֿון דער באַן ביז צום האָטעל איז דער וועג געווען אַ קורצער, בלויז אַ קליינער טייל פֿון די ירושלימער אַלייען, גראָד ניט קיין באַשעדיקטער. די הייזער זענען געווען אַלטע, ניט אָפּגעפּרישטע — אָבער זיי זענען גע־שטאַנען גאַנצע.

כ׳האָב וואַרשע ניט געקענט פֿון פֿריִער. דאָס צוריקקומען מיט געפֿילן ווי צו אַן אַלט, באַקאַנט אָרט איז ניט געווען. כ׳בין געפֿאָרן, כ׳האָב געקוקט פֿרעמד. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און מיר זענען שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג פֿון אונדזער האָטעל — „האָטעל פּאָלאָניאַ״ — אַ גוט געבויטער, כאָטש שוין אַן עלטערער מאָדעל, מיט שטיגן וועלכע זענען זיך צעגאַנגען אין האָטעל, אינעווייניק. ס׳האָט זיך געשפּירט אַ שטאַרקע באַוועגונג. געווען איז עס איינער פֿון די דריי האָטעלן, וועלכע זענען צו יענער צייט געבליבן שטיין אין וואַרשע — אויסער „האָטעל בריסטאָל״ און „האָטעל אייראָפּעיסקי״.

אַ צימער אויפֿן ערשטן שטאָק האָט געוואַרט אויף אונדז. ער איז געווען גרויס, גוט איינגעאָרדנט. מיין באַגעגענער האָט מיר איבערגעגעבן דעם שליסל, מיר געזאָגט ווו און ווען כ׳דאַרף זיך מאָרגן שטעלן, אָנגעווונטשן און זיך העפֿלעך געשיידט.

מיר האָבן צעשטעלט די זאַכן, אָפּגעאָטעמט. זיך אָפּגעוואַשן און אָפּגעפּרישט — זענען מיר אַרויס אויף די וואַרשעווער גאַסן.

# אַ שפּאַציר איבער וואַרשע

מיר זענען אַרויס אויף אונדזער ערשטן שפּאַציר איבער די וואַרשעווער גאַסן. דורכגעשניטן די מאַרשאַלקאָווסקע זענען מיר געגאַנגען גלייך פאַר זיך, מיט די יערוזאַלימער אַלייען, ביזן סוף, ביז דער ווייסל. אַ סאָלידע בריק, די פּאָניאַטאָווסקי־בריק, אַ נאָר וואָס באַנייטע נאָך דער פאַרניכטונג, אַריבערגעוואָרפן איבערן טייך. האָט פאַראייניקט ביידע ברעגן. אויפן צווייטן ברעג איז געווען די באַרימטע פאָרשטאָט פון וואַרשע — פּראַגע.

כ׳בין געשטאַנען, געקוקט פאַר זיך. כ׳האָב אַרומגענומען דעם דאָזיקן שטאָטטייל מיט די אויגן, מיטן געדאַנק. רייכע זכרונות, פאַרקניפּטע מיט דער פאַרגאַנגענהייט פונעם דאָזיקן שטאָטטייל, זענען אויפגעשווומען. אין פּראַגע האָבן סוּוואָראָווס קאָזאַקן אַדורכגעפירט זייער שחיטה — די טרויעריק באַרימטע פּראַגער שחיטה, — אָפּרעכענענדיק זיך מיט קאָשציושקאָ פאַר זיין אויפשטאַנד אין 1794. באַזונדערס בלוטיק איז געווען די אָפּרעכענונג מיט דער ייִדישער באַפעלקערונג. אין קאָשציושקאָס אויפשטענדלערישע אייג־הייטן זענען געווען ניט ווייניק ייִדן, כאָטש מע האָט זייער אַנטייל אין אויפשטאַנד געזוכט פאַרשוויגן — פון ביידע זייטן. ייִדן האָבן זיך באַצויגן מיט חשד צו די פּאָליאַקן, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט געזינדיקט מיט באַזונ־דערע סימפּאַטיע צו זיי, און די פּאָליאַקן האָבן ניט געוואָלט אַז דאָס איידעלע פּוילישע בלוט זאָל זיך אויסמישן מיטן ייִדישן, און בכלל: מע זאָל ניט זאָגן אַז ייִדן האָבן מיטגעהאָלפן באַפרייען פּוילן... אָבער פאַרשווייגן דעם ייִדישן אָנטייל האָט מען ניט געקענט. צו באַקאַנט איז געווען דער נאָמען פון פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש, וועלכער האָט געקעמפט אין קאָשציו־שקאָ־אויפשטאַנד, אין שפּיץ פון אַ ייִדישער קאַוואַלעריע־איינהייט, וועלכע ער האָט אָרגאַניזירט. די איינהייט איז העלדיש געפאַלן בעת דער פאַרטיידי־קונג פון פּראַגע. בערעק יאָסעלעוויטש אַליין איז שפּעטער, אין 1808, געפאַלן הינטער קאָצק, אין די רייען פונעם דאָמבראָווסקי־לעגיאָן. וויפל ייִדן

זענען אומגעקומען אין דער פּראָגער שחיטה איז שווער קלאָר אָפּצומערקן. געווען דאָ אַ טאָפּלטע געלעגנהייט: אָפּצאָלן די ייִדן פאַר זייער אויפשטענ־דלערישן קאַמף קעגן צאַריזם און סתּם, פּראָגע האָט געהאַט אַ קאָמפּאַקטע ייִדישע באַפעלקערונג, מע האָט זיך געקענט דערלויבן...

פּראָגע האָט צו יענער צייט אין גרויסן טייל געהערט צום ייִדישן פּרנס, שמואל זביטקאָווער. איין טייל פון דער דאָזיקער פאָרשטאָט טראָגט נאָך ביז היינט זיין נאָמען: שמולעוויזנע. מע וועט עס אפשר מיט דער צייט ענדערן, אפשר אַ נאָמען געבן נאָך לעניגען אָדער מאַרקסן. פאַרן געוויינלעכן פּראָגער איינוווינער וועט עס נאָך לאַנג־לאַנג הייסן שמולעוויזנע.

ער איז געווען פון די געציילטע נגידים אין זיין צייט, דער דאָזיקער שמואל זביטקאָווער, דער צושטעלער, דער פּראָוויאַנט־באַזאָרגער פאַר דער צאַרישער אַרמיי. ער האָט אַפילו צייטווייליק מיט דער צאַרישער אַרמיי פאַרלאָזט וואַרשע — אַ באַווייז, אַז ניט אַלע ייִדן האָבן געקעמפט קעגן דער דאָזיקער אַרמיי. אָבער, ווי באַקאַנט, ווען עס האַנדלט זיך אין שעכטן ייִדן, מאַכן קאָזאַקן ניט קיין חשבונות...

אין יענע גרויזאַמע טעג פאַר די ייִדן אין פּראָגע האָט שמואל זביטקאָ־ווער אוועקגעשטעלט ביי זיך צוויי זעק: איין זאַק מיט גאָלדענע רובל און איין זאַק מיט זילבערנע. פאַר יעדן לעבעדיקן ייִד, וועלכן אַ קאָזאַק האָט געבראַכט, האָט ער באַקומען אַ גאָלדענעם רובל, פאַר יעדן טויטן — מע זאָל אים קענען ברענגען צו קבורת ישׂראל — אַ זילבערנעם. שמואל זביטקאָווער האָט אַזוי אַרום ניט ווייניק אומגעקומענע ייִדן געקענט ברענגען צו קבר ישׂראל. הונדערטער ייִדן האָט ער געראַטעוועט דאָס לעבן.

שמואל זביטקאָווערס זון, בערעק, האָט געצויגן דעם גאָלדענעם פאָדעם פון זיין רייכן טאַטן, געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע נגידים, כּלל־טוער פון וואַרשע. מיט דער צייט איז זיין נאָמען פאַרשוווּנדן. געבליבן פון דער פאַמיליע איז דער נאָמען שמולעוויזנע, וועלכן עס טראָגט די געגנט אין פּראָגע.

ס'איז אויך געבליבן אַ זכרון פון זיין זון בערעק, וועמענס אייניקל, אין ווייטן פראַנקרייך, האָט שוין געהייסן... אַנרי בערגסאָן, דער פּראָפעסאָר אַנרי בערגסאָן.

דאָ, אויף די ברעגן פון דער ווייסל, איז אין 1920 אויפגעהאַלטן גע־וואָרן די רויטע אַרמיי אין איר מאַרש אויף וואַרשע. עס איז געשען ווי מען האָט עס גערופן „דער נס ביי דער ווייסל" — אָבער קיין נס איז דאָ ניט געשען. דער הימל האָט זיך ניט געשפּאָלטן, קיין מלאך מיט אַ שווערד אין האַנט האָט דאָ ניט אַראָפּגעגנידערט. דאָס האָט דער פראַנצייזישער גענעראַל וויגאַן, מיט פראַנקרייכס הילף, אָפּגעהאַלטן די אויסגעהונגערטע, באַרוועסע, רויטע אַרמיי, נאָך איר לאַנגן מאַרש און זי צוריקגעטריבן צוריק, מיזרח־צו.

ערגעץ אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אויף דער סאַהאַרע אין דזשעלפּא, אין אַפריקע, איז קאַבאַש, דער קאָמענדאַנט פון אונדזער לאַגער, געשטאַנען פאַר אונדזערע רייען און אין אַ געבראָכענעם פּויליש קאָמאַנדירט:

— ייִדן און קאָמוניסטן, אַרויסטרעטן!

ער איז געווען איינער פון וויגאַנס אָפיצירן...

עס פליִען געדאַנקען, און אָט שטיי איך שוין ביי דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק. לאָמיך אַ קוק טאָן אויף דער צעשטערטער קערבעדזש־בריק, וועלכע זעט זיך אַ ביסל ווייטער אויף לינקס. אין מיטן פון דער דאָזיקער בריק האָט פּילסודסקי אויפגעהאַלטן זיינע מיליטערישע איינהייטן, בעת זיין מאַרש אויף וואַרשע אין מײַ 1926 און אַרויסגעשיקט זיין אולטימאַטום, מע זאָל אים איבערגעבן די מאַכט. ער האָט זי באַקומען און געהאַלטן ביז זיין טויט, אין 1935. זיינע יורשים — בעק, רידז־שמיגלי — האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מאַכט קוים 4 יאָר, ביז די ערשטע קלעפּ פון די היטלער־האָרדעס, אין 1939.

דורך דער ווייסל ציִען שווערע מאַטאָרשיפן, פישערשיפן — אירע וואַסערן קענען אַ סך פאַרטראָגן. אויך די געשיכטע האָט אויף זיי ניט ווייניק אָנגעלאָדן...

די ווייסל איז חדשים לאַנג געווען אַן אויפהאַלט־פּונקט פאַר דער סאָוועטישער אַרמיי. אַן אויפהאַלט אַ סטראַטעגישער? אַ טאַקטישער? צי גאָר אַ פּאָליטישער?

ווען דער פּוילישער אונטערגרונט האָט פון דער לאָנדאָנער רעגירונג, אינעם מאָמענט ווען די היטלער־אַרמייען האָבן שווער געבלוטיקט אויפן סאָוועטישן און אויפן מערב־פראָנט, באַקומען דעם באַפעל אָנצוהייבן דעם

באַוואָפנטן קאַמף קעגן היטלעריסטישן אָקופּאַנט, זענען די סאָוועטישע איינהייטן געשטאַנען פון דער צווייטער זייט ווייסל און מיט זייערע לאַרנע־טעס אָבסערווירט ווי וואַרשע ברענט און קעמפט. עס וואָלט ניט געווען פון די שווערע זאַכן פאַר דער סאָוועטישער אַרמיי פאַרויסצומאַרשירן דעמאָלט אויף אַ פיינט וועלכער איז, אַ בלוטיק פאַרוווּנדיקטער, אָנגעגריפן געוואָרן דורך די פאַרצווייפלטע, געוואַגטע וואַרשעווער איינוווינער. אָבער סטאַלין האָט זיך ניט געאײַלט. דער אויפשטאַנד האָט באַוויזן די קראַפט פון די היימישע כּוחות, פאַרבונדענע מיט דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. סטאַלין האט געהאַט זיינע פּלענער — פאַר אַ פוילן אונטער זיין איינפלוס. ער האָט שוין געהאַט פאַר דעם צוועק אויפגעשטעלט אַ געהעריקע רעגירונג, אין לובלין. ער האָט ניט געהאַט בדעה צו העלפן די קעגנערישע כּוחות, געשטיצטע דורך לאָנדאָן. איבערגעלאָזן אויף זיך אַליין — האָבן די פוילישע אונטערערד־כּוחות ניט געקענט פאַרמעסטן זיך מיטן היטלעריסטישן שׂונא, ווי אָפּגעשוואַכט ער זאָל ניט האָבן געווען. די אויפשטענדלער האָבן שווער געבלוטיקט. די פוילישע היימישע סטאַציעס, די אויסלענדישע, האָבן גע־הילכט, גערופן צו הילף, געשיקט סיגנאַלן דורך קוריערן, וועלכע זענען אַריבערגעשווומען די ווייסל. מאָסקווע האָט זיך געהאַלטן ביי איר באַשלוס — אירע אַרמייען האָבן זיך ניט גערירט. די אויפשטענדלערס זענען אויס־געראָטן געוואָרן קוואַרטאַל נאָך קוואַרטאַל. די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך ניט גערירט. מאָסקווע איז פעסט געשטאַנען ביי איר באַשלוס — ניט דער־לאָזן אַז די פוילישע, מיט לאָנדאָן פאַרבונדענע איינהייטן, זאָלן דעראָבערן דעם באַסטיאָן וואַרשע.

אויף דער צווייטער זייט ווייסל איז אין שפּיץ פון מעכטיקע סאָוועטישע איינהייטן געשטאַנען דער מאַרשאַל קאָנסטאַנטין ראָקאָסאָווסקי, אַ זון פון פוילישן פאָלק, פון וואַרשע, וועלכער איז צו זיינע 8 יאָר פאַרשיקט געוואָרן מיט זיין פאָטער קיין סיביר. ווי דער סולטאַן, האָט דער צאַר דערצויגן די קינדער פון זיינע געפאַנגענע צו געשולטע, איבערגעגעבענע יאַנטשאַרן. קאָנסטאַנטין, וועלכער איז אויסגעוואַקסן פאַר אַ פעיִקן מיליטער־מאַן איז געווען געטריי זיין רוסישן האַר. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער אַרמיי און איז דאָרט ווייטער אויסגע־

וואַקסן צו איינעם פון אירע אָנגעזעענע שלאַכטלייט. אין 1937, ווען טוכאַטשעווסקי, יאַקיר, גאַמאַרניק און פיל אַנדערע זענען דורך סטאַלינען דערמאָרדעט געוואָרן, האָט ער געהאַט דאָס מזל בלויז פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר. די מפּלות אויף די פראָנטן, אונטער די ערשטע קלעפּ פון דער היטלער־אַרמיי, האָבן געצוווּנגען סטאַלינען צו זוכן מיליטערישע כּוחות אין די ווייטע סיבירער לאַגערן. ראָקאָסאָווסקי איז דעמאָלט צוריקגענומען געוואָרן אין דער אַרמיי, באַקומען אַ קאָמאַנדירנדיקע שטעלונג — דער באַפעל־האָבער איבער דער מערב־ווייסרוסישער אַרמיי. איצט איז ער גע־שטאַנען אויף די ברעגן פון דער ווייסל. זיין פאָלק, זיין וואַרשע, איז געשטאַנען אין קאַמף, אין פלאַמען, אָבער דער פּאָליטישער אינטערעס פון זיין האַר, סטאַלין, איז געשטאַנען איבער אַלץ — ער איז אים געבליבן געטריי אָן צו וואַקלען זיך. ער האָט זיך ניט גערירט און קיין שום טייל אונטער זיין באַפעל האָט זיך ניט גערירט! געווען צווישן זיי פּוילישע מיליטערישע טיילן, וועלכע זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָך דעם ווי די אַנדערס־איינהייטן האָבן, דורך פּערסיע, פאַר־לאָזט דאָס לאַנד און זיך אָנגעשלאָסן אין די מערב־אַרמייען. די כּוחות פונעם „פאַרבאַנד פון די פּוילישע פּאַטריאָטן" — אויך זיי האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט. עטלעכע פּרווון פון גענעראַל בערלינג זענען שנעל „ליקווידירט" געוואָרן. דער סאָוועטישער אינטערעס האָט געדאַרפט די מפּלה פון די פּוילישע לאָנדאָן־איינהייטן!

צוויי הונדערט טויזנט קרבנות האָט באַצאָלט די וואַרשעווער באַפעלקע־רונג פאַר דעם קאַלטן פּאָליטיש־סטראַטעגישן מאָסקווער חשבון. אָבער מלוכה־אינטערעסן האָבן זיך קיין מאָל ניט גערעכנט מיטן פּרייז פון מענטשלעכע לעבנס.

ניט בלויז דאָס מאָל. זייט הונדערטער יאָרן גייט אָן דער קאַמף צווישן פּוילן און רוסלאַנד. טייכן בלוט זענען פאַרגאָסן געוואָרן און געקרעפּטיקט דעם האַס צווישן ביידע פעלקער. אינעם באַזיגטן פּוילן האָט דער צאַר, האָט מאָסקווע געשיקט אירע ערגסטע סאַטראַפּן. „מאָסקאַל" — דאָס איז דאָס שווערסטע באַליידיקונג־וואָרט וואָס אַ פּאָליאַק קען באַנוצן קעגן אַ רוס. צום היסטאָרישן אַנטירוסישן האַס איז צוגעקומען אַ נייַ בלעטל: „זיי

זענען געשטאַנען מיטן געווער ביי די פיס, אַריבערגעקוקט פון יענער זייט ווייסל — וואַרשע האָט געברענט אין פייער פון קאַמף — און זיי האָבן ניט געהאָלפן".

ווען די רויטע אַרמיי איז שוין נאָך וואַרשעס פאַרניכטונג, אין איר קאַמף קעגן דייטשלאַנד, אַריבער די ווייסל, אויף איר וועג קיין בערלין, און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן די פוילישע פאָלקס־רעפובליק, האָט מען אויף שריט און טריט גענומען אונטערשטרייכן די פויליש־סאָוועטישע פריינדשאַפט. ס'זענען איבער דער ווייסל אויפגעשטעלט געוואָרן פאַרשידע־נע בריקן, אָבער די בריק פון פריינדשאַפט צווישן רוסישן און פוילישן פאָלק, וועלכע האָט אַזוי געפעלט אין יענע טעג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד, איז נאָך אַלץ ניט אויפגעבויט געוואָרן.

מיר גייען צוריק. אָט הייבט זיך אָן די נייע־וועלט־גאַס. אַ מאָל איז עס געווען דער צענטער פון דער וואַרשעווער עלעגאַנץ. זי זעט איצט אָרעם אויס פון אַ זייטיקן בליק. כ'וועל אָפילו ניט פרווון זוכן די שפורן פון איר פאַרגאַנגענהייט.

כ'וועל שוין היינט מער ניט מאַכן קיין שפּאַצירן. מיין קורצער שפּאַציר אין דער נאָענט און אין דער ווייט וועט מיר גענוגן. כ'וועל זיך צוגרייטן צום מאָרגנדיקן טאָג, צו מיין ערשטער באַגעגעניש, פאַרבונדן מיט מיין אַרבעט און לעבן אין פוילן, אין וואַרשע.

## צו דער באַשטימונג

ס׳איז מיר אָנגעגעבן געוואָרן אַן אַדרעס, אַ שעה, ווו כ׳האָב זיך באַדאַרפט שטעלן. בין איך דאָרט אַוועק. כ׳האָב זיך געפונען פאַר אַ רייע נידעריקע בנינים פאַר וועלכע עס איז געשטאַנען אַ מיליטערישע וואַך. עס איז געווען קאַשיקאָווע 79, דאָס זיצאָרט פון דער צווייטער אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי — ניט מער און ניט ווייניקער. ס׳וואָלט מיר אַ מאָל אַפילו ניט געקומען אויפן געדאַנק דאָ אַהערצוקומען, אָבער כ׳בין דאָ. כ׳גיי זיך מעלדן צום שעף פון דער צווייטער אָפּטיילונג. כ׳בין שטיין געבליבן פאַרן אַריינגאַנג צו אים. ס׳איז אַ ברייט פאָרצימער. סעקרעטאַרשעס, דאַקטילאָגראַפינס זיצן, מיטן קאָפּ געבידערט, איבער זייער אַרבעט, שרייבמאַשינעס. אָט דערשיינט פאַר מיר דעם גענעראַלס אַדיוטאַנט. ער דאַרף מיך אַריינפירן, פאָרשטעלן.

מיר זענען אַריין אין גענעראַלס צימער. עס איז געווען אַ גרויס צימער. אַ גרויסער טיש מיט שטולן איז געשטאַנען אין דער זייט — אַוודאי פאַר באַראַטונגען. דער גענעראַל איז געזעסן ווייטער אַרויף, ביי זיין טיש. מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט.

אונדזער שמועס איז געווען אַ קורצער, אַ פריינטלעכער, אַ זאַכלעכער. נאָך די ערשטע העפלעכע ווערטער, ווי די רייזע איז אַדורך, ווי כ׳פיל זיך, ווי מיין פרוי פילט זיך, האָט ער מיר גלייך איבערגעגעבן אַז כ׳וועל אַרבעטן אין דער ענגלישער אָפּטיילונג פון שטודיע־ביוראָ פון דער צווייטער אָפּ־טיילונג פון גענעראַל־שטאַב. דאָס איז שוין אַוודאי באַשטימט געוואָרן פון פאָרויס, נעמענדיק אין באַטראַכט מיין פאַרטיידישע פאַרגאַנגענהייט, מיינע יאָרן אין שפּאַניע, שפּראַכן־קענטעניש.

דער גענעראַל איז געווען מיין חבר פון שפּאַניע, וואַצלאַוו קאָמאַר, פאַר אונדז קורץ : וואַצעק.

# בלית ברירה

כ׳וואָלט דאָ באַדאַרפט פּאַראַפראַזירן פון ספר בראשית: „והארץ היתה תוהו ובוהו — און דאָס לאַנד איז געווען פוסט און וויסט..." ווען די ערשטע סאָוועטישע איינהייטן האָבן זיך אַריינגעריסן קיין וואַרשע. עס איז ניט געווען קיין לייכטע אָפּעראַציע. וועגן דעם זאָגט עדות דאָס גרויסע סאָוועטישע בית־עולם ביי די טויערן פון וואַרשע. די שטאָט איז געווען צעשטערט און וויסט, פאַרלייגט מיט חורבות. מע האָט זיך געניייטיקט אין אַלטע וואַרשעווער איינוווינערס, כּדי צו געפינען אַ וועג דורך זיי.

פינף יאָר היטלעריסטישע אָקופּאַציע האָבן מיט זיך געבראַנגט ניט נאָר יידישע, נאָר אויך פּוילישע נאַציאָנאַלע־קולטורעלע פאַרוויסטונג. פּאָליאַקן — אַנטיסעמיטן האָבן געזען בלויז, און מיט פרייד באַגריסט, די היטלעריסטישע יידן־אויסראָטונג. ווען דאָס וואַרשעווער געטאָ האָט געברענט, זענען געווען פּאָליאַקן, וועלכע האָבן מיט פידל און טראָמייט געשפּילט, געפרייט זיך וואָס די דייטשן פאַרניכטן סוף כל סוף די יידן. זיי האָבן ניט געוואָלט זען, אַז נאָך פאַרן פאַרניכטן דאָס געטאָ, האָבן די דייטשן אויסגעפירט מאַסן־עקזעקוציעס איבער פּאָליאַקן. אַפילו אויפן קורצן דויער האָבן די דייטשן ניט געוואָלט די פּאָליאַקן פאַר מיטאַרבעטער. אין פּוילן האָט מען זיך ניט געריימט, אַז פּוילן האָט ניט אַרויסגעגעבן קיין דעגרעל, קיין מוסערט, קיין קוויסלינג. עס איז געווען צוליב דער פּשוטער סיבה: די דייטשן האָבן אַזעלכע ניט געוואָלט. פּוילן איז פאַר די דייטשן ניט געווען בעלגיע, האָלאַנד צי נאָרוועגיע. פּוילן האָט געדאַרפט פאַרשווינדן ווי אַ לאַנד, ווי אַ נאַציאָנאַלע איינהייט, און אונטער פאַרשידענע ראַיאָן־נעמען, ווי וואַרטעגאַו, גענעראַל־גוווערנעמענט, הוצולן־לאַנד א״אַ, איינגעשלאָסן ווערן אין גרויסן דייטש־לאַנד. דאָס פאָלק? דאָס פאָלק, אויסער דער פאַרגעזעענער צאָל נייטיקע אַרבעטס־שקלאַפן, האָט געדאַרפט פיזיש פאַרניכטעט ווערן. גרויסע פּערזענ־לעכקייטן פון דער פּוילישער וויסנשאַפט, ליטעראַטור, קונסט, טעאַטער,

ספּאָרט זענען דורך די היטלעריסטן אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן — אין די לאַגערן, אויף די עקן פון די גאַסן. קוסאַטשינסקי, דער וויט־דיסטאַנץ־לויפער, דער אָלימפּישער זיגער, איז דערשאָסן געוואָרן אין אַ מאַסן־עקזעקוציע. דער באַרימטער איבערזעצער, ליטעראַטור־קריטיקער, שרייבער, דענקער, טעאַטראַל, באָי־זשעלענסקי, איז דורך די דייטשן פאַרקאָפּעט געוואָרן איבער די אַקסלען אין דער ערד, און זיין קאָפּ האָבן זיי מיט זייערע שטיוול צעטראָטן, ביז צום טויט.

אין די צוזאַמענשטויסן מיט די דייטשע כּוחות אין דער אונטערערד, אין די וועלדער, זענען אויך די פּוילישע לינקע כּוחות ניט ווייניק דורכגע־דראָשן געוואָרן און די פּוילישע רעכטע קרייזן האָבן דערצו ניט ווייניק מיטגעהאָלפן. אויך סטאַלין איז לײַדיק ניט געזעסן. מיט אַן אײַזערנער האַנט האָט ער אויסגעראָטן די פירנדיקע קאַדרען פון דער פּוילישער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין שפּיץ מיט לענסקי, וואַרסקי, קאָסטזשעווא, אַמסטערדאַם, רוואַל און זייערע חברים. שוין אָפּגערעדט פון די צען טויזנט פּוילישע העכערע אָפיצערן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט, צוריקציִענדיק זיך אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, און זיי זענען ליקווידירט געוואָרן אין קאַטין. יעדער האָט זיך זיין חשבון!

ווען די פּוילישע לאָנדאָן־רעגירונג האָט, לסוף, מיט סטאַלינס הסכּמה, געשאַפן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד די אַנדערס־אַרמיי, איז זי געווען צוזאַמענ־געשטעלט, לרוב, פון רעכטע עלעמענטן. די ראַסן־רײנקייט איז געווען שטרענג אָפּגעהיט. ייִדן האָט מען דאָרט כּמעט ניט צוגעלאָזט. „עס וועט דאָ ניט זיין קיין האַנדל, קיין שאַכער־מאַכער!" — האָט מען מיט חוזק באַגעגנט די ייִדן, וועלכע זענען געקומען זיך אַנשליסן אין דער דאָזיקער אַרמיי. מע האָט זיך ניט זשענירט אַפילו צו באַנוצן, ווען אין צווייפל, דעם נאַצישן מעטאָד — מע האָט געדאַרפט אַראָפּלאָזן די הויזן אויף קאָנטראָל... יאָ, יאָ, אויף דער סאָוועטישער ערד, און דאָס ניט איין מאָל, אין דער אָנוועזנהייט פון ק.ג.ב.

ווען די אַנדערס־אַרמיי איז דורך פּערסיע אַוועק אויפן מערב־פראָנט, איז מען, מיט סטאַלינס ברכה, צוגעטראָטן צו שאַפן די אַזוי גערופענע „צווייטע פּוילישע אַרמיי" — די אַרמיי געשטיצט דורכן „פאַרבאַנד פון די

פוילישע פּאַטריאָטן", אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל זיגמונט בערלינג. אין שפּיץ פון איר פּאָליטישער לייטונג איז געשטאַנען די שרייבערין וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ, די טאָכטער פון באַקאַנטן פוילישן לינקן סאָציאַליסט, לעאָן וואַשילעווסקי.

דער רוב מנין פון דער דאָזיקער אַרמיי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון פוילישע בירגער, וועמען דער קאָמוניזם, דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען פרעמד און פײַנטלעך. די דאָזיקע אַרמיי, געהייליקט דורך גלחים מיטן קרייץ אין האַנט, האָט אָפּגעגעבן איר שבועה שטייענדיק אויף די קני, מיטן אַראָפּגענומענעם מיליטער־היטל, מיט דער אויפגעהויבענער רעכטער האַנט, מיט אויסגעשטרעקטע צוויי פינגער: „פאַר גאָט און פאָטער־לאַנד".

דאָס זאַלץ פון אירע אײַנהייטן זענען אָבער געווען ייִדן, קאָמוניסטן, די ווייניק געבליבענע מיטגלידער פון דער געוועזענער פוילישער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי (ק.פּ.פּ.), צווישן זיי — אַ גרויסער קאָנטינגענט געוועזענע שפּאַניע־קעמפער, וועלכע זענען נאָכן לאַנדן פון די אַלייִרטע כּוחות אין צפון־אַפריקע, באַפרייט געוואָרן פון די לאַגערן, און דורך עגיפּטן, פּאַלע־סטינע, סיריע, איראַן געבראַכט געוואָרן קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. זיי האָבן געקעמפט און שווער געבלוטיקט. ניט ווייניק פון זיי זענען געבליבן אויף די שלאַכטפעלדער פון לענינאָ ביז וואַרשע.

ווען די סאָוועטישע אײַנהייטן זענען אַרײַן קיין וואַרשע, איז פון די אַנהענגער פון דער פוילישער לאָנדאָן־רעגירונג, צעריבן אין די מלחמה־יאָרן, אין וואַרשעווער אויפשטאַנד, אויף דער עמיגראַציע, ניט קיין סך גע־בליבן. פון די לינקע עלעמענטן — נאָך זייער פאַרניכטונג דורך סטאַלינען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, נאָך זייער אומקום אין די, מלחמה־יאָרן — איז אויך קיין סך ניט געבליבן.

די ביים לעבן געבליבענע רעכטע עלעמענטן האָבן אין פוילן, באַפרייט דורך דער סאָוועטישער מאַכט — קיין אָרט ניט געהאַט. ניט ווייניק פון זיי זענען ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַרעסטירט, פאַרשיקט געוואָרן. די פוילישע לאָנדאָן־רעגירונג און אירע מענטשן אין פוילן האָבן סטאַלינען געשטערט.

און דאָך זענען די ערשטע טעג פון פוילנס באַפרייונג געווען אַן אַפּאָ־טעאָז פון דאַנק פון פוילישן פאָלק לגבי דער סאָוועטישער אַרמיי — אַ דאַנק איר האָט דאָס פוילישע פאָלק פריי אָפּגעאָטעמט נאָך פינף יאָר היטלעריסטישן קאָשמאַר.

— ווען דו וואָלסט געזען — האָט מען מיר ניט איין מאָל געזאָגט — מיט וועלכע וואַרעמקייט און פרייד מען האָט דאָ אויפגענומען די סאָוועטישע איינהייטן!

דאָס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. די דורות־אַלטע שנאה צום רוס איז צוריקגעקומען. די סאָוועטישע איינהייטן האָבן דאָך אויפן שפּיץ פון זייערע באַגנעטן געטראָגן זייערע אייגענע צילן ניט אידענטישע מיט די פון פוילישן פאָלק. פונעם סאָוועטישן סאָלדאַט האָט זיך גאַר גיך אַרויסגעשיילט דער רוס — דער פון היסטאָרישע צייטן געהאַסטער מאָסקאַל — און אַרום אים איז געוואָרן ליידיק און פּוסט.

די באַוואָפנטע און האַלב־באַוואָפנטע רעכטע עלעמענטן אין פוילן האָבן פון זיך שנעל געלאָזט הערן. געווען פאַלן ווען סאָוועטישע איינהייטן זענען באַשאָסן געוואָרן, פאַרבייפאַרנדיק אַ פוילישע אָרטשאַפט. ניט לאַנג דערנאָך זענען אָנגעקומען ספּעציעלע סאָוועטישע איינהייטן, די הייזער געלאָזט מיטן רויך, די איינוווינערס אַרויסגעזעצט אויף לאַסטוואַגנס, און אָוועקגעפירט קיין סיביר — סיביר איז גרויס, נעמט אין זיך אַריין אַ סך...

שיסערייען אויף סאָוועטישע סאָלדאַטן, און די וועלכע האָבן מיט זיי מיטגעקעמפט, זענען ניט געווען קיין זעלטנקייט. ניט איין מאָל האָבן די דאָזיקע רעכטע עלעמענטן באַהערשט אַ גאַנצן צוג, געהרגעט אויפן אָרט די אָנגעטראָפענע ייִדן — דאָס דאַרף מען טאָן אויף יעדן פאַל — און די פּאָליאַקן פון די פויליש־סאָוועטישע טיילן — „וואַנדזיאַק" האָבן זיי גערופן אַזאַ סאָלדאַט, לויטן נאָמען פון וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ, וועלכע איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אַרמיי.

די אַקציעס פון די דאָזיקע פוילישע רעכטע עלעמענטן האָבן לאַנג אָנגעהאַלטן און ספּעציעל קעגן די ייִדן — און אין דעם זענען זיי ניט געווען איזאָלירט. קעגן ייִד האָט מען זיך אין פוילן קיין מאָל ניט געניירטיקט אין

אַ רעכטפּאַרטיקונג, און אויך ניט קעגן דעם רוס, דעם מאָסקאַל, וועלכער איז געקומען ניט צו באַפרייען פּוילן, נאָר אָפּנעמען עס פון אָקופּאַנט, עס איבערצונעמען פאַר זיינע צוועקן. אויף די רוּינען פון קאַפּיטאַליסטישן פּוילן האָט סטאַלין געוואָלט אויפשטעלן אַ קאָמוניסטיש פּוילן און צו דעם איז פּוילן ניט גרייט געווען, צו דעם האָט דאָס פּוילישע פאָלק ניט געוואָלט צולייגן קיין האַנט.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר יאָר ביז דער האַס, ביז די דאָזיקע אַקציעס זענען באַהערשט און איינגעשטילט געוואָרן. ניט ווייניק קרבנות האָט פאַר־שלונגען דער קאַמף קעגן די אַנטי־סאָוועטישע אוקראַיִנישע באַנדעס אויפן דרום־מיזרח־טייל פון פּוילן און קעגן די פּוילישע רעכטע נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כּוחות אין האַרץ פון פּוילן, כאָטש אַ סך האָבן דערוועגן געוואָלט שנעל פאַרגעסן.

ס'דערמאָנט זיך מיר ווי אַ פּוילישער אָפיציר, פּאָליטיש גאָר אויף דער הויך, האָט אין אָפיצירן־קלוב געקאָכט און געזידט:

— אַ רעוואָלוציע מיט ביפשטיק, זאָגן זיי!

יאָ, ניט איין מאָל האָט ווער, ספּעציעל פון דער ייִדישער חברה, אַרויסגע־זאָגט אַזאַ מיינונג וועגן דער סאָציאַלער ענדערונג אין פּוילן. געמיינט האָבן זיי צו זאָגן: דאָס פּוילישע פאָלק האָט באַקומען די רעוואָלוציע פון די הענט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, פון דער סאָוועטישער אַרמיי, גרייט, צוגעטראָגן אויף אַ טעלער, מיט אַ ביפשטיק ביי דער זייט. דאָס וואָרט „זאָגן זיי" האָט אויסדריקלעך געטייטלט אויף די ייִדן, ווייל וועמען קען עס איינפאַלן צו באַשולדיקן די פּאָליאַקן אַז זיי האָבן ניט געקעמפט פאַר דער רעוואָלוציע?... ווער די „זיי" זענען, האָט ער ניט געזאָגט. קעגן ייִדן האָט מען ניט געקענט אָפן אַרויסטרעטן, עס וואָלט ניט געלוינט, עס וואָלט געהאַט אַן אַנטיסע־מיטישן בייגעשמאַק, און דאָס וואָלט געווען געפערלעך! און... „זיי" האָבן עס טאַקע געזאָגט.

„זיי" האָבן גוט געדענקט ווי עס האָט אויסגעזען אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און פאַרמלחמה־פּוילן. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז דעמאָלט, אין איר איבערוויגנדיקער מערהייט, באַשטאַנען פון ייִדן. בלויז דאָ און דאָרט האָט מען אין אירע רייען געטראָפן אַ פּאָליאַק. די

פּאָליאַקן האָבן זיך ניט געניייטיקט אין נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפֿרייונג ווי די ייִדן, וועלכע האָבן אינעם קאָמוניזם געזען זייער גואל צדק.

אין די אָקופּאַציע־יאָרן, ווען עס האָבן זיך געשאַפֿן באַוואָפֿנטע גרופּעס, זענען עס געווען נאַציאָנאַליסטישע גרופּעס מיט אַן אויסדריקלעכן אַנטי־קאָמוניסטישן, אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. געשאַפֿן קעגן דייטשישן אָקו־פּאַנט, זענען זיי קודם כל געווענדט געוואָרן קעגן ייִדן, קעגן רוסן, און ערשט גאָר־גאָר צום לעצט — קעגן דייטש — אויב מע וועט ניט געפֿינען מיט אים קיין געמיינזאַמע שפּראַך.

צו די לינקע ווידערשטאַנד־גרופּעס — די „פֿאָלקס־גוואַרדיע", די „פּויערים־באַטאַליאָנען" — וועלכע זענען מיט דער צייט אַנטשטאַנען, האָבן זיך די רעכטע, נאַציאָנאַלע איינהייטן באַצויגן ווי צום פּראָסטן פֿאָלק, מיט זייער אַלטן ביטול און שׂינאה. די לינקע און די רעכטע, כאָטש זיי האָבן איצט ביידע געקעמפֿט קעגן דייטשישן אָקופּאַנט, איז ניט פֿרעמד געווען דער נאַטירלעכער האַס קעגן ייִד...

ווען ס'האָבן זיך אין די וועלדער אויך געשאַפֿן ייִדישע קאַמפֿס־איינהייטן, האָבן זיי זיך געמוזט גוט היטן פֿאַר די פּוילישע איינהייטן פֿון יעדער שאַטירונג, וועלכע האָבן זיי, ניט ביי איין געלע־גנהייט, געמאָרדעט, מיטן ציל אַוועקצונעמען ביי זיי דאָס געווער, בלוטיק דעראָבערט פֿונעם אָקופּאַנט און... ווייל זיי זענען ייִדן. ניט די רעכטע, ניט די לינקע האָבן אין דעם פּרט געהאַט ריינע הענט.

ניט זעלטן האָבן זיך די פֿאַרשיידענע פּוילישע איינהייטן קעגנזייטיק באַשאָסן, צום פֿאַרגעניגן פֿון דייטשישן אָקופּאַנט.

איצט האָט מען וועגן דעם אַלעם פֿאַרגעסן, מע האָט זיך בלויז דערמאָנט די רומרייכע טעג פֿון קאַמף קעגן דייטשישן אָקופּאַנט. זייער ווייניק איז איצט געבליבן פֿון די „פּויערים־באַטאַליאָנען" און „פֿאָלקס־גוואַרדיע". די אַנדערע, די רעכטע איינהייטן, האָבן זיך אויפֿגעלייזט, צעשיט, זיך צעגאַנגען צווישן פֿאָלק, איבערן לאַנד.

די געציילטע פּוילישע קאָמוניסטן פֿון די אַלטע צייטן, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן, זענען איצט, נאָך פּוילנס באַפֿרייונג, אַרויפֿגעשרויפֿט געוואָרן אויף די העכסטע פּאָסטנס, אָבער עס זענען געבליבן ניט ווייניק

פאָסטנס צו באַזעצן, אויבן, אין דער מיט, אונטן, און דאָס פוילישע פאָלק האָט זיך ניט געאײַלט. די פון פוילישן פאָלק, וועלכע וואָלטן יאָ געוואָלט, האָבן די רוסן זיך ניט געאײַלט זיי אויפצונעמען.

שוין אין שפּאַניע האָבן די רוסישע יועצים — די סאָוועטניקעס, ווי מע האָט זיי גערופן — תּמיד געהאַט פאַר איבערזעצערס ייִדישע יינגלעך פון פוילן, וועלכע האָבן קוים געקענט רוסיש. זיי האָבן איבערגעזעצט, ווי זיי האָבן געזאָגט: „ז' פאָלסקאָוואָ נאַ נאַשע", אָבער מע האָט קיין מאָל ניט געטראָפן אַ פוילישן חברה־מאַן ווי אַן איבערזעצער.

— כ'האָס דעם פּאָליאַטשאַק — האָט זיך איין מאָל פאַרטרויט אַזאַ סאָוועטניק — כ'געדענק נאָך פון פויליש־סאָוועטישן קריג, אין 1920, ווי די פאָליאַקן האָבן געברענט געפאַנגענע פון דער רויטער אַרמיי.

די שׂינאה איז געווען אַ קעגנזייטיקע. זי האָט זיך געצויגן דורות לאַנג. קאָמוניזם, אינטערנאַציאָנאַליזם און אַלע אַנדערע שיינע ווערטער האָבן ניט באַוויזן אָפּצושאַפן די נאַציאָנאַלע באַריערן. די פיינטשאַפט איז פאַר־בליבן.

ניט געווען געננוג פאָליאַקן, מיט וועלכע מע וואָלט זיך געקענט באַנוצן און מע האָט זיך אַזוי גענייטיקט אין זיי. האָט זיך איבערגעחזרט די אַלטע שפּיל. לעניין האָט אין זיין רעגירונג אויך געהאַט גרוזינער, פאָליאַקן, ייִדן, און זייער ווייניק רוסן.

אין פוילן האָט מען אַוועקגעזעצט, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, פאָליאַקן, און ווען ס'האָט ניט געסטייַעט, האָט מען בלית־ברירה אַוועקגעזעצט ייִדן, קאָמוניסטן, וועלכע האָבן אין דער נייער, אַנטשטייענדיקער פאָלקס־מאַכט אין פוילן, געזען דעם וועג צו זייער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג. מע האָט זיי אַוועקגעזעצט אומעטום, אָבער צום ליבסטן אויף ערטער ווו זיי האָבן ניט געריסן די אויגן. מע האָט זיי אַ ביסל גרימירט, צוגעשמירט, געענדערט, ווו מע האָט געדאַרפט, דעם נאָמען, און אַפילו אַוועקגעקוקט ווען זייערע קוואַליפיקאַציעס האָבן ניט געגרייכט צו זייער אויפגאַבע. און אַזוי האָט מען זיי געפונען אויף זייער וויכטיקע ערטער — אין שפּיץ פון ראַדיאָ, פרעסע, פאַרלאַג־וועזן, קולטור־פּאָזיציעס, פאַרטיי־ענייִנים און ניט ווייניק ווירטשאַפט־צווייגן. ניט ווייניק פון זיי האָט מען

אין אָנהייב געפֿונען אין די זיכערהייט־אָרגאַנען און אין די פֿאַרשידענע דינסטן פֿון דער אַרמיי. אויפֿן העכסטן פּאָסטן פֿון דער פּוילישער אַרמיי, האָט מען נאָך אַ פּאָר יאָר, געפֿונען דעם פּאַסיקן קאַנדידאַט, דעם מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי. ער האָט שוין לאַנג פֿאַרגעסן זיין פּויליש און פּוילישקייט, אָבער ער האָט געשטאַמט פֿון וואַרשע. וואָס האָט מען באַדאַרפֿט בעסער? די אַנטי־סאָוועטישע קרייזן האָבן דעמאָלט די באַמינירונג פֿון ראָקאָסאָווסקין דערקלערט אויף אַ פּשוטן אופֿן: אַנשטאָט אַנטאָן די גאַנצע פּוילישע אַרמיי אין סאָוועטישע מונדירן האָבן זיי אָנגעטאָן איין סאָוועטישן מאַרשאַל אין אַ פּוילישן מונדיר.

טאַקע אין יענע אומשטענדן איז ווי דער שעף פֿון צווייטן ביוראָ פֿון גענעראַל־שטאַב פֿון די פּוילישע באַוואָפֿנטע כּוחות אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן גענעראַל וואַצלאַוו קאָמאַר.

# גענעראַל וואַצעק קאָמאַר

וואַצעק קאָמאַר איז געווען אַ פּראָסטער, פּשוטער חברה־מאַן, אַן אַלטער אַקטיווויסט פון דער קאָמוניסטישער יוגנט, דערנאָך פון דער ק.פּ.פּ. אין דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט ער מיטגעמאַכט אַלע אינערלעכע קאַמפן. צו די פּילסודסקי־איבערקערעניש, אין מײַ 1926, איז געווען אַ טריט פאָרויס לטובת דעם פּוילישן אַרבעטער־קלאַס, צי סתּם אַ קאָנפליקט וועגן דער אויסערן־פּאָליטישער אָריענטאַציע פון דער פּוילישער בורזשואַזער מאַכט — די פראַגע האָט דעמאָלט צעטיילט די פּאַרטיי אין צוויי לאַגערס: די מינדער־הייט און די מערהייט. די מינדערהייט איז געווען געשטיצט אין איר מיינונג קעגן פּילסודסקין דורך די קאָמינטערן־אינסטאַנצן, דורך מאָסקווע. די חברים אין דער פּאַרטיי האָבן זיך אַרומגעריסן ביי די קעפּ. דער קאָנפליקט, אין די ראַמען פון דער אומלעגאַלער פּאַרטיי, איז אַרויס אויף די וואַרשעווער גאַסן. די פּאָליציי האָט געלאַכט, זיך געריבן די הענט, ניט געשטערט, גע־לאָזט די פּאַרטיי פּראַנק און פריי זיך אַרומרייסן.

דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. מע האָט זיך באַוואָרפן מיט די ערגסטע עפּיטעטן ווי אָפּאָרטוניסט, שוואַכלינג, אָפּנייגלער. מע האָט זיך געקריגט, געזידלט אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אין די טעקסטיל־פאַבריקן, שניידער־וואַרשטאַטן, ביי די געגריוועטע שוסטערס. זיך באַליי־דיקט, אָנגעגריפן, ניט איין מאָל איז עס דערגאַנגען צו קלעפּ.

אַ ביסל שפּעטער איז געקומען אַן אַנדערער שווערער פּעריאָד. מיטן אָנוווקס פון די פאַשיסטישע כּוחות, אויפן פאָן פון עקאָנאָמישן קריזיס, האָט זיך פאַרשאַרפט דער קאַמף צווישן דער קאָמוניסטישער און דער סאָציאַליס־טישער פּאַרטיי. סטאַלין האָט באַשטימט, אַז סאָציאַליסטן און פאַשיסטן זענען ניט קיין אַנטיפּאָדן, נאָר צווילינג־ברידער — און ס'איז געבוירן גע־וואָרן די באַצייכענונג „סאָציאַל־פאַשיסט". האָט מען באַלייגט אַרבעטער,

מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג מיט די ערגסטע עפּיטעטן, געקעמפט קעגן זיי, געשפּאָלטן פאַראיינען. די פּאָליציי איז דאָ שוין ניט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט. זי האָט געשיקט אין ביידע לאַגערן אירע מענטשן — פּראָוואָקאַטאָרן. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַרעסטן, דעפּענ־סיווע־פּייניקונגען, לאַנגע יאָרן תּפיסה. אין קאַמף האָט, ווי עס זאָגט מאַיאַקאָווסקי, אויך באַקומען אַ וואָרט דער חבר מאַוזער...

ניט איין מאָל האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן צו באַזייטיקן אַ פּראָוואָקאַטאָר, און ייִנגלעך פון אַרבעטער־היימען אָדער פון בעלי־בתּישע היימען, באַהויכט מיט די אידעען פון דער פּאַרטיי, זענען געגאַנגען מיטן רעוואָלווער אין האַנט און אויסגעפירט די דאָזיקע מיסיעס. צווישן דער וואַרשעווער קאָמו־ניסטישער יוגנט איז געווען וואַצעק קאָמאַר — אַ קליינוווּקסיקער, בלאָנדער, מוטיקער בחור, גערופן האָט מען אים קוץ. מען האָט אים געטראָפן אויף די טרעפּפונקטן, אויף אַלע אומלעגאַלע מיטינגען, מאַניפעסטאַציעס. ער איז אויך געווען פון די, וועלכע, אויב די פּאַרטיי האָט געהייסן, האָבן זיי, אָן צו וואַקלען זיך, אויסגעפירט אַ טויטאורטייל.

עס איז געווען אָן אינערלעכער פּראָבע, וואָס האָט געהאַרטעוועט זיינע קעמפערס, דערצויגן זיי צו זיין איבערגעגעבן זייער אידעע ביזן לעצטן אָטעמצוג. און האָט זיך אַזאַ איינער פּאַרוויקלט, שטאַרק זיך קאָמפּראָמיטירט צוליב זיין פּאַרטייִשער טעטיקייט, איז ער אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — דאָס לאַנד פון טרוים פאַר יעדן קאָמוניסט. אין פאַר־גלייך מיט די באַדינגונגען אין פּוילן און אין אַנדערע פאַשיסטישע לענדער, איז דאָרט געווען פריי, גוט. געווען דאָרט אַפילו העכערע שולן, ווו מען האָט געקענט לערנען — אַ זאַך ניט לייכט צו דערגרייכן אין אַנדערע לענדער. עס איז געווען „די מערב'קע", ווי מען האָט גערופן דעם אוניווערסיטעט פאַר די געקומענע חברים פון אויסלאַנד, פון מערב.

אָבער אויך דאָרט האָט מען קיין האָניק ניט געלעקט. מער ווי אין לערנען האָבן זיי זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע אַקציעס ווי „ליקווידירן די קולאַקעס ווי אַ קלאַס", „אַ סוף מאַכן מיטן קלעריקאַלן־באַלעבאַטישן געזינדל" — און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט ניט ווייניק בלוט און טרערן.

ווען וואַצעק קאָמאַר איז אויפגעשוווּמען אין שפּאַניע, איז ער אַ קורצע צייט געווען אין דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע. אין גיכן איז ער באַשטימט געוואָרן ווי דער קאָמענדאַנט פון דער 129סטער בריגאַדע, אַ געמיש פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן מיט אַ סלאַווישער מערהייט. געשמט האָט ער ווי איינער מיט אַ גאָר שווערער האַנט. שווער נאָכצוגיין אַזעלכע באַשול־דיקונגען, ספּעציעל אין אַ תקופה ווען אין שפּיץ פון דער אינטערנאַציאָנאַ־לער בריגאַדע, אין אַלבאַסעטע, איז געשטאַנען אַנדריי מאַרטי און פון סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט געבלאָזן סטאַלינס גייסט.

וואַצעקן האָב איך צום לעצטן מאָל געזען ווען מיר זענען אַוועק פון שפּאַניע. ער איז געווען אויף איינער פון די שיפן, וועלכע האָבן אונדז אַריי־בערגעפירט פון דרום־פאַרט וואַלענציע קיין באַרצעלאָנע. מע האָט אונדז אָנגעפּאַקט אין די נידעריקע שיף־מאַגאַזינען, וויפל מיר האָבן נאָר געקענט אַריין, און צוגעדעקט די גאַנצע עפענונג מיט אַ ברעזענט, דער שונא זאָל ניט באַמערקן קיין פייערל פון אַ רויכערדיקן ציגאַרעט.

אַוונט־צו איז אין דער דאָזיקער שיף־אויסהוילונג די לופט געוואָרן געדיכט, אָנגעוואָרעמט — ס'איז אוממעגלעך געווען צו אָטעמען. אויפן דעק האָבן זיך געדרייט די שיפוועכטערס, געהיט די אָרדענונג. כ'האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין פונעם דאָזיקן לאָך — זאָל זיין וואָס עס וויל.

כ'האָב זיך דערקאַטשעט צו דער אייזערנער לייטער, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט און בין אַרויס אויפן דעק. עס האָט מיך אַרומגע־כאַפּט דער פרישער, קילער ים־ווינט. כ'בין געבליבן זיצן אַ ווײַלע, זיך צוגעשלעפּט צו אַ ווינקעלע — כ'האָב זיך געשטאַרקט. ניין, דאָרט גיי איך ניט צוריק! אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך אויפגעשטאַנען און ווייטער געגאַנגען איבערן דעק. כ'בין דערגאַנגען צו אַ ברייטן זאַל אויפן שיפדעק. די טיר איז געווען אָפן. כ'בין דאָרט אַריין. ס'איז דאָרט געווען גרוים, לופטיק, ליכטיק. דאָרט זענען געזעסן וואַצעק קאָמאַר מיט דער נאַטשאַלסטווע. כ'בין צוגעגאַנגען צו די בחורים ביי איינעם פון די טישלעך און זיך צוגעזעצט. קיינער האָט ניט געזאָגט פון וואַנען איך קום. ס'איז אַוודאי קיינעם ניט איינגעפאַלן, אַז אין שיף־מאַגאַזין זיצן מענטשן אין אַזעלכע גרויזאַמע באַדינגונגען. וואַצעק האָט אַוודאי באַקומען אַן אינסטרוקציע אייַנצואָר־

דענען זיך און זיין קאַמאַנדע דאָ, אויבן, אין דאַזיקן זאַל, די אַנדערע — אונטן. ווי עס איז דאָרטן, האָט ער אַוודאי ניט געוווּסט און אַפילו ניט נאָכגע־פרעגט. וואָס איז געווען נאָכצופרעגן ? באַפעל איז באַפעל ! — אינעם גייסט פון „אַזוי האָט סטאַלין געזאָגט !...". עס זענען געזעסן דאָרט אויך אַנדערע, גאָרניט פון דער נאַטשאַלסטווע וועלכע דרייען זיך אַדורך, שאַפן פּאַר זיך בעסערע באַדינגונגען, אַזעלכע זענען אומעטום פאַראַן...

וואָצעקן האָב איך, נאָך דעם ווי מיר זענען אוועק פון שפּאַניע, אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ניט געזען. ער איז, ווייזט אויס, צוזאַמען מיט גאָר ווייניקע, אַרויסגענומען געוואָרן — קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד. פון גאָר אַ קליינער צאָל איז ער דאָרט געבליבן ביים לעבן און געקומען אין באַפרייטן פּוילן.

נאָך אַ צען־יאָריקן איבעררייס האָב איך אים איצט געטראָפן, ווי בריגאַדיר־גענעראַל, אין שפּיץ פון צווייטן ביוראָ פון גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי. דאָס איז געווען אַ גאָר הויכער פּאָסטן. אונטער זיין האַנט האָט זיך קאָנצענטרירט די אַרבעט פון פּוילישן שפּיאָנאַזש אין לאַנד און אין אויסלאַנד. די אַרבעט האָט אַרומגענומען טויזנטער מענטשן, איינגעשלונגען שווערע סומעס פון פּוילישן מיליטער־בודזשעט. אויף דעם איז ניט געקאַרגט געוואָרן — עס איז כדאַי געווען. דאָרט ווו די סאָוועטישע אויערן און אויגן האָבן ניט געקענט דערגיין, האָבן עס די פּוילישע — ווי פון די אַנדערע פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער, ווי טשעכאָסלאָוואַקיע, אונ־גאַרן א"אַ — געקענט טאָן, און מיט ניט ווייניק דערפאָלג.

כ'האָב ניט איין מאָל אָבסערווירט וואָצעקן אין שמועסן, אַרויסטרעטונגען, פאַרזאַמלונגען. דאָס איז געווען אַ פּשוטער פאָלקסמענטש מיט אַ סך לעבנס־דערפאַרונג, איבערגעגעבן דער פּאַרטיי, וועלכע איז געווען פאַר אים דאָס העכסטע געזעץ. אין אירע רייען האָט ער פון זיינע יינגסטע יאָרן אָן געלערנט זאַכלעכקייט, פּשטות, געטרייקייט דער אידעע, פאַר וועלכער ער איז געשטיגן פון קליינעם שוסטער־בענקל ביז צו בריגאַדע־קאָמענדאַנט אין שפּאַניע, ביז צו גענעראַל פון דער פּוילישער אַרמיי.

ער האָט זיך תמיד באַמיט צו בלייבן טריי דעם לעניניסטישן פּרינציפּ : אָן פּשרות. אַהין אָדער אַהער. בלייבן אין דער מיט הייסט — וואַקלען זיך. אַ באַלשעוויק מוז קענען זיך דעצידירן, מעג עס קאָסטן און זיין ווייטיקלעך.

פון די אונטערערדישע פּאַרטיי־יאָרן האָט ער געלערנט, אַז מיט אַ רעוואָלווער שיסט מען אָדער מען שיסט ניט, מיט אַ רעוואָלווער שפּילט מען זיך ניט.

— ווען מע וועט צו מיר קומען און פאָדערן אינפאָרמאַציע און כ'וועל ניט קענען געבן, בלייבט מיר נאָר דאָס! — און ער האָט געוויזן אויפן רעוואָלווער. „אַז מע וועט קומען" — ער האָט ניט געזאָגט ווער, און מיר האָבן אויך ניט געפרעגט...

כ'האָב אים זעלטן ווען געזען אין זיין גענעראַלישער טראַכט — אין היטל מיט די זיגזאַגן, אין די הויזן מיט די לאַמפּאַסן, ווי ער וואָלט זיך ניט געוואָגט אָנצוטאָן דעם דאָזיקן לבוש. ביי דער אַרבעט איז ער געווען אין זיין מיליטערישן סוועטער, וועלכער האָט געפּאַסט צו זיינע בלאָנדע האָר, קלאָרע אויגן. זומערצייט, ווען ער איז געווען אין אַ העמדל מיט קורצע אַרבל, האָט זיך אויפן אָרעם געמערקט אַ טאַטואַזש, אַ גאַנץ נעבעכדיקע, אוודאי, אַן איבערגעבליבענע פון אַ לעבן וואָס איז אַדורך אין דחקות. איצט האָט עס אים אויסדריקלעך זשעניִרט — ניט געווען אויפן אָרט.

אויף פּאַרטייִשע פאַרזאַמלונגען איז ער געווען זיכער ווי ביי זיך אין דער היים. כ'דערמאָן זיך, אַז אויף איינער פון זיי האָט די גאַנצע פאַרזאַמלונג זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ געוויסן פּונקט און אים אָנגענומען דורך אַן איינהייטלעכע אָפּשטימונג. נאָך דער אָפּשטימונג האָט וואַצעק געבעטן אַ וואָרט און אָנגעוויזן, אַז דער אָנגענומענער באַשלוס איז אַ ניט ריכטיקער. זיינע אַרגומענטן זענען געווען לאָגישע, איבערצייגנדיקע. די פראַגע איז אויף ס'ניי געשטעלט געוואָרן צו דער אָפּשטימונג, און די פאַרזאַמלונג האָט איינשטימיק באַשלאָסן, ווי וואַצעק האָט פאָרגעשלאָגן, פּונקט דאָס פאַרקע־רטע — דעם באַשלוס אָפּצוּוואַרפן.

אויף דער זעלבער פאַרזאַמלונג איז איינהייטלעך אָפּגעוואָרפן געוואָרן אַ געוויסע שטעלונג. נאָך דער אָפּשטימונג האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע שפּיל. וואַצעק האָט געבעטן אַ וואָרט און זיך אַרויסגעזאָגט קעגן באַשלוס פון דער פאַרזאַמלונג. ער האָט גוט אַרגומענטירט זיין שטעלונג. דאָס פּרעזידיום האָט ווידער געשטעלט דעם פּונקט צו דער אָפּשטימונג און דאָס מאָל אָנגענומען אַ דיאַמעטראַל פאַרקערטע שטעלונג צו דער פון מיט אַ פּאָר מינוטן צוריק — און דעם באַשלוס אָנגענומען!

נאָך היינט, לאַנגע יאָרן דערנאָך, ווען איך אַנאַליזירביידע פאַלן, האַלט איך אַז קאַמאַרס אַרגומענטן זענען געווען לאַגישע, איבערצייגנדיקע. צי איז דאָס געווען בלויז דער רעזולטאַט פון זיין פּאָזיציע? ער איז געווען איבער אונדז, און זיין מיינונג האָט, איפּסאָ פאַקטאָ, דאָמינירט, געמוזט דאָמינירן? זיינע אַרגומענטן האָבן ניט אַנטהאַלטן קיין שום דראָונגען אָדער דרוק — זיי זענען געווען פּשוטע, לאָגישע. האָבן מיר דאָ צו טאָן מיטן סוביעקטיוון דרוק פון מאַכט און איר אויסשטראַלונג?

זיינע טאָגטעגלעכע אויסדרוקן זענען ניט געווען קיין באַזונדערס באַפליגלטע. איין מאָל, ווען ער האָט גערעדט וועגן די פּרויען פון זיינע העכערע אָפיצירן, האָט ער זיי באַצייכנט מיט גאָרניט קיין הויכע עפּיטעטן, צווישן אַנדערע: „ליידיקע פושקעס" — דאָס איז געווען דער אויסדרוק פון ביטול פאַר זיי, אונטערשטרייכנדיק דערביי, אַז דאָס מאַכן די ווייבער קאַליע די מענער, ווייל זיי פאָדערן מער און מער לוקסוס, שווילטאַג, שאַפן קינאה און שוועריקייטן אין דער אַרבעט, ברעכן די אַסקעטישע, באַשיידענע, פּאַרטייִשע ראַמען...

ער האָט גערעדט אַ שלעכטן רוסיש — ס'האָט געגרילצט אין די אויערן. די רוסיש־רעדנדיקע האָט עס פּשוט זשענירט. עס איז געווען אַן איבערגע־ניצעוועטער פּויליש. אויך זיין פּוילישע שפּראַך איז געווען זייער אַן אָרעמע. ער וואָלט אַוודאי בעסער גערעדט ייִדיש, אָבער איך האָב אים קיין מאָל ניט געהערט רעדן די דאָזיקע שפּראַך. ערגעץ, אין אַ ווינקל, האָט ווער אין זיין סביבה, געוואָרפן אַ פּאָר ווערטער אין ייִדיש, אָבער זייער ווייניק — ס'האָט ניט אַריינגעפּאַסט. איין וואָרט האָט יאָ באַקומען בירגעררעכט אויף אונדזערע באַראַטונגען — דאָס איז געווען דאָס וואָרט: "בקיצור!" עס איז אויפגעשווומען ספּאָנטאַניש אויף אַ באַראַטונג. בעת אַן אויסטויש פון מיינונגען האָט זיך ווער צו פיל צעגאָסן אין זיין באַריכט, און אָדעלאַ באַטווינסקאַ וועלכע איז נאָר וואָס געקומען פון ישראל, האָט איבער־געריסן מיטן וואָרט: „בקיצור" אַלע האָבן געלאַכט. פאַר איבער 80 פּראָצענט איז דאָס וואָרט געווען אייגן. די איבעריקע האָבן געלאַכט צוליבן פּשוטן אַריינמישן זיך אינעם ענין — אָבער דאָס וואָרט איז אָנגענומען געוואָרן. ניט איין מאָל, בעת אַ באַראַטונג, ווען ס'האָט זיך ווער צו פיל צעצויגן אין

זיין באַריכט, האָט דער גענעראַל איבערגעריסן מיט דער באַמערקונג: „בקיצור!"... דאָס וואָרט איז דערנאָך אַריבער און באַקומען בירגעררעכט אויך אויף די ענגע באַראַטונגען אין קאַבינעט פון מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי.

כ'מוז זאָגן, אַז דאָס וואָרט האָט געהאַט אַ מאַגישן כּוח. עס איז מיטגעקומען מיט אונדז אויף די פאַרשידענע הויכע אַמטן. ביי אַ געלעגנהייט, ווען ס'האָט זיך ווער, פון די וויעטנאַמער מיטגלידער פון דער הויכער מיליטערישער מיסיע אין האַנאָי, צו פיל צעצויגן אין זיין אַרויסטריט, האָט אים דער קאָלאָנעל האַ־וואַן־לאַו איבערגעריסן מיט: „ווי זאָגן אונדזערע פּוילישע חברים": „בקיצור!"... און ער האָט עס גלייך איבערגעזעצט אויף פראַנצייזיש: La vie est courte, soyons brefs!.

וואַצעק איז געווען אַ פּשוטער חברה־מאַן, שטרענג צו זיך און צום אַרום. ניט געווען קיין רייד ער זאָל געניסן פון זיין פּאָזיציע — ניט ער, ניט זיין משפּחה, ניט זיינע פריינד. זיין פרוי איז געגאַנגען אויפן מאַרק — אַליין געשלעפּט דאָס קיישל. די קינדער זענען געגאַנגען צו פוס אין שול — מע האָט זיי ניט אָפּגעפירט און אָפּגענומען מיט אויטאָס. וואַצעקס טאַטע האָט געאַרבעט ווי אַ „ליפט־באָי" אין האָטעל „סלאָנעטשני", און זיין ברודער האָט אויך ניט געהאַט קיין באַזונדערס הויכן פּאָסטן.

אַלץ איז ביי אים געבליבן אין הסכּם מיט דער פּאַרטיי־עטיק, מיט דער עטיק פון די ערשטע יאָרן פון קומען צו דער מאַכט. ער האָט געטאָן אַלץ ווי די פּאַרטיי האָט געהייסן. די אָנווייזונגען פון מאָסקווע זענען געווען זעלבפאַרשטענדלעכע, הייליקע, ניט צו קוועסטיאָנירן.

ער האָט אונדז אַ מאָל געשיקט זען אַ סאָוועטישן פילם „דאָס לעבן פון קיראָוו", לויט זיין מיינונג אַ גאָר וויכטיקן, אַ שפּאַנענדיקן, כאָטש ער דויערט 4 שעה. כ'בין געגאַנגען. וואָס, כ'האָב געקענט אויספּעלן אין זאָל? כ'האָב זיך שווער געמוטשעט ביז ער האָט זיך געענדיקט. האָט ער געקענט קוקן אויף דער דאָזיקער שמירע? קען זיין אַז יאָ. זיין קולטור־ניוואָ האָט געלאָזט אַ סך ווינטשן. זיין לעבנס־דערפאַרונג איז געווען אַ רייכע, זיין פּאַרטיייִשע איבערגעגעבנקייט — אויסער יעדן ספק. קיין בעסערער קאַנדידאַט אויף זיין פּאָסטן איז ניט געווען.

# אויף נייע־אַלטע וועגן

פון דער אַדמיניסטראַטיווער אָפּטיילונג פון דער אַרמיי האָט מען מיר מיטגעטיילט, אַז אין גיכן וועט מען מיך איבערפירן אין מיין אייגענער וווינונג, אויף דער אָפּאָטשעווסקע־גאַס.

אַז כ׳וועל דאַרפן פאַרלאָזן דאָס האָטעל־צימער — איז פאַר מיר געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך. האָטעל־צימערן זענען אומעטום אַ טייערע זאַך, באַשטימט פאַר געסט פון אויסלאַנד, פאַר טוריסטן. די וווינונג, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געווען אַ זוניקע, אַ שיינע, גרוימיקע שטוב מיט קיך, באַדצימער און טואַלעט, געהאַט אַ שיינעם באַלקאָן מיט אַ פרייען בליק אויף אַ ווייטן האָריזאָנט, אויף וועלכן עס האָבן זיך געצייכנט די פעלדער, וועלדער פון וואַרשעווער פלאַכלאַנד.

כ׳האָב נאָר ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מיר האָבן באַקומען בלויז איין וווינצימער. מיין פרוי איז געווען ממש אין די לעצטע טעג פון איר שוואַנגערשאַפט. באַלד וועט צוקומען אַ קינד, און אַ משפּחה מיט אַ קינד האָט מען אין דער אַרמיי, בדרך כּלל, צוגעטיילט צוויי צימערן מיט אַ קיך.

ס׳האָט זיך געפונען עמעצער, וואָס האָט דערוועגן אויפמערקזאַם געמאַכט דעם גענעראַל. ער האָט געענטפערט באַלשעוויסטיש, שטרענג, אַנטשלאָסן:

— דערווייל האָט זי נאָך ניט געבוירן. מיר וועלן זען נאָכן געבורט. אַז ס׳וועט לעבן, וועלן מיר ענדערן...

פאַרשטייט זיך, אַז מע האָט דערוועגן מער ניט דיסקוטירט.

נו, די וווינונג איז דאָ. מען דאַרף זי אויספילן, מעבלירן — מיט וואָס הייבט מען אָן?

מיין שווער, אַ זייער אָרנטלעכער מענטש מיט אַ גאָר וואָגיקער פּאָליטישער פאַרגאַנגענהייט בעת דער אונגאַרישער רעוואָלוציע, אין דער

בעלאַ קון־רעגירונג, האָט ער מיט זיין שאַרפן מוח שוין לאַנג שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז מענטשן יושרדיקע, גלייכע, איז אפילו אין די הייליקע שריפטן שווער צו געפינען. ער האָט געזאָרגט דערפאַר אַז זיינע קינדער זאָלן ניט דאַרפן וואַרטן אויף ניסים פון גוטע מענטשן. אַ בערשטל מיט אַ שפיגעלע פון דער אַנדערער זייט, וואָס ער האָט מיטגעגעבן זיין טאָכטער צו איר נסיעה קיין אויסלאַנד, האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ גאָר נוצלעכע זאַך. זי האָט אַפילו דערפון ניט געוווּסט. נאָך יאָרן, אין פאַריז, ווען דאָס בערשטל איז אַלט געוואָרן, זיך אויסגעטריקנט און דאָס שפיגעלע איז אַרויסגעפאַלן — אין דער האַנט אַריין, און ניט, חלילה, צעבראָכן געוואָרן — איז אין דער אויסהוילונג וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר אונדז, געלעגן אַ באַנקנאָט — הונדערט דאָלאַר!

דאָלאַרן, אויסלענדישע וואַלוטע, איז פאַר אונדז אַפילו אין פאַריז געווען אַ פרעמדע זאַך. ווער באַשעפטיקט זיך דערמיט? וואָס טוט מען דערמיט? האָבן מיר עס געלאָזט, זאָל עס ליגן. צום אָוועקפאָרן האָבן מיר עס מיטגענומען. מע ווייסט קיין מאָל ניט — אפשר וועט עס צו נוץ קומען. איצט האָבן מיר זיך גענומען אינטערעסירן וואָס מיר קענען דערפאַר באַקומען.

פאַר מיין נאָענטסטן פריינד, אַ זייער כּשרער פאַרטייער, איז קיין פראַגע ניט געווען. וואָס הייסט? פאַרקויפן עס אין באַנק אויפן אָפיציעלן קורס. ווי דען? אַ צווייטער חבר, אַ זייער כּשרער, אָבער אַ מער זאַכלעכער, אַליין אין די פינאַנץ־ענינים פון דער מיליטערישער אַדמיניסטראַציע, אַז כ׳האָב אים געפרעגט וועגן אויסטוישן די הונדערט דאָלאַר אין באַנק, האָט מיר גלייך געזאָגט:

— מאַך זיך ניט נאַריש! כ׳וועל דיר פאַר זיי באַצאָלן ווי איך באַצאָל ווען כ׳קויף זיי אויפן שוואַרצן מאַרק!

עס האָט געהייסן:

— אַז ס׳איז פאַראַן אַ שוואַרצער מאַרק אויף דאָלאַרן;

— אַז דער גענעראַל־שטאַב קויפט דאָלאַרן אויפן שוואַרצן מאַרק;

— אַז עס זענען פאַראַן כּללים מיט וועלכע ניט אַלע רעכענען זיך.

אַ סך גרילצנדיקע אַקאָרדן האָבן אָפּגעקלונגען אין מיין מוח.

כ׳האָב מיין פריינד, דעם גוטן סאָכאַטשעווסקי, — ער איז אין אַ פּאָר יאָר אַרום אַוועק קיין דייטשלאַנד, — געגעבן די הונדערט דאָלאַר און פאַר זיי באַקומען אַ היפּשע סומע זלאָטעס. כ׳האָב פאַר זיי געקענט קויפן אַ קליידער־שאַנק, אַ ברייט בעט, אַ קרעדענס, אַ פאָטעל, וועלכן מע קען עפענען ווי אַ בעט, אַ טיש מיט צוויי שטולן פאַר דער קיך, אַ טיש פאַרן גרויסן צימער — גאָרניט שלעכט. אָבער אויף קיין שטולן צום טיש אין צימער האָט שוין ניט גע־סטייעט. עס האָט נאָך געדויערט אַ יאָר ביז מיר האָבן געקענט זיי קויפן און קאָמפּלעטירן דעם נייטיקן מינימום. דאָס איבעריקע — וועש, בעטגע־וואַנט, שטובזאַכן, כּלים — האָבן מיר אַרויסגענומען פון קויש, וועלכן מיר האָבן מיטגעבראַכט פון פּאַריז. וואָס מיר האָבן אין קויש ניט געהאַט — האָבן מיר ניט געהאַט און געדאַרפט אויף דעם וואַרטן יאָרן, אָבער ס׳איז ניט געווען שווער.

די ווענט באַצירט מיט בילדער, וועלכע מיר האָבן מיטגעבראַכט, אויפן טיש אַ שיין טישטעך, באַרייכערט מיט אַ טאָפּ בלומען; דעם באַלקאָן און דאָס פענצטער ווייט געעפנט האָט די זון אויסגעפילט, דערגאַנצט די וווינונג.

## די פאַרגאַנגענהייט אין דער קעגנוואַרט

אין די אינגעווײדן, אין די חדרי־חדרים פון אַ גענעראַל־שטאַב, גייט מען ניט אַרײַן אַזוי גלײַך, פּראָסט און פּשוט. עס גייט צו פּאַמעלעך, טראָט נאָך טראָט, מיט יעדן טאָג. דער אַרײַנגאַנג איז, פאַרשטייט זיך, דורכן אַדמי־ניסטראַטיוון דעפּאַרטאַמענט, אָדער ווי מען רופט עס איז פּוילן: „ביוראָ פון קאַדרען״. עס הייבט זיך אָן מיט שרײַבן אַ ביאָגראַפיע, אויספילן אַנקעטעס — קילאָמעטער־לאַנגע, אָנגעבן אַלץ וואָס מען פרעגט דאָרט, ביז די נעמען פון דײַנע פרײַנד און קרובים אין אויסלאַנד. „שרײַב אַלץ״ — האָט מיר אָנגעזאָגט מײַן גוטער חבר, ראָמאַן לעשטש — „באַהאַלט גאָר־ניט!״ דאָס איז דער לייטמאָטיוו ביים שרײַבן דאָס מינדסטע פּאַפּירל. אין דער אַנקעטע דאַרף מען אויך אָנגעבן דרײַ נאָענטע חברים, וועלכע קענען דיך, ביי וועמען מען קען זיך נאָכפרעגן.

דאָס קאַדרען־ביוראָ האָב איך ניט ווייניק געקענט. דאָרט קומט אויס צו זײַן ניט זעלטן, צו דערלײדיקן אַ פּאַפּירל, אַ דאָקומענט. דאָס דאָזיקע ביוראָ האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט פון אַ פּאָליטיש־רויען ערב־רב, חניפהדיק לגבי אונדז, די יסודותדיקע אָפיצירן־אַרבעטער.

כ׳טראַכט וועגן מאַיאָר ביעלאָבראָדסקי, איינער פון די הויפּט־אַרבעטער פון דער דאָזיקער אָפּטיילונג. אַלע פּערסאָנאַלע דאָקומענטן זענען געווען אונטער זײַן רשות. האָב איך זיך געניייטיקט אין אַ דאָקומענט, וועלכער באַשטעטיקט די ענדערונג אין מײַן נאָמען, איז ער אַוועק צום מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי און מיר געבראַכט אַ באַשטעטיקונג מיטן אונטערשריפט פון סאַמע מאַרשאַל, אַז פון דעם און דעם טאָג איז מײַן טאַטנס נאָמען ניט מער אפרים־ישׂראל נאָר... פראַנצישעק! אָרעמער טאַטע, וואָלסט זיך אַוודאי איבערגעקערט אין קבר ווען דו וואָלסט געוווּסט וואָס פון דײַן נאָמען איז געוואָרן. יאָ, דײַן קבר, וועלכן כ׳האָב ניט מער געקענט געפינען אויפן

לובלינער בית־עולם, איז מיט אַלע אַנדערע קברים דורך די נאַציס פאַר־ניכטעט געוואָרן, אויסגעגלייכט געוואָרן מיט דער ערד.

אָדער גאָר, אויף אַ פאַרטיי־פאַרזאַמלונג איז אויפגעדעקט געוואָרן אַז אַ געוויסער שטאַב־אַרבעטער האָט אין דער און דער אָרטשאַפט, אין דעם און דעם יאָר, אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. ווען די אַטמאָספער פון דער פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהיצט ביז ווייס, איז ביעלאָבראָדסקי אויפגעשפּרונגען ווי אַ פּאַיאַץ אויף אַ שפּרינג־פעדער, ווי עס געשעט אָפט אין אַ סאָוועטישן פילם בעתן הויכפּונקט, אַ פּאַכע געטאָן הויך איבערן קאָפּ מיט אַ דאָקומענט, וואָס האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט עס געטאָן אויפן בפירושדיקן באַפעל פון דער פּאַרטיי...

ביעלאָבראָדסקי האָט גערעדט פּויליש מיט אַ שטאַרקן רוסישן אַקצענט. אַן אימפּאָרטירטער ? אַן אייגענער ? דאָס האָט אויפגעקלערט זיין אומפּאָפּרעג־לעכער אויטאָריטעט. מיר האָבן געוווּסט אַז בסך־הכּל איז ער אַן אוקראַיִנישן פּאָפּס אַ זונדל, דאָס הייסט, ניט פון אַזאַ „כּשרער" סאָציאַלער אָפּשטאַמונג. אָבער די אַלטע מעשׂה: ווער ס'איז כּשר, באַשטימט עמעצער אַנדערש.

געוווּסט האָט ער וועגן יעדן איינעם. וואָס איז דער וווּנדער — אַלע דאָקומענטן זענען געלעגן אָפן פאַר אים. מיט קיין גרויסן זכּרון און אַנאַליטישן מוח האָט ער זיך ניט אויסגעצייכנט, און זיך ניט געניייטיקט אין דעם. ער האָט געוווּסט אַז רעדן דאַרף מען ניט און האָט זיך שטרענג דערביי געהאַלטן. ס'איז אים אויך געווען אויף דער האַנט — כ'גלייב ניט, אַז ער וואָלט געהאַט וואָס צו זאָגן. זיין סאָציאַלע אָפּשטאַמונג האָט אים גאָרניט געשטערט. פון שטאַב זענען מיט דער צייט באַזייטיקט געוואָרן ייִדן — שפּאַניע־קעמפערס, "אַלטע פאַרטייער — ביעלאָבראָדסקין האָט עס ניט באַדראָט. צען יאָר נאָך מיין באַפרייונג האָב איך אים נאָך אַלץ געטראָפן אין מיליטערישן מונדיר, מיטן זעלבן שעלמישן שמייכל אויפן פּנים. כ'מוז זאָגן, אַז רישעותדיק איז ער ניט געווען — וואָס ער האָט געדאַרפט, האָט ער פאַר מיר דערליידיקט, אָן דריידלעך, שנעל.

אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ אין דער קאַדרען־אָפּטיילונג איז געווען סטעמפּ־

יען — אַן אָפּגעטשאַטשקעטער קאַפּיטאַן, מיט פּריצישע מאַניערן, ווייט פון יעדער אַרבעטער־באַוועגונג. כ׳שטעל זיך ניט פאָר אים איז דער ווידער־שטאַנד־באַוועגונג קעגן אָקופּאַנט. ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן פאַר־שפּיצטן בליישטיפט אין האַנט, זיך געהיט ניט צו פיל דערנענטערן זיך צו די אַרום אים. אַפילו אויף זיין שעף, ביעלאָבראָדסקי, האָט ער געקוקט ווי אַ פּאַן אויף אַ פּאַראָבעק. וואָס האָט אים דערמעגלעכט אריינצוקומען אין דעם דאָזיקן קודש־קדשים? איז ער געווען אַ פּראָטעזשירטער פון איינעם פון די גדולים? ער איז געזעסן פעסט אין זאָטל, און אַפילו אין אַ קורצער צייט אַרום נאָך מיין קומען נאָמינירט געוואָרן אין אַטאַשאַט אָדער גאָר אין סעקרעטאַריאַט פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין וואַשינגטאָן. כ׳ווייס ניט אויף זיכער, צי אין אַטאַשאַט, אָדער ווי אַ באַאַמטער אין אַדמיניסטראַטיוון רעסאָרט פון דער אַמבאַסאַדע, וועלכער דאַרף אויך האָבן די געהעריקע צוגרייטונג... מע האָט וועגן דעם ניט גערעדט, מע האָט זיך בלויז געשושקעט.

כ׳האָב ווידער עפּעס געלערנט: קאָמוניזם, אינטערנאַציאָנאַליזם, פּראָלע־טאַרישע אָפּשטאַמונג — נאַרישקייטן! אַ ריין ראַסישע פּוילישע אָפּשטאַמונג, אָדער אַפילו פון אַן אוקראַיִנישן פּאָפּ איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט!

די דאָקומענטן פון דער קאַדרען־אָפּטיילונג, ווי אויך אַלע אַנדערע, אין ניט דירעקטן געברויך, זענען פאַרזאַמלט געוואָרן אין טעקעס און געשטאַנען אין אַ באַזונדערן זאַל. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיי איז געווען אַ פּוילישע פרוי, אַ ניט סימפּאַטישע, אַ שווערע נאַטור — אַ וואַנט. ניט קיין וואַנט פון פיינטשאַפט, ניין, סתּם פרעמד, קאַלט. ס׳האָט מיך געוווּנדערט ווען כ׳האָב אין אַ שיינעם טאָג געהערט אַז זי האָט חתונה געהאַט מיטן מאַיאָר טשאַרני, אַן אָפיציר פון שטאַב.

טשאַרני איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבן דורכגעקעמפט זייער לעבן בעת דער אָקופּאַציע, דורך די שווערע געדיכטענישן פון וואַלד. ער איז געווען אַ ייִד פון די פּוילישע מיזרח־געביטן. כ׳ווייס ניט צי פון אוקראַיִנע, ווייסרוסלאַנד, צי גאָר פון דער ווילנער געגנט. ער איז געווען אַ שווייגער — כמעט ניט גערעדט. אַ ירושה פון די אָקופּאַציע־יאָרן, וועלכע איז צו נוץ גע־קומען אויך אין די נאָך־מלחמה־יאָרן. קיין ייִדיש וואָרט האָב איך פון אים ניט געהערט. ס׳איז מיר ניט וויכטיק געווען. ווען ער האָט גערעדט פּויליש

האָב איך אויך געהערט זיין ייִדיש, געוווּסט אַז ער איז פון די מיזרח־געגנטן...

זיין חתונה האָט אונדז אַלע פאַרוווּנדערט. פאַראַן גרענעצן אין וועלכע אַ מענטש פאַסט זיך אַריין. טשאַרנין מיט דער פוילישער פרוי האָב איך בשום אופן ניט געקענט אַריינפּאַסן אין איין ראַם. כ'האָב זיך לאַנג ניט געוווּנדערט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָב איך געהערט אַז טשאַרני איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. געווען — אַוועק. כ'גלייב ניט אַז טשאַרני איז געווען זיין ריכטיקער נאָמען. ער איז באמת געווען אַ שוואַרצער, מיט שוואַרצע האָר, מיט שוואַרצע אויגן — האָט זיך ניט דער דאָזיקער נאָמען פון זיך אַליין אויפגעצוווּנגען, זיך צוגעקלעפּט און מיט אים געבליבן? ער איז אַוועק אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרווען, ווי ניט איינער אין יענע נאָך־מלחמה־יאָרן. געוואָרן אויסגעוואָרצלט, ניט באַוויזן זיך צוריק איינצוואָרצלען, פאַר־פעסטיקן, לאָזן אַ זכר.

דאָס איז געווען דער צווייטער זעלבסטמאָרד, וועגן וועלכן כ'האָב גע־הערט נאָך מיין צוריקקומען קיין פוילן. דער ערשטער איז געווען פון מיינעם אַ חבר, אַ שפּאַניע־קעמפער, הירש ביעלאָוואַנס, אַ שטילער, באַשיידענער, וועלכער איז מיט די איינהייטן פון דער צווייטער אַרמיי געקומען קיין פוילן. ער איז אַריינגעפאַלן אין דער גרויסער, פרעמדער מאַשין, אין וועלכער ער האָט ניט אַריינגעפּאַסט, און איז אין איר צעריבן געוואָרן.

כ'האָב זיך מיט אים נענטער באַקענט אין די לאַגערן אין פראַנקרייך. ער האָט דאָרט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע פון אַ פּאָסט־טרעגער. ער האָט באַזונדערס געשטראַלט ווען ער איז געקומען אין באַראַק מיט אַ בריוו פאַר מיר אין האַנט — זיך געפרייט מיט יעדער ביסעלע פרייד וואָס ער האָט געקענט פאַרשאַפן אַ חבר.

ער האָט אַוודאי איצט קיין פרייד ניט געקענט פאַרשאַפן...

# מענטשן פון דער צווייטער אָפּטיילונג

בין איך אַלזאָ צוגעטיילט געוואָרן צו דער ענגלישער אָפּטיילונג פון שטודיע־ביוראָ פון דער צווייטער אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי. וואָס איז דאָס אַזעלכעס ? מיט וואָס עסט מען דאָס ? אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע טוען עס מענטשן, וועלכע זענען דערצו ספּעציעל געשולט געוואָרן, אין סען־סיר, סאַנדהאָרסט, וועסט־פּוינט — אָבער איך ? אמת, וואָלט איך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער נ.ק.וו.ד., וואָלטן זיי מיך שוין איבערצייגט, אַז ניט נאָר איך, נאָר אַז מיין טאַטע, מיין זיידע זענען שוין געווען אַגענטן, מיטאַרבעטער פון אינטעלידשענס־סער־וויס... אָבער כ׳קען פאַר אייך מיט אַ ריין געוויסן זיך מודה ומתוודה זיין, אַז כ׳ווייס גאָרניט, קען גאָרניט פון די דאָזיקע זאַכן. ניט איין מאָל האָב איך, אַרום מיר, געהערט ווי מע טאַדלט וועמען פאַר ניט האָבן פאַרשטאַנען עטוואָס אין דער אַרבעט :

— דאָס איז אַן אינטעלידזשענס־אַרבעט — מע דאַרף דערצו האָבן אינ־טעליגענץ, שׂכל...

האָב איך מיר, באַלד פון אָנהייב, געזאָגט : קוק, הער און לערן. וועסט מיט דער צייט אַריין אין דער אַרבעט, ווי יעדער איינער. וואָס איז ? אַלע אַנדערע האָבן היינטער זיך הויכע, מיליטערישע אַקאַדעמיעס ? כ׳האָב גע־נומען מיין אַרבעט זייער ערנסט און מיט פלייס זיך צוגעקוקט צו יעדער זאַך, געהערט און געלערנט. פּשוט איז עס ניט געווען. פרעגן צו פיל, אויפשפּיצן די אויערן אומעטום, קוקן ווו מען דאַרף ניט, איז ניט געווען פון די אָנגע־וויזענע זאַכן. אָבער ניט געפּערלעך. האָב איך מיר געזאָגט : מיט אויפמערק־זאַמקייט, איינשפּאַנענדיק דאָס ביסל וויסן, וועלן די זאַכן פּאַמעלעך קלאָר ווערן.

עס האָט מיר צוגעשפּילט דאָס גליק. מיין ערשטער לויטן ראַנג, מיט

וועלכן איך האָב באַדאַרפט אַרבעטן, דער מאַיאָר עדוואַרד שטראַוס, איז געווען אַ שטילער מענטש, פריינדלעך געניייגט צו מיר. ער איז געווען אַ פּאָליאַק, אַוודאי פון די דייטשישע געביטן פון אַמאָליקן פוילן, ווי ס'האָט עדות געזאָגט זיין נאָמען. די אַרבעט איז אים געווען גוט באַקאַנט — ער האָט זי געטאָן מיט שׂכל, אַנאַליטיש ביזן לעצטן פונקט. כ'האָב פון אים אַ סך געקענט לערנען.

צי איז זיין פריינדלעכע באַציִונג צו מיר געווען אַ רעזולטאַט פון זיין פאַרגאַנגענהייט ? געווען איז ער מיט אַ פּאָר יאָר יינגער פון מיר. ער איז געקומען פון ענגלאַנד און געווען פאַרבונדן מיט די קרייזן פון געוועזענעם פּילסודסקי־רעזשים, וועלכע זענען איצט געווען אונטערן שטענדיקן פאַר־דאַכט. צי איז מיט מיר, אַן אַלטן פּאַרטיי־חבר, אַ געוועזענעם שפּאַניע־קעמפער, גוט צו זיין אין גוטער חברשאַפט ? כ'האָב ניט קוועסטיאָנירט זיין פריינדלעכע באַציִונג צו מיר, ניט געפרעגט קיין סך און מיט אים מיטגע־אַרבעט גוט און לאָיאַל. כ'האָב געקענט רויִק אַרבעטן און אין דער זעלבער צייט נאָכפאָלגן, לערנען, דערלערנען דעם צושטאַנד אַרום מיר, אין שטאַב.

דאָס איז ניט געווען קיין גענעראַל־שטאַב ווי אין די מערב־לענדער. עס זענען דאָ ניט געווען די וועלכע האָבן געענדיקט הויכע מיליטערישע אַקאַדעמיעס, דערגאַנגען צו וויכטיקע פּאָסטנס אין דער אַרמיי און פון דאָרט אַריבער אין גענעראַל־שטאַב. ניין, די אַמאָליקע מיליטערישע קאַסטע פון צווישן־מלחמה־פוילן איז געלעגן אין שטויב. די, וועלכע זענען געבליבן ביים לעבן און אויפגעשווומען אין פוילן נאָך דער מלחמה, זענען געווען געפּסלט אַריינצובאַקומען זיך אין דער אַרמיי, שוין אָפּגערעדט אין גענעראַל־שטאַב. עס איז אַפילו געווען אַ וווּנדער ווען ס'איז ווער פון זיי געבליבן אויף דער פריי. דאָס פאָלקס־פוילן אין שפּאַן פונעם סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט געפאָדערט אַנדערע — אירע מענטשן. צו די בירגערלעכע קרייזן האָט מען קיין צוטרוי ניט געהאַט, צו אירע העכערע קרייזן — אַוודאי און אַוודאי ניט. צאָלרייכע נעצן האָבן אַדורכגעזיפּט די אָפּשטאַמונג, די פאַרגאַנגענהייט פון יעדן איינעם. שווער געווען אַריבערצוקריגן זיך דורך דער נעץ. איז מען שוין אַריבער די דאָזיקע נעץ, איז געווען אַ צווייטע נעץ. מע האָט זיך גע־בייטיקט אין עדות, רעקאָמענדאַציעס, און מענטשן האָבן זיך געהיט צו זיין

עדות, געבן רעקאָמענדאַציעס — זיי וואָלטן זיך ביי דער ערשטער נעגאַטיווער געלעגנהייט פאַרדעכטיקט געמאַכט, באַדראָט זיך אַליין....

דער בעסטער יִחוס־בריוו צו יענער צייט איז געווען די רעוואָלוציאָנע־רע פאַרגאַנגענהייט פונעם מענטשן: יאָרן פון קאַמף קעגן קאַפּיטאַליזם, פאַשיזם, יאָרן פון תּפיסה, לאַגערן.

איז געווען, קודם כּל, אין שטאַב אַ היפּשע צאָל חברים פון דער קאָמפּאַרטיי פון פראַנקרייך, בעלגיע, פּאַלעסטינע — געוועזענע שפּאַניע־קעמפער. מיר זענען געווען דעמאָלט די עליטע, אויסער יעדן פאַרדאַכט. עדות, רעקאָמענדאַציעס, פּערזענלעכע לעגיטימאַציעס, זענען געווען סתּם אַ פאַר־מעלע זאַך. מע האָט אונדז גוט געקענט אין די הויכע פּאַרטיי־אינסטאַנצן.

אינעם נאָך־מלחמה־פּוילן האָט ניט איין פּאָליאַק זיך באַמיט צו באַווייזן זיין רעוואָלוציאָנערן יִחוס, דערציילנדיק אַז ער האָט געצאָלט פאַר דער „רויטער הילף" (אַן אונטערערדישע מאַסן־אָרגאַניזאַציע צו הילף פּאָליטישע פאַרפאָלגטע), אָדער אַנדערע קאָמוניסטישע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. אָבער צו וואָס רעדן? די קאָמוניסטישע פּאַרטיי־מיטגלידערשאַפט איז אין פאַר־מלחמה־פּוילן באַשטאַנען פון אַן ערך 70 פּראָצענט, באַשיידן געזאָגט, ייִדן. זיי האָבן עס געלעבט מיטן געדאַנק און טרוים און געווירקט אויפצובויען אַ געזעלשאַפט אָן סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. זיי האָבן עס ערנסט געמיינט, געצאָלט דערפאַר שווער — מיט תּפיסה, פאַרפאָלגונגען — און ווייטער געגלויבט. זיי האָבן געזען פאַר זיך דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד — אַ רעאַלן באַווייז, אַז זייער חלום קען פאַרווירקלעכט ווערן. זיי האָבן גע־גלייבט, אַז איין זעקסטל פון דער ערד איז שוין באַפרייט פון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. זיי האָבן געקוקט אויפן סאָוועטן־פאַרבאַנד מיט זייערע פּאַרטייִשע אויגן פון צוטרוי, ליבע און האָפענונג, צו ווערן אַ מאָל אויך אַ טייל פונעם סאָוועטישן סיסטעם.

„מיר זענען אונטערערדישע סאָוועט־לענדער" — האָט געשריבן אַ קאָמוניסטישער דיכטער אין אַרגענטינע. „די סאָוועטן — אומעטום!" — האָבן געשריגן קאָמוניסטן אין די פאַרשידענע לענדער, אין אַלערליי שפּראַכן, ביז הייזעריק ווערן. איז וואָס פאַר אַ וווּנדער, אַז גלייך נאָך דער מלחמה זענען זיי אויפגעשוווּמען אין זייערע לענדער: אונגאַרן, טשע־

כאַסלאָוואַקיי, רומעניע, פוילן, גליקלעכע וואָס עס איז זיי לסוף געגעבן געוואָרן די מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן זייער טרוים — צו בויען פאַר אַנדערע און פאַר זיך אַ נײַ, פריי סאָציאַליסטיש לעבן ?

— דו זעסט די דאָזיקע הענט — האָט געזאָגט צו מיר אַן אַמעריקאַנער קאָמוניסטין, אַ טאָכטער פון אַ רב אין ניו־יאָרק, זיצנדיק ביי מיר אין דער היים, אין וואַרשע, בעת איר באַזוך אין פוילן, ווייזנדיק מיר די הענט — זעסט, מיט זיי האָב איך היינט געהאָלפן בויען דעם סאָציאַליזם — זי האָט ממש געוויינט פון גערירטקייט, וואָס מען האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט אַנצושליסן זיך, זאָל עס זיין אויף אַ פּאָר שעה, אין אַ פרייוויליקער אַרבעט־גרופּע, ביים רייניקן די וואַרשעווער חורבות און צוגרייטן דעם שטח צום בוי. דאָס איז געווען אַן אויפריכטיקער פּאַטאָס, וואָס איז יעדן פון די פּאַרטיי־חברים געווען אייגן — געלעגן טיף אין דער נשמה.

פון דעם דאָזיקן ברייטן, אויסגעפּרוּווטן רעזערוואַר האָט וואַצעק קאָמאַר געשעפּט מיט אַ ברייטער האַנט, צו באַזעצן אינסטיטוציעס ווי דער גענעראַל־שטאַב, זיכערקייט־אָרגאַנען. דאָס זענען געווען זיינע חברים. פון וואַנען דען האָט ער געזאָלט שעפּן ? ער האָט דערפאַר, מיט דער צייט, שווער באַצאָלט, אָבער לאָמיר זיך ניט נאַרן, וואָלט ער פון זיי ניט געשעפּט, וואָלט ער אויך באַצאָלט — אַזוי איז געווען דער ווילן פון אַלהעכסטן האַר ! אַרגומענטן דערפאַר האָבן ניט געפעלט.

אַן אַלטער יידישער פּאַרטיי־טוער, שמעון זאַכאַריאַש — זאָל אים די ערד גרינג זיין ! — האָט שפּעטער, ווען וואַצעק איז, אויפן סמך פון סטאַלין־בעריאַס אינסינואַציעס, אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין תּפיסה, אויפגעוויזן זיין „שולד" : „וואַצעק קאָמאַר האָט זיך אַרומגערינגלט מיט מענטשן פון שפּאַניע, פון פראַנקרייך, בעלגיע, פּאַלעסטינע — מענטשן פון אימפּעריאַליסטישע לענדער — און דערמיט געעפנט די טויערן פאַר פרעמדע אַגענטורן"...

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו יענע אַלטע טעג, באַטראַכטן אַ ביסל די שטאַב־אַרבעטער פון דעמאָלט.

געווען צווישן די שטאַב־אַרבעטער אַזעלכע, וועלכע זענען געקומען מיט די באַוואָפנטע פאָרמאַציעס פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, מיט דער אַזוי גע־רופענער בערלינג־אַרמיי. געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין

באוואַפּנטן קאַמף קעגן אָקופּאַנט אויף דער פּוילישער ערד, אין די וועלדער און שטעט, אין די פאַרשידענע לינקע באוואָפנטע איינהייטן ווי די פאָלקס־גוואַרדיע (גוואַרדיאַ לודאָווא), פּויערים־באַטאַליאָנען (באַטאַליאָני כלאָפּס־קיע) א״אַ.

זעלטן, אָבער דאָך, זענען אין שטאָב אַרויפגעשוווּמען אָפיצירן פון נעכטן, מענטשן וועלכע זענען געווען אויף דער עמיגראַציע, אין דינסט פון דער אַזוי גערופענער לאָנדאָן־רעגירונג. זיי האָבן דערפילט אַ פּוסטקייט, פּערספּעקטיוולאָזיקייט אַרום זיך, איבערגעוויגן זייער פאַרגאַנגענהייט — און באַשלאָסן זיך צוריקקערן קיין פּוילן. זיי האָבן זיך מודה ומתוודה געווען פון טיפן האַרצן און זיך געשטעלט צום דינסט פון נייעם פּוילן. מע האָט זיי אָנגענומען אויף געוויסע אַרבעטן אין שטאָב, אָבער ניט צו אַזעלכע וועלכע זענען געווען שטרענג געהיים. צום מערסטן האָט מען זיי געקענט טרעפן אין דער שטודיע־ביוראָ — זיי האָבן זיך אין דער דאָזיקער אַרבעט זייער אויסגעקענט. כ'האָב זיך מיט זיי געטראָפן בעת דער אַרבעט — גוט דערצויגענע, אינטעליגענטע — געווען מיט וועמען צו רעדן. זיי זענען געווען קאָרעקט, העפלעך אָבער אויף אַ דיסטאַנץ. מיר, די אַלטע פאַרטיי־חברים, האָבן געלעבט אין אונדזער קרייז, זיי — אין זייער. זיי האָבן געהאַט זייערע חברים צום גלעזל, צוםברידזש. חברשאַפט באַזירט זיך סוף כל סוף אויפן גרונט פון געמיינזאַמער פאַרגאַנגענהייט.

אָט, צווישן דעם דאָזיקן אַמאַלגאַמאַט פון מענטשן נאָענטע, אייגענע און ניט נאָענטע איז אויסגעקומען צו אַרבעטן, ווירקן.

# דער אָפּעראַטיווער דעפּאַרטאַמענט

דער אָפּעראַטיווער דעפּאַרטאַמענט איז געווען אָפּגעזונדערט — העכער איבער אונדז מיט אַ שטאָק. ער איז געווען אָפּגעשלאָסן פֿאַר אַלע די וועלכע האָבן דאָרט ניט געאַרבעט. מע האָט באַדאַרפֿט קלינגען, כּדי דאָרטן אַריינצוקומען, און די וועלכע האָבן אין דעם דאָזיקן דעפּאַרטאַמענט ניט געאַרבעט האָבן ניט געהאַט נאָך וואָס צו קלינגען...

דער אָפּעראַטיווער דעפּאַרטאַמענט איז געשטאַנען אין פֿאַרבינדונג מיט די אַמבאַסאַדעס — די מיליטערישע אַטאַשאַטן, מיט די באַזונדערע אַגענטן, צו וועמען עס זענען געשיקט געוואָרן אַנווייזונגען און פֿון וועלכע עס זענען געקומען ידיעות.

די קוואַלן פֿון די ידיעות זענען געווען אומלעגאַלע און לעגאַלע.

די אומלעגאַלע זענען געקומען פֿון מענטשן, מערסטנס פּאַרטיי־חברים, וועלכע זענען, פֿאַר דער זאַך פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, אַרויסגעטראָטן פֿון דער פּאַרטיי, פֿאַרניכטעט זייער פּאַרטייִשע מיטגליד־קאַרטע — אויפֿן באַפֿעל פֿון דער פּאַרטיי. זיי האָבן געהאַט, אָדער זיך פֿאַרשאַפֿט, באַציִונגען מיט מיליטערישע, האַלב־מיליטערישע, וויסנשאַפֿטלעכע, אינדוסטריעלע אינסטיטוציעס. אַ שוואָגער, אַ קרוב, אַ פֿריינד אין אַ כעמישן, אין אַן אַטאָמישן אינסטיטוט, אין מיליטערישע פּאָטענציעלע ערטער. אַן אינזשעניר, צום ביישפּיל, ביי נאַפֿט־פֿאָרשונגען אָדער אין וועלכער עס איז קריגס־פּראָדוקציע קען זיין אַ זייער וויכטיקער פֿאַרבינדונג־גליד. פֿון דעם באַקומט מען אָריגינעלע פֿאָטאָגראַפֿישע דאָקומענטן, באַריכטן, פּלענער, מאַפּעס — לאָמיר זאָגן אַ מאַפּע פֿון אַ נאַפֿטליניע און ענלעכע דאָקומענטן. אַ טייל פֿון די דאָזיקע מענטשן טוען עס צוליב אידעאָלאָגישע טעמים — צו העלפֿן דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אַ טייל פֿון זיי טוען עס פֿאַר געלט. אַ גוטע סומע געלט רייצט, קומט שטענדיק צו נוץ.

צום אָפּעראַטיוון דעפּאַרטאַמענט האָט אויך געשטראָמט אַ שלל פון לעגאַלע, אָפיציעלע מאַטעריאַלן, צוגעשיקטע דורך די מיליטערישע אַטאַ־שאַטן: אָפיציעלע אויסגאַבעס, ביכער, צייטונגען, זשורנאַלן, מאַפּעס — אפילו גענעראַל־שטאַב־מאַפּעס, אויף וועלכע עס זענען אָפּגעמערקט די קלענסטע וועגן און שטעגן, יעדע שטערונג אין שטח. עס זענען געקומען פּראָיעקטירטע בודזשעטן פון קריגס־מיניסטעריום פון די באַזונדערע מילי־טערישע טיילן: ים, לופט און לאַנד־כּוחות, צוגעשטעלטע צו דעבאַטע אין די פאַרשידענע פּאַרלאַמענטן — אַלץ וואָס קען נאָר האָבן אַ מיליטערישן אינטערעס. אין די מערב־לענדער קען מען אַלץ קויפן אין די פאַרשידענע בוכהאַנדלונגען, אומבאַגרענעצט. וואָס קען מען דען אין די מערב־לענדער ניט קויפן? אין סאָפיע, אין בולגאַריע, ווען כ׳האָב אין מיין האָטעל, ביי דער פּרוי פון דער רעצעפּציע, געבעטן דאָס טעלעפאָן־בוך, איז זי געוואָרן רויט און געל, ניט געוווּסט וואָס צו טאָן — דאָס איז דאָרט אַוודאי געווען „זייער סעקרעט..."

עס זענען אויך אָנגעקומען פּאַטאָס פון געגנטן מיט אַטאָמישע צי אַנדערע מיליטערישע איינריכטונגען, פּאַטאָס וואָס מע האָט געקענט מאַכן בעת אַן אויספלוג מיט אַ פּריוואַטן אויטאָ — די אַ מאַטעריאַלן האָבן געקענט מיליטעריש אינטערעסירן.

די אָנגעקומענע מאַטעריאַלן האָט דער אָפּעראַטיווער דעפּאַרטאַמענט צוגעשיקט צו די פאַרשידענע אָפּטיילונגען — ניט ווייניק צום סאָוועטישן אַדרעסאַט, וואָס איז געווען „ניט ווייט" פון דאָרט און צו די באַזונדערע אָפּטיילונגען פון שטודיע־ביוראָ, צו דער ענגלישער, אַמעריקאַנער א״אַ סעקציעס, פאַר וויטערדיקער באַטראַכטונג, פאַר אָפּשאַצונג: ווערזנטלעך, ריכטיק, צי וואָרשיינלעך.

די פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט איז אָנגעהאַלטן געוואָרן דורכן שיפער־ביוראָביים אָפּעראַטיוון דעפּאַרטאַמענט. דאָס דאָזיקע ביוראָ האָט די אָנפראַגעס, די אָנווייזונגען שיפרירט און איבערגעוויזן טעלעגראַפיש קיין אויסלאַנד. שליחים, אַגענטן, פאַרן געשיקט ווערן קיין אויסלאַנד, האָבן אַ געוויסע צייט געווײַלט אין אָפּעראַטיוון דעפּאַרטאַמענט, אינעם שטודיע־ביוראָ, צו באַקענען זיך מיט די פאַרשידנסטע פראַגעס אין געגעבענעם לאַנד.

זיי האָבן אויך געמוזט בלייבן אינם שיפער־ביוראָ ביז זיי האָבן זיך גוט באַקענט מיטן שיפער־סיסטעם. דאָס שיפער־ביוראָ האָט זיך, נאַטירלעך, גע־פונען אין די חדרי־חדרים פון אָפּעראַטיוון דעפּאַרטאַמענט — געווען אַ באַשטאַנדטייל פון אים.

צוליב קלאָרקייט וועט מיר אויסקומען צו דערמאָנען אייניקע פּערזאָנען, וועלכע כ׳האָב געקענט. זיי זיצן ווי איך איצט, אין מערב, אָדער זענען שוין ניט צווישן די לעבעדיקע. אויסרעכענען נעמען פון מענטשן וועלכע לעבן אין פּוילן, וועלכע האָבן געאַרבעט אָדער אַרבעטן נאָך איצט אויף פּאָסטנס — וויכטיקע אָדער אַפילו ווייניקער וויכטיקע — איז ניט פון די פּשוטע זאַכן — ס׳איז אויך ניט נייטיק.

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ נאָטיץ אין אַ ישׂראל־צייטונג: אַ דעלעגאַציע פון ישׂראל־זשורנאַליסטן איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין פּוילן. צווישן די פאַרשידענע באַגעגענישן האָט זיך דער שרייבער פון דער נאָטיץ געטראָפן אויג אויף אויג מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן פון איינעם פון די ערנסטע אָפּטיי־לונגען פון דער פּוילישער פּרעסע־אַגענטור, יאַלעס. צווישן אַנדערע האָט אים יאַלעס אַ פרעג געטאָן אויף העברעיִש וועגן צושטאַנד פון די אַרבעטער אין אַ געוויסן אַרבעט־אַנשטאַלט אין... ראשון לציון! ער האָט אים דערביי דערציילט, אַז פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, זייענדיק אין פּאַלעסטינע, אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָט ער אָנגעפירט מיט אַ שטרייק פונעם דאָזיקן אַרבעטער־קאָלעקטיוו. ווייזט אויס, אַז אין אָנבליק פון אַ ישׂראל־מענטש האָבן זיך ביי יאַלעסן אָפּגערופן אינטימע, וואַרעמע זכרונות. אַזאַ באַגעגעניש איז ניט קיין קליינער „סקופּ״ פאַר אַ זשורנאַליסט. צוריקקומע־נדיק קיין ישׂראל האָט דער דאָזיקער זשורנאַליסט, פאַרשטייט זיך, געשריבן וועגן דער דאָזיקער באַגעגעניש. ער האָט געשריבן דעם אמת, אָן איבערצו־טרייבן — אָבער ער האָט געשריבן! אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט דער זעלבער ישׂראל־זשורנאַליסט געשריבן אַ צווייטע נאָטיץ, וווּ ער האָט באַדויערט זיין ערשטע נאָטיץ. יאַלעס — ער איז אין צווישן געשטאָרבן — האָט אין זיין ביאָגראַפיע ניט דערמאָנט זיינע יאָרן אין ישׂראל, און די נאָטיץ אין דער ישׂראל־פּרעסע האָט אים „דעמאַסקירט״!

ווען ס׳וועט מיר אויסקומען צו דערמאָנען נעמען פון מענטשן וועל איך

קיין געוויסן־ביסן ניט האָבן. עס איז טאַקע געווען אַ געהיימע דינסט, מיט אייזערנע שאַפעס, מיט אויפשריפטן „שטרענג געהיים", מיטן פאַרבאָט צו דערציילן וועגן דער ארבעט, וועגן אירע מענטשן, אָבער דאָס איז געווען שוין לאַנג־לאַנג צוריק. אַ סך פון זיי זענען, ווי כ'האָב שוין דערמאָנט, ניט מער צווישן די לעבעדיקע. אַליין גייט מען פון דאָרט ניט אַוועק! אַנדערע זענען שוין לאַנג אַוועק קיין אויסלאַנד, ס'קען זיי שוין גאָרניט שאַדן.

כ'שרייב וועגן דעם, כּדי צו פאַרצייכענען אַ פאַרגאַנגענהייט, אַ צושטאַנד, וועלכער האָט געהערשט אין יענע נאָך־מלחמה־יאָרן, וועגן מענטשן און זייערע האַנדלונגען אין יענע טעג פון דער אַנטשטייונג פון פאָלקס־פּוילן. דאָס אַלץ — די מענטשן, די אַרבעט — איז היינט ניט מער בגדר סוד. מע קען פריי וועגן דעם שרייבן, עס פאַרצייכענען פאַר מענטשן, ווייט שטייענדיקע, וועלכע ווילן וויסן ווי איז עס פאַרט געווען.

רעדנדיק וועגן די מיטאַרבעטער פון דער צווייטער אָפּטיילונג, לאָמיר אָנהייבן מיט אַ זייער פּשוטן פון זיי, אַ געוועזענער קוילן־גרעבער, וואַצעקס אַ גאָר נאָענטער חבר פון שפּאַניע — יאַנעק אויגוסטיניאַק.

יאַנעקן האָב איך נענטער באַקענט אין איינעם פון די ערגסטע קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן אין פראַנקרייך, אין ווערנעט. ער איז געווען אַ זון פון אַ פּוילישן קוילן־גרעבער פון צפון־פראַנקרייך. קיין שפּאַניע איז ער געקומען זייער יונג. ער איז צוגעטיילט געוואָרן צו דער 129סטער בריגאַדע, וועלכע איז געווען אונטער וואַצעק קאָמאַרס באַפעל. יאַנעק איז מיט דער צייט געוואָרן זיין איבערגעגעבענער אַדיוטאַנט, ממש געגאַנגען פאַר אים אין פייער און אין וואַסער. ווען אַ טייל פונעם פראַנטאָפּשניט פון דער 129סטער בריגאַדע איז געווען שטאַרק באַדראָט, און די פעלד־טעלעפאָנען האָבן דרינגענדיק געפאָדערט הילף, האָט וואַצעק קאָמאַר רויק געענטפערט:

— האַלטן! כ'שיק אַרויס פאַרשטאַרקונג! — און ער האָט אַרויסגעשיקט אויגוסטיניאַקן מיט אַ מאַשין־געווער... און אויגוסטיניאַק איז געגאַנגען נישט וואַקלענדיק זיך.

ווען וואַצעק איז אַ פאַרווונדיקטער, אַ פאַרחלשטער, אָן כּוחות, געבליבן ביים לעצטן מאַשין־געווער, בעת ער האָט געדעקט דעם ריקצוג פונעם אָנגריף אויף סאַראַגאָסאַ, האָט יאַנעק, אין לעבנס־געפאַר, אים גענומען אויף זיך,

געטראָגן ביז אַ גוט מאַסקירט אָרט, פון וועלכן זיי האָבן שפּעטער, אין אָוונט, געקענט דערגיין צום שטאַב.

ניט קיין וווּנדער וואָס דער קאָמאַנדיר און דער סאָלדאַט האָבן זיך אַזוי צוגעבונדן איינער צום צווייטן. ווען וואַצעק איז שפּעטער, אין סטאַלין־בעריאַ־פּעריאָד, אַרעסטירט געוואָרן, איז אויך יאַנעק אַרעסטירט געוואָרן. בעת דער אויספאָרשונג האָט מען יאַנעקן געפּייניקט, געשלאָגן, אויסגעהאַקט די ציין, ווייל ער איז... אַ ייִדישער פּאַכאָלעק!

געווען אַ סך חברים און פריינד, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער אַפּעראַטיווער אָפּטיילונג. כ׳וועל ניט שרייבן וועגן אַלע, כאָטש ס׳וואָלט זיך באַקומען אַן אינטערעסאַנטע גאַלעריע פון טיפּן, אָבער דאָס וואָלט מיך ווייט אָוועקגעפירט. וועגן אַ פּאָר גאָר אינטערעסאַנטע פון זיי וועל איך אומבאַדינגט שרייבן — דאָס געוויסן צווינגט מיך פשוט דערצו. איינער פון זיי איז געווען סטאַניסלאַוו פּלאַטאָ. מיר האָבן אים גערופן שימחה, סטאַך, סטאַשעק — ווי מיר האָבן געוואָלט. פאַקטיש האָט ער געהייסן משה, אָבער שוין פון זעקסטן קלאַס גימנאַזיע, ווען ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל פון 14 יאָר, איז זיין פאַרנאָמען „געוואָרן" מענאַס. מע האָט געלאָזט דאָס ערשטע אות פונעם פאַרנאָמען „מ" (משה). אויך דער דאָזיקער פאַרנאָמען איז ניט געווען גענוג פּויליש און איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין סטאַניסלאַוו. מיט זיין פאַמיליע־נאָמען זענען בכלל ניט געווען קיין שוועריקייטן. ער האָט זיך לייכט אַרויסגעזאָגט אין פּויליש, פראַנצייזיש, דייטש. אַפילו אין כינע וועלן מיט דעם נאָמען ניט זיין קיין שוועריקייטן. די כינעזער וועלן אים רופן אויף זייער אופן: פּי־לאַ־טאָ! נו, קען זיין אַ בעסערער כינעזישער נאָמען? ווי זיין נאָמען, אַזוי אויך ער אַליין — ער האָט זיך אַריינגעפּאַסט אומעטום, מיט יעדן געווען נאָענט, אייגן.

פּלאַטאָ האָב איך געקענט נאָך פון שפּאַניע. אַ גוט אַנטוויקלטער, הויך און ברייט, מיט אַ שיין, פול סימפּאַטיש פּנים. שטענדיק גרייט צו העלפן, אַנטקעגנקומען, העלפן. ער איז געווען איינער פון אונדזערע בעסטע דאָקטוירים — אַן אַבסאָלווענט פון דער פּאַריזער מעדיצינישער שול. אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין גורס, האָט ער באַמערקט אַז איך זע שלעכט אויס — אַ וווּנדער? האָט ער מיך גערופן אויף אַ געזונטהייט־קאָמיסיע, צו באַטראַכטן. פאַרוווּנ־

דיקטע, קראַנקע חברים האָט מען אַרויפגעצויגן אויף אַ באַזונדערע ליסטע, מיט דער אויסרעכענונג ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַרויסנעמען זיי פון לאַגער, איבערשיקן קיין סאָוועטן־פאַרבאַנד — אַ גאולה, אויף וועלכע מיר האָבן אַלע געהאָפט. צום גליק איז די דאָזיקע האָפענונג ניט רעאַליזירט געוואָרן. ס'איז מיר באַשערט געווען ניט צו געניסן פון סטאַלינס רפואות אין קאָלימאַ, וואָרקוטאַ צי די סאָלאָוועטסקע אינדזלען...

אין די זומער־חדשים פון 1939, ווען מיר זענען געווען אין לאַגער גורס, איז פלאַטאָ מיט אַ צענדליק אַנדערע חברים־דאָקטוירים אויפגענומען געוואָרן דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ און געשיקט געוואָרן קיין כינע, וואָס איז דעמאָלט, אין אַ געאייניקטן נאַציאָנאַלן פראָנט, אונטער טשאַנג־קאַי־טשעקס באַפעל, געשטאַנען אין קאַמף קעגן דעם יאַפּאַנישן אַריינדרינגלער און האָט זיך שטאַרק גענייטיקט אין דאָקטוירים.

די אידיליע מיט טשאַנג־קאַי־טשעק, ווי מע געדענקט, האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן, און פלאַטאָ איז אַריבער צו דער אַכטער אַרמיי, אונטער דער פירונג פון מאַאָ־טסע־טונג. ער האָט מיטגעמאַכט מיט דער דאָזיקער אַרמיי די שווערסטע שלאַכטן — ביז דער פולשטענדיקער באַפרייונג פון קאָנטינענטאַלן כינע. וועגן די דאָזיקע יאָרן פון פלאַטאָ — פּי־לאַ־טאָ! — אין דער כינעזישער רויטער אַרמיי וועט שוין, ליידער, קיינער ניט דערציילן. ווער ס'האָט געקענט פלאַטאָ ווייס וויפל כוח, האַרץ און נשמה ער האָט אַוודאי אַריינגעלייגט אין יענע יאָרן. ער איז געווען אַ נאָענטער חבר פון מאַאָ־טסע־טונג, טשו־ען־לאַי, טשו־טע — אַ חבר, ניט פון שיינע ווערטער, נאָר איינער וואָס האָט מיטגעמאַכט די שווערסטע יאָרן פון קאַמף און פּיין פון כינעזישן פאָלק. ער איז אַוודאי גוט באַהאַוונט געווען אין די דאָזיקע ענינים. ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע צו פאָרשן די יאַפּאַנישע קריגס־פאַרברעכנס איז פלאַטאָ דאָרט צוגעטיילט געוואָרן ווי... כינעס פאָרשטייער!

אָבער פּי־לאַ־טאָ איז דאָך ניט געווען קיין כינעזער. ער איז געווען משה פלאַטאָ, געבוירן אין וואַרשע. אַ האַרציקער פּוילישער ייִד, האָט ער מיט די וואָרצלען געשטעקט טיף אין דער פּוילישער ערד. אַהין האָט ער געהערט און ביי דער ערשטער געלעגנהייט איז ער דאָרט אַוועק.

ווען כ'בין אין מיטן 1949 געקומען אין גענעראַל־שטאַב איז שוין פלאַטאָ דאָרט געווען אין פולער טעטיקייט — דער מוח פון אָפּעראַטיוון דע־פּאַרטאַמענט.

— וואָס־זשע טוסטו ? — האָב איך אים געפרעגט.

— כ'אַרבעט אין דער „פּראַלניע" (וועשעריי) — האָט ער געענטפערט. מיר אַלע האָבן מיט דער צייט אַזוי גערופן אונדזער אַרבעטסאָרט, די צווייטע אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי...

אָנהייב 1953, אין דער שוואַרצסטער תּקופה פון סטאַליניזם, איז פלאַטאָ אַרעסטירט געוואָרן. אַוודאי אַ „פּיינט פון פאָלק". וואָס ער האָט אַדורכגע־לעבט בעת דער אויספאָרשונג, אין די הענט פון די סטאַליניסטישע אָפּריטש־ניקעס — ווייס איך ניט. כ'האָב ניט ווייניק שפּעטער געשמועסט מיט פלאַטאָ נאָך זיין באַפרייונג. די דאָזיקע ווונד האָב איך ניט אָנגערירט. ער איז אַרע־סטירט געוואָרן ווען גאָמולקאָ איז שוין זייט אייניקע יאָרן געזעסן אין תּפיסה. פלאַטאָ איז אַרעסטירט געוואָרן אין איין צייט מיט זיינע נאָענטסטע חברים — קאָמאַר, לעדער. מע האָט, ווייזט אויס, געגרייט עפּעס גרויס, אַ ספּעקטאַקולערן פּראָצעס פון סאַבאָטאַזש און פאַרראַט. סטאַלין איז שוין דעמאָלט ניט געווען צווישן די לעבעדיקע, אָבער זיין ווערק האָט נאָך געלעבט. פלאַטאָ האָט עס גוט געפילט אויף זיין לייב און נשמה, ביז... סוף 1954.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז טשו־ען־לאַי זאָל זיך, אויף זיין וועג קיין מאָסקווע, פאַרהאַלטן אין וואַרשע. ער איז געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט — אַזאַ פּערזענלעכקייט פונעם מעכטיקן 800־מיליאָניקן כינעזישן פאָלק! — פוילן איז, וואָס אַן אמת, געגאַנגען אין שווערן שפּאַן פונעם סאָוועטן־פאַר־באַנד און געהאַט ניט ווייניק פּאָליטישע באַוואָרענישן לגבי דעם אויפגע־וואַכטן כינעזישן ריז, אָבער ווער ווייסט עס וואַגן צו זאָגן אַ וואָרט ווען צווישן צוויי אַזעלכע גרויסע קומט פאָר אַ וויכוח ? ! אָננעמען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג ? אַ נעגאַטיווע ? איין זאַך איז זיכער געווען: אַזאַ גאַסט טאָר מען ניט אונטער־שאַצן! האָט מען געמאַכט אַ ריזן־מיטינג אינעם גרעסטן, שענסטן זאַל פון וואַרשע — אינעם פּאַלאַץ פון קולטור און וויסן. דער זאַל איז געווען גע־פּאַקט ביזן לעצטן אָרט — זיצנדיק און שטייענדיק. יעדער זאַץ פונעם

גאַסט, וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן פון כינעזיש אויף פויליש, איז אויפגענומען געוואָרן מיט פלאַמיקע אַפּלאָדיסמענטן. צו פּראָדוצירן מאַסן־ענטוזיאַזם איז בכלל ניט שווער. אין דעם פּרט האָבן די טאָטאַליטאַרע מלוכות צו זיך קיין גלייכן ניט.

שפּעטער, אין אָוונט, בעת דער מלוכה־אויפנאַמע, האָט טשו־ען־לאַי אַ פרעג געטאָן אויף... פּי־לאַ־טאַ! די העכסטע פּאַרטיי־שפּיצן האָבן זיך איבערגעקוקט, געשמייכלט, פאַרצייכנט. די פראַגע איז געווען אַ קלאָרע. ס'איז זיי געוואָרן פינצטער און חושך פאַר די אויגן. אויף דעם האָבן זיי זיך ניט געריכט. אָבער אויף דעם איז פאַראַן אַ דיאַלעקטישע מאָראַל — אַ דיאַלעקטישע געזעצגעבונג. צו מאָרגנס איז פּלאַטאַ, אַ באַפרייטער, אַ באַנייטער, אַריין אין דער גאָר פאָרנעמער רעזידענץ פון טשו־ען־לאַי. וואָס אין שמועס צווישן טשו־ען־לאַי און פּלאַטאַ איז באַרירט געוואָרן — ווייס איך ניט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און כ'האָב אויף די גאַסן געגומען טרעפן חברים, אויף דער שנעל באַפרייטע נאָך צוויי־דריי יאָר תּפיסה...

פּלאַטאַ האָט באַקומען אַ גרויסע סומע געלט ווי אַנטשעדיקונג. ער האָט זיך געקויפט אַן אויטאָ — ניט פון די ביליקע זאַכן דעמאָלט. צו איינעם פון זיינע גאָר נאָענטע שול־חברים, וועלכער האָט שטאַרק געוואָלט וויסן פאַר וואָס ער האָט באַקומען געלט צו קויפן אַן אויטאָ, האָט ער לסוף אַ זאָג געטאָן:

— פאַר די קלעפּ וואָס כ'האָב באַקומען פון די רוסישע אויספאָרשערס...

מיט דער צייט איז פּלאַטאַ ווידער אויפגעשווומען אין פּעקין, דאָס מאָל ווי אַ יועץ אין דער פּוילישער אַמבאַסאַדע.

אין 1959, נאָך 7 שעה פליִען פון מאָסקווע מיטן טאָפּאָלעוו 102, בין איך אָנגעקומען אין פּעקין. עס איז שוין געווען אין די שפּעטע אָוונט־שעהען, אַרום 11 אַזייגער. איך בין שוין געלעגן אין בעט ווען פּלאַטאַ איז אַריינגעקומען. כ'בין געווען טויט־מיד, און כ'האָב ניט געהאַט קיין חשק צו שמועסן. כ'האָב געענטפערט אין אָנהייב מיט האַלבע ווערטער, מיט איינציקע ווערטער, אָבער לסוף זענען מיר אַריין אין אַ טיפן שמועס. כ'האָב אים געמוזט דערציילן וועגן גורל פון יעדן חבר, וועגן יעדער פּאָליטישער טענדענץ אין

לאַנד. דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן אַרום דריי שעה. מיר האָבן אָפּגערעדט זיך צו טרעפן מאָרגן אָוונט, און פאַרזעצן דעם שמועס אַרום אַ פעקינער קאַטשקע.

כדי צו פאַרשטיין די פייערלעכקייט פון אַזאַ סעודה אַרום אַ פעקינער קאַטשקע דאַרף מען אַ ביסל צוריקגיין צו יענער צייט, צו די ערשטע יאָרן, צו די ערשטע טריט פון דער כינעזישער פאָלקס־רעפּובליק.

מיין ערשטער באַזוך אין פעקין איז געווען אין 1956, אָבער איצט איז שוין געווען דאָס יאָר 1959. עס האָט נאָך געהערשט די עאופאָריע פון די ערשטע באַפרייונג־טעג, אַפילו אַ נאָך מער פאַרשטאַרקטע. דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, געטראָגן מיט די פיס דורך די אויסלענדישע אַריינדרינגערס, איז איצט אויפגעשטיגן הויך. שוין לאַנג זענען אָפּגעווישט געווען די אויפשריפטן: „פאַר הינט און כינעזער אַריינגאַנג פאַרבאָטן!” דער אונטער־וואַקסנדיקער דור האָט אַפילו קיין ענגליש ניט געוואָלט לערנען. טרעפן עמעצן וועלכער זאָל דיר ענטפערן אויף דיין פראַגע אין אַן אויסלענדישער שפּראַך — האָט מען ניט געקענט דערוואַרטן. כ׳האָב איינגעחזרט דעם כינעזישן נאָמען פון מיין האָטעל, כ׳זאָל קענען נאָכפרעגן אויב כ׳וועל צו ווייט אָוועקגיין, כ׳זאָל קענען צוריקקומען. מיין האָטעל האָט געהייסן „האָ־פּע”, האָב איך מיר פאַרגעדענקט דעם נאָמען שאָ־פּען, דאָס וועט מיר דער־מאָנען... דער צוריק באַקומענער נאַציאָנאַלער שטאָלץ האָט געשטראָמט פון יעדן כינעזער מיט וועלכן דו האָסט זיך געטראָפן. זיי האָבן געקענט די אָרעמקייט פון זייער לאַנד, אין רעזולטאַט פון לאַנגע יאָרן קאָלאָניאַלער הערשאַפט, פון שווערע יאָרן מלחמה און בירגערקריג. זיי האָבן אויפגענומען מיט שטאָלץ וואָס דער יונגער רעזשים האָט שוין באַוויזן צו טאָן, און געלעבט מיט די פּלענער פאַר דער צוקונפט, וואָס מע האָט פאַר זיי געמאָלן. אַרבעטן פון אַ גיגאַנטישן פאַרנעם, ווי בויען בריקן, דאַמבעס, האָבן מאַסן־מענטשן אויסגעפירט מיט די פרימיטיוויסטע מיטלען, מיט די בלויזע הענט, איבערטראָגנדיק ערד און שטיינער אין קוישן — מיט וואָס מע האָט זיך נאָר געקענט העלפן. די פירערשאַפט האָט באַפוילן, האָט מען געהאָרכזאַם אויסגעפירט אין די ענגע ראַמען פון די מעגלעכקייטן — דיסציפּלינירט, אָן צו פרעגן!

אין מעכטיקן פעקין האָב איך קיין פליג ניט געטראָפן. מאַאָ־טסע־טונג האָט געזאָגט: מע דאַרף פאַרניכטן פליגן! אין צוג פון פעקין קיין נאַנקינג האָב איך באַמערקט אַ פליג, געוויזן די קעלנערין. דאָס האָט ממש אַרויסגערופן אַ בהלה — היתּכן ?! די גאַנצע באַדינונג האָט זיך אַ וואָרף געטאָן. מע קען זיך פאָרשטעלן דעם סוף פון דער דאָזיקער לעצטער פליג...

ערגעץ אונטערן קלאָרן פעקינער הימל האָב איך באַמערקט אַ צעטומלטן, נעבעכדיקן פויגל, קלאַפּן מיט זיינע צעשויבערטע פליגל ווי אַ פאַרלוירענער אין אַפּאָקאַליפּסע־טעג. דאָס האָט מיר בולט געמאַכט, אַז כ׳האָב דאָרט ביז איצט ניט געזען קיין פויגל. מע האָט מיר אויפגעקלערט, אַז מאַאָ־טסע־טונג האָט געהייסן אומברענגען די פייגל. זיי פאַרניכטן דאָס געוויקס אויף די פעלדער! האָט מען זיך גענומען צו פאַרניכטן — אָן דיסקוסיע! מיר האָבן דיסקוטירט: ווי קען מען טאָן אַזאַ זאַך ? ס׳איז דאָך פּשוט ווי אָנרירן די גלייכגעוויכט אין דער נאַטור. די כינעזער האָבן ניט דיסקוטירט, זיי האָבן געטאָן ווי מאַאָ האָט געהייסן. מע האָט מיר אַפילו דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן עס געטאָן: ניט יעדן פויגל קען מען אומברענגען מיט אַ שטיין. האָבן די כינעזער זיך געשטעלט אויף די דעכער מיט ברעטלעך אין די הענט און ווען אַ פויגל איז געקומען צו פליִען, האָבן זיי געקלאַפּט, געמאַכט אַ רעש, אים איבערצושרעקן, פאַריאָגט ווייטער אויפן צווייטן דאַך, וווּ ס׳האָט אים געוואַרט דאָס זעלבע — און ער האָט געמוזט ווייטער פליִען, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז ער איז אַ מידער, אַ דערשעפּטער, אַראָפּגעפאַלן. דעמאָלט איז שוין זיין גורל געווען געחתמעט. דאָס איז געוואָרן אויסגעפירט איינהייטלעך דורך אַ פאָלק — אַ פאָלק, וואָס האָט געגלויבט, ניט געפרעגט קיין שאלות.

איבער די גאַסן האָסטו געזען מיליאָנען אָנגעטאָן אין בלויען אָוועראָל — אַלע־אַלע אויפן זעלבן אופן, און זעלבן מוסטער. פאַר אונדז, פון איראָפּע, האָט עס אויסגעזען ווי אַ סימן־דלות, אָבער ניט פאַר די כינעזער. אַ בלוי, איינהייטלעך מלבוש — יאָ, אָבער ניט נאַקעט! האָסטו געקוקט אויף די פיס, האָסטו געזען ווייסע גומי־מעשטעס, אָדער גאָר סאַנדאַלן מיט זוילן געמאַכט פון גומירעדער, אַרומגענומענע מיט שטריקלעך. פאַר אַ מענטש פון איראָפּע איז עס ניט געווען פון דער לעצטער מאָדע, אָבער די כינעזער

האָבן עס הויך געשאַצט. סאַנדאַלן פון גומי־רעדער, אָבער סאַנדאַלן זענען עס געווען — און ניט געדאַרפט אַרומגיין באָרוועס.

דאָס איז שוין ניט געווען מער די צייט ווען בעת אַ טריקעניש, ווי עס באַשרייבט אַזוי בולט פערל באַק אין איר בוך „די גוטע ערד", זענען געשטאָרבן פון הונגער אַרום פופצן מיליאָן מענטשן. ניין, איצט האָבן אַלע כינעזער געהאַט דריי מאָל אין טאָג זייער רייז. אין שפּייזוואַגאָן, פונעם צוג, צווישן האַנקאַו און נאַנינג, האָב איך געזען ווי די כינעזער עסן מיט געשמאַק זייער רייז, צוגעווירצט מיט גרינסן, שוואָמען. עס האָט מיר גע־מאַכט אַן אַפּעטיט און כ׳האָב אויך באַשטעלט אַזאַ פּאָרציע. נאָך די ערשטע פּאָר לעפל האָב איך עס אָוועקגעשטעלט — ניט געקענט עסן. פאַר די כינעזער איז עס געווען אַ געשמאַק מאַכל, אַ דערגרייכונג.

אין אַ מאָרגן־שעה האָב איך באַמערקט אויף די גאַסן, אויף די פּלעצער, מענטשן פון די שולן, ביוראָס, פאַבריקן, ווי זיי מאַכן גימנאַסטישע איבונ־גען — ערנסט מיט דבקות. מאַאָ־טסע־טונג האָט געהייסן מאַכן גימנאַסטישע איבונגען — דאָס פאָלק דאַרף געזונט זיין — האָט מען געמאַכט — ווי דען ?

און אָרנטלעך זענען זיי געווען — ניט גענומען וואָס איז ניט אייגנס. כ׳דערמאָן זיך: כ׳בין אַרויס פון האָטעל אין פּעקין. אויפן וועג צו מיין אויטאָ האָב איך געהערט דאָס רופן פון אַ דינער פונעם האָטעל. ער איז געלאָפן צו מיר און עפּעס געהאַלטן אין האַנט. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כ׳האָב אַוועקגעוואָרפן סקאַרפּעטן, וועלכע כ׳האָב ניט געהאַט קיין צייט צו געבן צו וואַשן, אָדער אַליין צו וואַשן. האָט זיי דער דינער אויפגעהויבן און ער איז מיר נאָכגעלאָפן, כדי מיר אָפּצוגעבן — און ניט, חלילה, נעמען עס פאַר זיך.

כ׳ווייס ניט ווי אַזוי די זאַכן האָבן זיך אַנטוויקלט אין די ווייטערדיקע יאָרן. כ׳נעם אָן, אַז מיטן לויף פון דער צייט האָט די „מענטשלעכע נאַטור" זיך גענומען אויסווירקן, און ניט תמיד אין פּאָזיטיוון זין, אָבער דעמאָלט, אין די טעג פון עופאָריע פון נאַציאָנאַלער באַפרייונג, האָט דאָס כינעזישע פאָלק געלעבט גליקלעך מיטן ווייניקן וואָס עס האָט געהאַט. קיין פּעקינער

קאַטשקעס האָבן זיי ניט געגעסן — אויף דעם האָבן זיך געקענט דערלויבן בלויז אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן.

אַ פּעקינער קאַטשקע איז אַ מאכל פֿאַרבונדן מיט אַ צערעמאָניע. דאָס עסן, וואָס שטעלט זיך צונויף פֿון פֿאַרשידענע צוגעריכטע טיילן, ווערט צוגעגרייט אַ לענגערע צייט. יעדער טייל פֿון דער קאַטשקע — לעבערל, פּופּיק, הערצל, אינגעווייד — ווערט צוגעגרייט מיט גרינסן, פּרוכטן, יונגע באַמבוס־שפּראָצונגען און יויכן, פּליסיקייטן מכּל המינים. די קאַטשקע אַליין ווערט געשטאָפּט, דורכגעצויגן דורך אַן אײַזערנעם שטאַנג, געפּרעגלט אויפֿן פֿײַער, דרייענדיק עס לאַנג, רעגלמעסיק. שווער אַ סך מאָל צו דער־קענען וואָס איז וואָס, אָבער עס איז גוט, באַטעמט. דאָס איז אַוודאי אַ מאכל וואָס די כינעזער האָבן פּערפֿעקציאָנירט במשך טויזנטער יאָרן פֿון זייער קולינאַרער קולטור.

עס איז געווען אין די זומער־חדשים. דער רעסטאָראַן איז געווען אין אַ גרויסער פּאַגאָדע, מיט אַ ספּעציעלן לוקסוס־אַרײַנגאַנג. פּלאַטאָ איז מיט זײַן אויטאָ — איצט אַ זייער מאָדערנער, די פֿענצטער האָבן זיך אויפֿגע־הויבן, אַראָפּגעלאָזט עלעקטריש, אויפֿן דרוק פֿון אַ קנאָפּ — צוגעפֿאָרן גאַנץ נאָענט. ס'איז ניט געווען קיין פּראָבלעם צו געפֿינען אַ פּלאַץ פֿאַרן אויטאָ.

דער רעסטאָראַן איז געווען פֿאַרטיילט אויף באַזונדערע צימערן, אָפּגע־טיילט מיט דינע ווענט פֿון געוואַנט אָדער האָלצגעוועב. דורך די ווענט האָסטו געהערט פֿאַרשידענע גרופּעס וועלכע זענען דאָרט געזעסן. אין צימער, אין אונדזער שכנות, איז געזעסן אַ טשעכישע גרופּע. זיי האָבן געוואָרט אויף זייער קאַטשקע און דערווייל געזונגען זייער „שלאָ דיוועטשקאַ דאָ לאָסע־טשקאַ", געטומלט, געטרונקען. אונדז האָט עס ניט געשטערט. מיר האָבן באַשטעלט אַ האַלבע קאַטשקע, פֿון וועלכער מיר האָבן ניט ווייניק איבערגע־לאָזט, און מיר האָבן געשמועסט. ווען מען האָט אַרײַנגעבראַכט די פֿאַר־שידענע מאַכלים, האָבן מיר ווייטער געשמועסט — מער געשמועסט ווי געגעסן. עס איז געווען אַ שמועס וועגן שווערע פֿאַרגאַנגענע יאָרן אויף דער עמיגראַציע, אין שפּאַניע, אין די לאַגערן — אַ שמועס וועגן נאָענטע, אייגענע

מענטשן, וועלכע זענען אונדז אָנגעגאַנגען. די ענינים פֿון דער „פּראַלניע״ האָבן מיר ניט באַרירט. די גוטע זייטן, די שלעכטע, האָבן מיר גוט געקענט — ניט געוואָנען וועגן וואָס צו רעדן. פֿאַרטונקלט אונדזער באַגעגעניש האָט דער פֿאַרנעפּלטער פּאָליטישער האָריזאָנט, וועלכער האָט זיך אויסגע־ברייטערט פֿון מיזרח־זייט איבער פּוילן. מיר האָבן געשמועסט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. פֿלאַטאָ האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיטן מצב אין פּוילן...

מיין צוריקוועג פֿון סאַיגאָן קיין וואַרשע אין יאָר 1960 האָב איך דאָס מאָל געמאַכט דורך באַנגקאָק, דעלהי, תּל־אביב, ניט ווי געוויינלעך דורך האַנאָי, פּעקין, מאָסקווע. כ׳האָב זיך מיט פֿלאַטאָ ניט באַגעגנט. כ׳ווייס ניט ווען ער האָט פֿאַרלאָזט זיין פּאָסטן אין פּעקין, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע. כ׳ווייס, אַז אין דער „פּראַלניע״ האָט ער מער ניט געאַרבעט. ער האָט זיך צוריקגעקערט צו זיין מעדיצינישער פּראַקטיק. ווי אַ מעדיקער, מיט זיין דערפֿאַרונג, איז ער אַוודאי אין יעדן גרעסערן שפּיטאָל אויפֿגענומען געוואָרן מיט אָפֿענע אָרעמס. פֿאַרשטייט זיך, אַז אַלץ וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין פּוילן אין די יאָרן פֿון גאָמולקאַ־רעזשים האָבן אים ניט גע־לאָזט גלייכגילטיק.

נאָך דעם זעקסטאָגיקן קריג איז פֿלאַטאָס לאַגע געוואָרן אומדערטרע־גלעך. ער איז שוין דעמאָלט געווען שווער האַרצקראַנק און צעבראָכן. די טאָכטער און דער זון זיינע זענען דורך די כוואַליעס פֿון אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן געוואָרן פֿאַרטראָגן קיין שוועדן. ער און זיין פֿרוי זענען געבליבן אין וואַרשע.

אין 1972 איז פֿלאַטאָ אַריבערגעפֿאָרן קיין מיזרח־בערלין כּדי דאָרט דורכצומאַכן אַ שווערע מאָגן־אָפּעראַציע. דאָרט איז אויך אַריבערגעקומען זיין טאָכטער פֿון שוועדן, כּדי צו זיין מיטן פֿאָטער בעת דער אָפּעראַציע. דאָרט, אין מיזרח־בערלין, איז געשען דאָס אומגליק. ערגעץ אין אַ האָטעל־צימערל האָט זיין וואָרעם, פֿילעוודיק האַרץ געפּלאַצט, ניט געקענט מער אויסהאַלטן. צו קבורה איז ער געבראַכט געוואָרן, נאָך זיין קרעמאַציע, אין שוועדן. זיין משפּחה האָט ניט געוואָלט איבערגעבן אַפֿילו זיין אַש דער פּוילישער ערד, אויף וועלכער ער איז אַזוי באַשפּיגן, באַליידיקט און דער־

נידעריקט געוואָרן. דאָרט, אין שוועדן, ליגט ער, ווייט פון זיינע פריינד, פון דער באַוועגונג, פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגעגעבן זיין געזונט און לעבן.

פלאַטאָ איז געווען דער מוח פון אַפּעראַטיוון דעפּאַרטאַמענט. איר פּראַקטישער לייטער איז געווען דער קאָלאָנעל ראָמאַן ביעלסקי.

ביעלסקי איז, ווי אַ יונגער מענטש, אַרום די 40ער, געקומען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד אַליין. דער פאָטער, אַן אָנגעזעענער טוער פון דער קאָמו־ניסטישער פּאַרטיי פון פוילן, העלנריק וואַלעצקי, לויטן ריכטיקן נאָמען האָראָוויץ — אַ ייִדישער נאָמען איז אין פוילן קיין מאָל ניט גוט געווען! — איז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין די שפּעטערע 30ער יאָרן „ליקווידירט" גע־וואָרן — אַוודאי אַ פאַררעטער, אַ שפּיאָן, ווי דען? ראָמאַן, אַ יונגער חברה־מאַן, אַ פליִער פון סאָוועטישן לופטפלאָט, נאָכן פאַרענדיקן די אַקאַדעמיע פאַר פליוועזן אין מאָסקווע, האָט געהאַט מזל. אין 1937 איז ער „בלויז" פאַרשיקט געוואָרן ערגעץ אין אַ לאַגער אויפן ווייטן צפון. דאָס האָט צעבראָכן זיין גאָר יונג פאַמיליע־לעבן. זיין פרוי האָט אים פאַרלאָזט, אָנגעהויבן אַ ניי לעבן מיט אַ צווייטן מאַן. די יונגיטשקע טאָכטער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון איר פאָטער, דעם „פאַררעטער פונעם סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד".

ביעלסקי האָט געמוזט זיין ניט נאָר אַ בר־מזל, נאָר אויך אַ פעיִקער מענטש. אין בֿרען פון פאָטערלענדישן קריג האָבן זיך די סטאַלין־סאַטראַפּן אין אים דערמאָנט. ער איז צוריקגערופן געוואָרן אין אַקטיוון מיליטערישן דינסט. ער האָט אַוודאי אין דער אַרמיי געמוזט אַדורכמאַכן ניט קיין לייכטן וועג. קיין פוילן איז ער געקומען באַליגט מיט מעדאַלן, מיטן פולן מיליטע־רישן טיטל — קאָלאָנעל.

און אָט זענען זיינע נאָענטסטע חברים — וואַצעק קאָמאַר, פלאַטאָ, לעדער — אַרעסטירט געוואָרן. די וויזיע פון די פאַרגאַנגענע קאָשמאַר־יאָרן איז אויפגעשווומען פאַר זיינע אויגן. ער האָט עס גוט געדענקט פון טאַטנס הויז. כ'דערמאָן זיך אינעם טרויער אין זיינע אויגן. כ'געדענק אַן אָוונט ביי איוועט טראַיאַן אין הויז. איוועט, אַ פראַנצויזין, האָט איינגעאָרדנט אירע אָוונטן מיט טראַסק, לויט אַלע סאַלאָן־כּללים. יעדנס אריינקום איז פייערלעך אָנגעזאָגט געוואָרן. כ'דערמאָן זיך ווי זי האָט פייערלעך אָנגעזאָגט:

— מעסיע לע קאָלאָנעל ביעלסקי!

ביעלסקי איז אַריין אין סאַלאָן, זיך אויסגעמישט צווישן אונדז. דער וואָלקן איבער זיין שטערן איז געבליבן הענגען, ער האָט אים ניט פאַרלאָזט.

דער אַרעסט פון זיינע נאָענטסטע חברים האָט אים מיט איין מאָל צוריקגעברענגט צו די אַלטע טעג. ער האָט עס מער ניט געוואָלט מיטמאַכן. ביי זיין אַרבעטסטיש, מיט אַ רעוואָלווער־שאָס, געצילט גלייך אין מוח, האָט ער אַ סוף געמאַכט צום דאָזיקן קאָשמאַר.

אויפן פּאָוואָנזקער בית־עולם אין וואַרשע האָט אים אַ קליינע גרופּע חברים געברענגט צו זיין אייביקער רו. זיי האָבן אים באַערדיקט מיט זייערע אייגענע הענט. עס זענען ניט געווען קיין ערן־סאַלוועס. זיי האָבן אים באַערט מיט אַ מינוט שווייגן און דערנאָך, מיט טרערן אין די אויגן, געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל".

די זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן גוט געוווּסט וואָס עס איז פאָרגעקומען אויפן בית־עולם ביי זיין קבר, געוווּסט וועגן יעדן איינעם וואָס איז דאָרט געווען. זיי האָבן גענומען אַרויסרופן צום פאַרהער. נאָכן ערשטן אַרויסגערופענעם איז דער פאַרהער איבערגעריסן געוואָרן. אויף דער פראַגע פאַר וואָס ער האָט געזונגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל", האָט דער אַרויסגערופענער געפרעגט צי דער „אינטערנאַציאָנאַל איז פאַרבאָטן ווי אַ געזאַנג". דערמיט איז דער ענין געשלאָסן געוואָרן.

דער תהום פון ציניזם האָט, ווייזט אויס, אַ גרענעץ!

# דאָס שטודיע־ביוראָ — די אַרבעט, אירע מענטשן

איצט וועלן מיר אַריינגיין אין מיין אַרבעטסאָרט — אין שטודיע־ביוראָ פון דער צווייטער אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאָב פון דער פּוילישער אַרמיי אין דער ענגלישער סעקציע.

די ענגלישע סעקציע, אין וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען מאַיאָר עדוואַרד שטראַוס, איז געווען אַ טייל פון שטודיע־ביוראָ, וועלכע האָט אויך געהאַט אַ פראַנצייזישע, אַמעריקאַנישע, דייטשישע, איטאַליענישע און סקאַנ־דינאַווישע סעקציע. זיי האָבן אַלע געמאַכט אַן אַנאַלאָגישע אַרבעט וועגן די באַוואָפנטע כוחות און מיליטערישע אָביעקטן פון זייערע באַשטימטע לענ־דער — אַוודאי לויטן סאָוויעטישן מאָדעל.

דער אָפּעראַטיווער דעפּאַרטאַמענט האָט צוגעשטעלט מאַטעריאַלן און די שטודיע־ביוראָ האָט די דאָזיקע מאַטעריאַלן באַאַרבעט. עס איז אויסגע־קומען צו אַרבעטן, ווי שוין געזאָגט, איבער לעגאַלע און ניט־לעגאַלע מאַטעריאַלן. אַפילו די לעגאַלע מאַטעריאַלן האָבן אין זיך פאַרמאָגט אַ שלל מיט אינפאָרמאַציע. כ'וועל דערמאָנען, ווי אַ ביישפּיל, די פּראָיעקט־בודזשעטן פון די בריטישע ים־לופט־און לאַנד־כוחות. אינעם פּראָיעקטירטן בודזשעט פונעם ערשטן ים־לאָרד פון דער בריטישער אַדמיראַליטעט, זענען פּינקטלעך אָנגעגעבן וויפל איינהייטן, וויפל אָפיצירן, מאַנשאַפט, וויפל ציוויל־אַרבעטער אין די מיליטערישע וואַרשטאַטן, וויפל עס דאַרף קאָסטן. דאָס זעלבע — אין די פּראָיעקטן פון די לאַנד און לופט־כוחות. קענסט אַפילו נעמען די פריערדיקע פּראָיעקטן און פאַרגלייכן. מיט אַ בלייפעדער אין האַנט ווערסטו פון דאָרט ניט ווייניק אַרויסנאָטירן. מיט זייערע סאָוויע־טישע קעגנער האָבן עס די ענגלענדער ניט אַזוי לייכט — ניט פאַראַן אַזעלכע פאַרעפנטלעכע פּראָיעקטן, און דער אַלגעמיינער סאָוויעטישער

מיליטערישער בודזשעט איז ניט קיין קליינע רעטעניש — ניט ווייניק מילי־טערישע הוצאות שטעקן דאָרט אין די אַנדערע מלוכישע אויסגאַבעס — אין אינדוסטריע, וועגן־בוי — גיי ווייס ווו אַלץ! אין ענגלאַנד קען מען עס דערגרייכן אין דער ערשטער בעסטער בוכהאַנדלונג. ניט צום אונטער־שאַצן איז די פרעסע — „טיימס", „דיילי טעלעגראַף" א״אַ. זיי ווערן פּינקטלעך געלייענט. אַלע גרעסערע און קלענערע מיליטערישע בייעסן ווערן אויפמערקזאַם נאָטירט — אַפילו אַ נעקראָלאָג, אַ טויטפאַל פון אַן אָפיציר, פון אַ סאָלדאַט, ווערט אויפמערקזאַם פאַרצייכנט — ניט כּדי צו פאַראייביקן דעם נאָמען פון דעם דאָזיקן מיליטער־מאַן, נאָר פון דער מיליטערישער איינהייט, וועלכע געפינט זיך אויף אַזאַ און אַזאַ אָרט...

האָבן מיר געוואָלט וויסן וועגן די בריטישע באַוואָפנטע כּוחות אין דייטשלאַנד, איז אויף דעם געוועזן אַ באַזונדערס רייכע ליטעראַטור — ביכער, צייטונגען, זשורנאַלן. דאָרט האָט מען געפונען אַ שלל מיט מאַטע־ריאַל. האָסט געקענט געפינען די אָפּצייכענונגען פון יעדער באַזונדערער איינהייט — טאַנקען, אַרטילעריע, אַנטי־לופט־איינהייטן, פוסגייער־איינ־הייטן. די חודשלעכע שריפטן, אַרויסגעגעבן דורך די בריטישע כּוחות, זענען פול געווען מיט ידיעות, מעלדונגען, בילדער — האָסט נאָר באַדאַרפט לייענען און צייכענען. אויסער די אָפיציעלע מעלדונגען, פון די באַזונדערע איינהייטן, איז אויך געווען די געוויינלעכע כראָניק: דער אונטער־אָפיציר פון דער און דער איינהייט האָט אין אַן אויטאָ־צוזאַמענשטויס צעבראָכן אַ פוס — ווערט עס פאַרנאָטירט. ניט כּדי מיט דער צייט זיך נאָכצופרעגן וואָס דער אומגליקלעכער אונטער־אָפיציר מאַכט — מע אינטערעסירט זיך מיט זיין איינהייט, מיטן נומער פון זיין קאָמפּאַניע, באַטאַליאָן, רעגימענט; פון וואַנען ער איז געפאָרן, וווהין, קען אויך זיין אינטערעסאַנט...

פאַראַן אין זיי אויך באַריכטן וועגן פוטבאָל־מעטשן, ספּאָרט־פאַר־מעסטונגען צווישן מאַנשאַפטן פון פאַרשידענע איינהייטן. אין דעם פאַל ווערן ניט פאַרצייכנט, זייט רויק, די צאָל אַריינגעשאָסענע גאָלן, אָדער דערגרייכטע שפּרינג־דיסטאַנצן — מיט דעם קוויקן זיך, וואָס אַן אמת, די וועלכע זענען געווען אין ענגלאַנד און קענען די דאָזיקע איינהייטן! — אָבער, ווידער אַ מאָל, פאַרצייכנט ווערן די נומערן פון די מאַנשאַפטן, זייערע

איינהייטן, צי פון אַרטילעריע, אַנטילופט־אַרטילעריע, געפּאַנצערטע איינ־הייטן אאַ״וו.

אַ סך מאָל האָסטו געפונען אַ בילד פון אַ מאַנשאַפט אַרום אַ טאַנק — אַזאַ מין גרוס פאַר דער ווייטער היים. פאַרשטייט זיך, קיין נאָענטע פאַ־מיליע־געפילן האָט עס ביי אונדז ניט אַרויסגערופן, אָבער מע האָט זיך פאַרצייכנט דעם נומער פון דער איינהייט. טייל מאָל איז אויך דער טאַנק געווען פּאַטאַגעניש — איז כּדאַי געווען צו פאַרצייכענען, אויסשניידן... פון לעגאַלע קוואַלן קען מען נישט ווייניק געוווּיר ווערן, טייל מאָל באַשטעטיקן זיי, דערגאַנצן אַ ידיעה פון אַן אַגענטור־קוואַל, טייל מאָל רעגן זיי אָן, און טייל מאָל איז עס אַ קאָפּיע פון אַ מאַטעריאַל וועלכן אַן אַגענט שיקט צו, אַ מאַטעריאַל, וועלכן ער האָט כּלומרשט דעראָבערט, אונטער אַ שרעקלעכער געפאַר און גענומען דערפאַר אַ גרויסע באַלוינונג...

און אַזוי, אַלץ צוזאַמען גענומען, באַקומט זיך אַ בילד פון קעגנערס כּוחות, זייער דיסלאָקאַציע, באַרייכערט מיט בילדער פון זיינע אַרעאָפּלאַ־נען, קאַנאָנען, טאַנקען און כּל מיני געווער — אַ בילד וועו אויך נישט קאָמפּלעט, — ניט צום אונטערשאַצן!

דער סאָוויעטישער פּולקאָווניק, ביעלאַיעוו, איז אַריינגעקומען צו מיר אין ביוראָ — וואָס איז געווען זיין אויפגאַבע, דאַרף מען ניט פרעגן, איך האָב אויך ניט געפרעגט — ער האָט מיך געפרעגט:

— אויף וויפל שאַצסטו די בריטישע איינהייטן אין דער ענגלישער אָקופּאַציע־זאָנע אין דייטשלאַנד?

כ׳האָב אים אָנגעגעבן מיט איין דיוויזיע מער ווי עס איז געווען אָפיציעל אָנגעגעבן.

— פון וואַנען האָט זיך ביי דיר גענומען די דאָזיקע צוגאָב־דיוויזיע?

— האָט ער געוואָלט וויסן.

כ׳האָב אים געוויזן אַ ליסטע פון קאָמפּאַניעס, באַטאַליאָנען, הילפסאיינ־הייטן און יעדער אָפיציר ווייסט וויפל קאָמפּאַניעס פאָרמירן אַ באַטאַליאָן, וויפל באַטאַליאָנען אַ פּולק, וויפל פּולקן — אַ בריגאַדע, וויפל בריגאַדעס — אַ דיוויזיע — מע דאַרף דערצו ניט זיין קיין נאַפּאָלעאָן און ניט קיין קלאַוזעוויץ.

— מאַלאַדיעץ! — האָט ער אויסגערופן. די ליסטע פון די אָנגעגע־בענע איינהייטן, ציטירט לויט די צייטונג־קוואַלן, האָט אימפּאָנירט — מ׳האָט ניט געקענט זי אָוועקמאַכן מיט דער האַנט.

צי איז זי געווען פּינקטלעך, אַקטועל — מיט דעם האָבן זיך שוין אַנדערע אינסטאַנצן געדאַרפט פאַרנעמען. דאָס איז אַ מוראשקע־אַרבעט פון פאָרשן, קאָנטראָלירן, כאָטש איצט, אין דער צייט פון קאָמפּיוטערס, איז די זאַך זייער פאַרלייכטערט. אמת, ביז די ידיעה דערגייט צום שטאַב, ענדערט זיך די לאַגע ניט ווייניק. ביז דער באַפעל פון שטאַב דערגייט צו די אָפּערירנדיקע איינהייטן אויף דער שלאַכט־אַרענע — ענדערט עס זיך ווידער און אין דער לעצטער אינסטאַנץ דאַרף דאָס דער קאָמאַנדיר אויפן פראָנט דעצידירן.

אָבער די געזאַמלטע ידיעות העלפן פאַרשטיין — אַוודאי הענגט עס אָפּ, אין וועמענס הענט די ידיעות פאַלן אַריין. זיי קענען אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ מאַרשאַל גרושי (Grouchy), וועלכער פאַרשטייט ניט און פאַרטאַכליעוועט די שלאַכט אָדער אין די הענט פון אַ וועלינגטאָן...

צי זענען היינט צו טאָג די אַרבעט־מעטאָדן די זעלבע? כ׳ווייס ניט. איינס קען איך זאָגן: די דורך מיר דערמאָנטע מעטאָדן וואָלט איך מיט אַ לייכטער האַנט ניט פאַרוואָרפן.

לאָמיך ביי דער געלעגנהייט דערמאָנען אייניקע פון די וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אַרבעט אין שטודיע־ביוראָ. אונדזער שעף איז געווען פּאָלקאָווניק יורעצקי, אַ פאַר־מלחמה־אָפיציר, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דער לאָנדאָנער עמיגראַציע. ער איז געווען אַלט, געראָדט פּאַמעלעך און זיך באַוועגן נאָך פּאַמעלעכער. צווישן די צאָלרייכע יונגע, מיט לעבן פּולסירנדיקע אָפיצירן, האָט ער אויסגעזען ווי אַ שווערע, פאַרגליווערטע מאַסע, וועלכע פאַרשטיינערט אין זיך אַ פאַרגאַנגענהייט, אַ נעכטן וואָס איז אַוועק, אָן אַ האָפענונג צוריקצוקומען. כ׳גלייב ניט, אַז ער זאָל האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך עפּעס פון דער קעגנוואַרט. ער איז געווען ווי אַ פאַרבינדונג צו דער פאַרגאַנגענהייט, פּאַקטיש אָבער ווי אַ בריק וואָס רייסט זיך איבער אין מיטן און פאַרבינדט מיט גאָרניט. דער

אַלטער פּוילישער אָפיציר איז דאָ געווען ווי אַ שילד, אונטער וועמען עס האָט זיך געפירט דאָס געשעפט.

די מאַטעריאַלן, וועלכע כ׳האָב דערמאָנט, זענען אונדז צוגעשטעלט געוואָרן אין אַזוי גערופענע פּאַפּיר־העמדלעך, אין וועלכע מיר האָבן נאָכן לייענען, באַטראַכטן, געגעבן אונדזער אָפּשאַצונג, מיינונג. זיי זענען דער־נאָך איבערגעוויזן געוואָרן יורעצקין. ער האָט טייל מאָל געשטעלט אַ פראַגע־צייכן, געמאָנט דערגאַנצונג אָדער בלויז געגעבן זיין אונטערשריפט. אין אַלגעמיין זענען פון אים קיין ערנסטע באַמערקונגען ניט געקומען. טייל מאָל האָט ער צוגעשטעלט אַ קאָמאַ, אַ פּינטעלע אָדער דערגאַנצט אַ וואָרט צוליב גראַמאַטיק און סטיליסטיק.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט ער געמוזט פאַרלאָזן זיין אָרט. דאָס וואָלט נאָך ניט געווען דאָס ערגסטע. אַ ביסל שפּעטער איז ער „צוגע־טשעפּעט״ געוואָרן צו דער גרופּע הויכע אָפיצירן טאַטאַר־קירכמייער, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט, אונטער דער באַשולדי־קונג פון פאַרראַט!

כ׳האָב אים געזען בעתן פּראָצעס. ער איז געזעסן, געציטערט. אין זיינע הענט האָט ער געהאַלטן דאָס שנירל קרעלן מיטן צלמל. די ליפּן האָבן געשעפּטשעט אַ „פּאַטער נאָסטער״ און ער האָט איבערגערוקט אַ קרעל אויפן שנירל...

אָרעמער אַלטיטשקער, וויפל שרעק ער האָט געמוזט אויסשטיין! ער איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. כ׳האָב אים דערנאָך באַגריסט אַ שוואַר־גייענדיקן, געשטיצט אויף אַ שטעקן, איבער די וואַרשעווער גאַסן. ער האָט קיינעם ניט געשטערט.

זיין „פּאַטער נאָסטער״ האָט אים דאָך געהאָלפן, מער ווי דעם אומגליק־לעכן מאַכאַלאַ, יונגהערץ און די אַנדערע 15 אָפיצירן, זיינע חברים, וועלכע האָבן שוין די שיין פון דער וועלט נישט מער געזען. מע האָט זיך דערנאָך געריכט אַז פּוילן איז ניט רוסלאַנד — „בלויז״ ביינצן זענען אומגעקומען אין יענע טעג, ניט קיין פּופּצן מיליאָן ווי אין סטאַלין־לאַנד. אַפילו ניט ווי אין אונגאַרן אָדער אין טשעכאָסלאָוואַקיע.

יורעצקין איז אַפילו אויסגעמיטן געוואָרן דער גורל פונם סעקרעטאַר פון דער פוילישער מיליטערישער אַקאַדעמיע.

דער דאָזיקער סעקרעטאַר, אַ לייטענאַנט־קאָלאָנעל, איז אָן אַ פּאַר־וואָס, ווי ס'האָט זיך געפירט אין יענע לענדער פון „פרייהייט און יושר", אַרעסטירט געוואָרן, צוזאַמען מיט זיינע באַפעלגעבער, די גענעראַלן קירכמייער און טאַטאַר. ער האָט געדאַרפט זיין אַן עדות וועגן דער פאַר־בינדונג וואָס זיינע באַפעלגעבער האָבן געהאַט מיטן אימפּעריאַליסטישן שונא. ער האָט זיך פאַרטיידיקט מיט אַלע כּוחות, אַז ער ווייסט פון גאָרניט, אָבער בעת דער אויספאָרשונג האָט מען אים צוגעדריקט צו דער וואַנט: „דו ביסט אַ פּאַרטיי־מיטגליד, צי ניט?! די פּאַרטיי בייטיקט זיך אין באַווייזן קעגן די דאָזיקע שונאים, קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן!" „אָבער ווי קען איך געבן פאַלשע עדות־דערקלערונגען, און חוץ דעם, וועל איך דאָך אויך זיך אַליין דערמיט באַשולדיקן!" — „דיר וועט גאָרניט געשען. דו וועסט באַפרייט ווערן" — האָט מען אים פאַרזיכערט. ער האָט אונטערגעשריבן, אָבער זיין געוויסן האָט אים ניט געגעבן קיין רו. „האָסט געגעבן פאַלשע עדות!" — „די פּאַרטיי פאָדערט" — האָט ער אָפּגעענט־פערט זיין געוויסן. „אָבער עס איז ניט אמת — ווי קען די פּאַרטיי פאָדערן פון מיר אַ ליגן?" — „ס'איז אין אינטערעס פון דער פּאַרטיי" — האָט מען אים געהאַמערט אין מוח ווי עס איז איינגעבירגערט געוואָרן דער לעניניסטישער פּרינציפּ: „דער ציל הייליקט די מיטלען!" — „אָבער, ווי קען איך העלפן פאַרמשפּטן אומשולדיקע מענטשן אויף לאַנגע יאָרן צי אַפילו אויף טויט" — האָט דאָס געוויסן ווייטער געטענהט — „ניין, כ'וועל עס ניט טאָן! בעתן משפּט וועל איך אויסשרייען דעם גאַנצן אמת!"

עס איז געקומען דער טאָג פון משפּט. מען האָט אים אַריינגעפירט אין גרויסן געריכטזאַל. אַלץ איז געווען צוגעגרייט פייערלעך. ער האָט געזען די באַשולדיקטע — און קעגן זיי וועט ער עדות זאָגן? ער האָט געזען די ריכטער, וועלכע זענען געזעסן אונטערן עמבלעם פון דער מדינה, די פּרעסעבענק זענען געווען געדיכט באַזעצט — אַזוי פיל אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן! זייערע פאָטאָ־אַפּאַראַטן זענען געווען געדיכט אָנגע־שטעלט. איז וואָס? ער וועט אויפשטיין, אויסשרייען פון זיין פאַרוווּנדיקט

האָרץ דעם גאַנצן אמת? קאָמפּראָמיטירן דאָס געריכט־ווּעזן פון פאָלקס־פּוילן, קאָמפּראָמיטירן די פּאַרטיי, פאַר וועלכער ער איז יאָרן געזעסן אין די קאַפּיטאַליסטישע תּפיסות, גרייט אָפּצוגעבן פאַר איר דאָס לעבן? די פּאַרטיי הייסט, — האָט געמאָנט דער מוח — ווי קען איך זיך אַנטקעגנ־שטעלן, אויפטרעטן קעגן דער פּאַרטיי?!" און ער האָט עדות געזאָגט. אַלץ וואָס מע האָט געפאָדערט פון אים, אַלץ וואָס מע האָט מיט אים איינגעחזרט. זאָל שוין זיין אַ סוף! ער וועט באַפרייט ווערן, וועט ער אין דער פּאַרטיי, אויף דער פריי, גלייכשטעלן די פאַקטן. עס קען דאָך אַזוי ניט זיין! מע קען דאָך דערמיט ניט מסכּים זיין! ווי קען מען אויפגעבן דעם קאַמף קעגן שקר און אומרעכט?! עס האָט געקאָכט אין אים. ער האָט זיך באַהערשט, געוואַרט אויפן מאָמענט ווען דער ריכטער וועט אויס־לייענען דעם אורטייל. אינטערעסאַנט, ווי ער וועט מאָטיווירן דעם אורטייל פון יעדן איינעם, ווי ער וועט מאָטיווירן זיין באַפרייונג...

דאָס געריכט איז אַוועק. דאָס געריכט איז צוריקגעקומען — אַלץ האָט געדויערט, זיך געצויגן — פון 31סטן יולי ביזן 15טן אויגוסט 1951 — ווי די לאַנגע טעג פון פּראָצעס — לסוף איז געקומען דאָס לייענען, דאָס מאָטיווירן די אורטיילן און די אורטיילן גופא — שווערע, ביטערע, לעבענסלענגלעכע תּפיסה, 25 יאָר תּפיסה. און דער בידנער אַקאַדעמיע־סעקרעטאַר, דער געטרייער פּאַרטיי־חבר — אויף 12 יאָר תּפיסה! ער איז געפאַלן אין חלשות...

ער האָט געהאַט מזל... דעם אורטייל איז ער ניט אָפּגעזעסן, ווי קיינער פון די באַשולדיקטע, אומגליקלעכע מענטשן, מיטגעשלעפּטע אין אַ פרעמדן, מוטנעם שטראָם, אין וועלכן זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי וועלן קענען שווימען...

לאָמיך דאָ לייכטער מאַכן דאָס געמיט: אין 1956 זענען שוין אַלע באַשולדיקטע געווען אויף דער פריי. די קלעפּ, וועלכע זיי האָבן באַקומען, זענען געווען ערנסטע — דאָס געריכט־וועזן און זיינע אורטיילן — ווי אין יעדער טאָטאַליטאַרער מדינה...

ווי געזאָגט, איז יורעצקי געווען סתּם אַ פיגור, אַ שילד. דער אמתער מוח וועלכער איז געשטאַנען איבער דעם, וואָס האָט זיך גערופן שטודיע־ביוראָ

פון גענעראַל־שטאַב פון דער פוילישער אַרמיי, איז געווען וויטאָלד לעדער. כ׳האָב זיך מיט אים געטראָפן שוין אין ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען אויף דער אַרבעט. דאָס האָט ער מיר געגעבן די ריכטליניעס צו מיין אַרבעט, מיך באַקענט מיט דעם וואָס האָט באַדאַרפט זיין מיין שעף, עדוואַרד שטראַוס.

פאַקטיש האָב איך אים שוין געהאַט געזען לאַנג, לאַנג פריִער. כ׳האָב אים גוט געדענקט. דאָס איז געווען אין פּאַריז, אין 1934, בעתן שלום־קאָנגרעס אין זאַל פּלעיעל, צו וועלכן כ׳בין דעלעגירט געוואָרן פון בעלגיע. כ׳האָב דעמאָלט באַוווּנדערט מיט וואָס פאַר אַ לייכטקייט לעדער האָט פון דער קאָנגרעס־בינע איבערגעזעצט פון דייטש אויף פראַנצייזיש, פון פראַנצייזיש אויף דייטש, אויף ענגליש. ער איז דאָרט געווען מיט זיין ברודער, וועלכער האָט געטאָן די זעלבע אַרבעט. ביידע, יונגע, ניט־אָנזעעוודיקע, צוויי, וועלכע האָבן אויסגעפילט דעם גאַנצן זאַל.

לעדערס פאָטער איז געווען אַן אָנגעזעענער טוער פון קאָמינטערן, מצד דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן. ער האָט געמוזט זיין זייער אַ פעיִקער מענטש. ער איז געשיקט געוואָרן פון מאָסקווע אין כלערליי מיסיעס, פאַרברענגט אַ לעבן אין די פאַרשידנסטע לענדער אין אייראָפּע — ער איז דאָרט אַוודאי אָפּגעזעסן ניט וויניק יאָרן מיט זיין פאַמיליע — זיינע קינדער האָבן אַזוי אַרום געהאַט די בעסטע שול צו דערלערנען פאַרשידענע שפּראַכן. ניט וויניק איז ער אָפּגעזעסן אין דייטשלאַנד. זיך געטראָפן מיטן קומענדיקן פּרעזידענט פון דער דייטשער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, ווילהעלם פּיק.

ווען דער פאָרזיצער פון פוילישן נאַציאָנאַלן ראַט (דער פּרעזידענט), באָלעסלאַוו ביערוט, איז אַרויסגעפאָרן צו גאַסט צום פּרעזידענט פון דער דייטשער דעמאָקראַטישער רעפּובליק, ווילהעלם פּיק, האָט ער מיטגענומען לעדערן ווי אַן איבערזעצער, עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמישע לאַגע. פּיק און ביערוט האָבן גערעדט צווישן זיך אויף „איר״, פּיק און לעדער האָבן גערעדט צווישן זיך אויף „דו״...

ווען לעדערס פאָטער האָט אין זיין צייט, אין בערלין, אונטערגעהאַנדלט מיט פּיקן, האָט לעדער, ווי אַ קינד, זיך געשפּילט אונטערן טיש, צווישן זייערע פיס.

קענ זיין, אַז אויך אין מאָסקווע, נאָכן פאַרלאָזן דייטשלאַנד, האָבן זיך די לעדערס ניט איין מאָל געטראָפן מיט פּיקן, וועלכער איז נאָך דייטשלאַנדס באַפרייונג באַשטימט געוואָרן פאַר פּרעזידענט פון דער ד.ד.ר. לעדערס פאָטער האָט צו אַזעלכע גדולות ניט דערלעבט: צוזאַמען מיט אַלע אַנגעזעענע פירער פון דער ק.פּ.פּ. איז ער אין יענע יאָרן פון סטאַלינישן טעראָר „ליקווידירט" געוואָרן.

כ'ווייס ניט וואָס וויטאָלד און זיין ברודער האָבן דורכגעמאַכט אין יענע שווערע יאָרן — ס'איז מיר געווען צו פּיינלעך צו פרעגן וועגן דעם. זיין ברודער איז געקומען קיין פּוילן שוין אַ קאַרדיאָלאָג, ער, וויטאָלד, איז אויפגעשוווּמען ווי אַן אינזשעניר. זיין מיליטערישער גראַד איז געווען פּולקאָווניק. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם מוח. האָסט געקענט מיט אים רעדן ניט בלויז וועגן עקזאַקטע וויסנשאַפטן. ער האָט געהאַט אַן אַלזייטיקן וויסן — געקענט אַ טאַנק ביזן קלענסטן שרייפל און געקענט זיך אַריינלאָזן אין די טיפסטע טיפעניש פון „אַנטי־דיורינג".

יאָ, געווען אַ פאַרגעניגן צו אים אַריינצוגיין. געווען מיט וועמען צו רעדן. ער איז אָבער דאָרט לאַנג ניט געווען. צוזאַמען מיט קאָמאַרן, מיט פלאַטאָ איז אויך לעדער פאַרשוווּנדן. אין מאָסקווע האָט מען שטענדיק געוווּסט ווער ס'איז אַ פיינט. „זאָג מיר וועמען דו האָלסט פאַר אַ פיינט — די באַווייזן וועל איך שוין צושטעלן!..." האָט געטענהט בעריאָ.

# פאַר וואָס האָט וואָראָשילאָוו געציטערט

ווען וויטאָלד איז נאָך געווען אין דער פּולער אַרבעט, האָט מיך גערופן צו זיך דער גענעראַל קאַשניקאָוו, דער סאָוועטניק, וועלכער איז געזעסן איבער אַלע אָפּטיילונגען פונעם גענעראַל־שטאַב — „סתּם" צו זיך אויף אַ שמועס. דער גענעראַל קאַשניקאָוו איז געזעסן ווייט פון אונדז, בחדרי־חדרים. כ'בין אַריין צו אים. ס'האָט געבלאָזן מיט פּרעמדקייט, קאַלט־קייט. ער איז גלייך צוגעטראָטן צום ענין: געפרעגט ווי אַזוי ס'אַרבעט זיך מיר מיט לעדערן, וועגן זיין וויסן, זיין סטיל. ער האָט מיך געפרעגט ווי כ'שאַץ אים ווי אַ מענטש, אָן צו וואַקלען זיך האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— כ'גיב פאַר אים מיין קאָפּ!

דער גענעראַל האָט געקוקט אויף מיר מיט פאַרשערישע אויגן, גענייגט דעם קאָפּ אַראָפּ, אַרויף, און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— גאַלאָווא, אַדנאַ! (האָסט בלויז איין קאָפּ).

ער האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע ווערטער ווי אַ פון לאַנג איינ־געהערט, איינגעחזרט, פאַלקסוואָרט. זיי האָבן מיר געבראַכט דעם אָפּקלאַנג פון אַ לאַנד, פון אַ פאָלק, וואָס ווייסט, אין אַלע אומשטענדן, אמת צי ניט אמת, ניט צו ריזיקירן, היטן קודם־כל דעם אייגענעם קאָפּ. מעג עס זיין ווען אין שפּיל שטייט דער קאָפּ פון דיין נאָענטסטן — אַ זון, אַ טאַטע, אַ מאַן, אַ חבר.

עס האָט מיך צוריקגעבראַכט צו אַן אַנדער אָרט, צו אַנדערע מענטשן, מיט צוועלף יאָר צוריק, אין שפּאַניע. אין זכּרון איז אויפגעשווומען אַ באַגעגעניש אין 1937, אין שפּאַניע.

די שפּאַנישע לעגאַלע רעגירונג איז דעמאָלט געזעסן אין וואַלענציע, און צוזאַמען מיט איר — אַלע מלוכה־אינסטאַנצן. נאָך אַ פּאָר טעג אין וואַלענציע, געשיקט דורך מיין איינהייט צו דערליידיקן ענינים אין דער

מיליטער־באַזע פון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, איז צו מיר דער־גאַנגען די ידיעה, אַז מיינער אַ גוטער פריינד פון בעלגיע, דאָקטאָר קובאַ באַכראַך, איז אַרעסטירט געוואָרן דורך די זיכערקייט־אָרגאַנען און זיצט איצט אין תּפיסה. אין שפּיץ פון די זיכערקייט־אָרגאַנען איז דעמאָלט געשטאַנען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער פון בעלגיע, שאַיע קינדערמאַן. שאַיע, ווי מיר האָבן אים גערופן, איז געווען אַן ערלעכער, פּשוטער, פאָלקס־טימלעכער חברה־מאַן. פון פאַך אַ שניידער, האָט ער ניט געהאַט קיין לייכט לעבן. געבוירן אין סאָנדז, אַ שטעטל אין גאַליציע, האָט ער אין זיין פריסטער יוגנט שוין געגומען דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט.

כ׳האָב אים געטראָפן צום סוף פון די צוואַנציקער יאָרן אין אַ בוידעם־שטיבל אין אַנטווערפּן. ער האָט געלעבט פון שניידעריי — אַ זייער באַשיידן לעבן. ער איז געווען אַקטיוו אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צווישן די ייִדישע אַרבעטער. איבערגעגעבן, באַשיידן. בערך אין יאָר 1933 איז ער אַוועק פון אַנטווערפּן, ווו ער האָט געלעבט אָן פּאַפּירן, אומלעגאַל, קיין שפּאַניע. ער האָט זיך באַזעצט אין באַרצעלאָנע. אין באַרצעלאָנע איז ער גלייך אַריין אין די קאַמפּן פון שפּאַנישן פאָלק — פאַרן זיג פונעם פאָלקספראָנט.

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער פראַנקאָ־רעבעליע, איז שאַיע געווען צווישן די, וועלכע האָבן מיט ביקס אין האַנט באַפרייט דעם „האָטעל קאָלאָן" אין באַרצעלאָנע, דעם פאַרכאַפּטן דורך די אויפשטענדלער. קליין, פּשוט, באַ־שיידן, איבערגעגעבן זיינע איבערצייגונגען מיט לייב און לעבן, איז ער גלייך באַאַמערקט געוואָרן דורך די פּאַרטיי־אינסטאַנצן, וועלכע האָבן אים צוגעטיילט אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן אין די זיכערקייט־אָרגאַנען. ווען כ׳בין אין נאָוועמבער 1936 אָנגעקומען קיין באַרצעלאָנע, בין איך אין דער ערשטער פרייער מינוט אַוועק אין „האָטעל קאָלאָן" זיך צו זען מיט שאַיען. ס׳האָט דאָרט געברויזט און געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. מענטשן זענען אַריין צו שאַיען, און אַרויס אין לויף — עס זענען דערביי געפּאַלן פראַגעס, ענטפערס, דער טעלעפאָן האָט געאַרבעט, די שרייבמאַשינען האָבן געקלאַפּט. אויסער אויף אַ וואַרעמען האַנטדרוק און אַ פּאָר ווערטער איז קיין צייט נישט געווען.

איצט, אין וואַלענציע, האָב איך צופעליק אויף דער גאַס זיך באַגעגנט מיט שאַיעס פרוי, וועלכע האָט געשטופט פאַר זיך אַ קינדערוועגעלע, מיטן קליינעם זונדל, אַסטוריאַ. כ׳האָב באַקומען שאַיעס טעלעפאָן־נומער ביי דער אַרבעט. כ׳האָב גלייך אָנגעקלונגען, זיך באַשטימט נאָך אויף דעם זעלבן נאָכמיטאָג מיט שאַיען, ביי דער אַרבעט.

צו יענער צייט איז שאַיע שוין געווען אַ שם־דבר. אין דער וועלט־פּרעסע האָט מען געקענט לייענען צאָלרייכע אַרטיקלען, מיט בילדער, וועלכע האָבן אים פאַרגעשטעלט ווי דעם דזשערזשינסקי פון דער שפּאַנישער זיכערקייט־דינסט. כ׳בין צו אים אַריינגעקומען אָן קונצן און דריידלעך. מיר האָבן זיך אַרומגעכאַפּט.

אַרום און אַרום, איבער די ווענט, אונטערן טיש, אויפן טיש, זענען געווען טעקעס מיט דאָקומענטן. ער האָט געהאַט גענוג אַרבעט אין זיין געביט, אין דער שעה פון אויפברויז און קריג.

כ׳בין צוגעטראָטן צום ענין, גלייך אָן הכנות:

— וואָס איז מיט קובאַ, שאַיע?

שאַיע איז צוגעגאַנגען, אַרויסגענומען קובאַס טעקע, אַריינגעקוקט. אין קורצן האָט דער ענין אויסגעזען אַזוי: צוויי יונגע, שיינע פרויען האָבן אין אַלבאַסעטע, אין דער רעפּובליקאַנער זאָנע, געפירט אַ שפּיאָנאַזש־טעטיקייט. די זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן זיי פון דער נאָענט נאָכגעפאָלגט, זייערע פאַרבינדונגען. צווישן די אַריינגייער אין זייער הויז איז אויך געווען קובאַ. מיט דער צייט איז ער, צוזאַמען מיט זיי, אַרעסטירט געוואָרן...

שאַיע האָט פאַרענדיקט, שטיל געוואָרן. כ׳בין געזעסן און אויך געשוויגן. נאָך אַ ווילע האָב איך איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— מיר קענען ביידע גוט קובאַ, נאָך פון בעלגיע. אַן איבערגעגעבענער פאַרטיי־חבר. גאָרניט איז אים געווען צו טייער פאַר דער פאַרטיי. ווייסט דאָך, שוין אין אָנהייב פון די קאַמפן אין שפּאַניע איז ער דאָרט אַהין אַוועק. דערמאָנסט זיך, ווי ער איז שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן שוין אין דער שלאַכט אַרום אירון. מע האָט אים שוין אויפגעגעבן ווי אַ לעבעדיקן. די סאָוויעטישע פּרעסע האָט געגעבן אַ נעקראָלאָג, אונטערן טיטל: „עס איז געפאַלן אַ גרויסער באָלשעוויק!״

צו אונדזער אַלעמענס באַוווּנדערונג און פרייד איז ער געקומען צו זיך, געוואָרן איינער פון די פאַראַנטוואָרטלעכע פון דער מעדיציניִשער באַזע פון די אינטערבריגאַדעס אין אַלבאַסעטע. ער איז שטענדיק געווען — האָב איך דערמאָנט — אַ זאָרגפעלטיקער, גוט געקליידטער, שיינער חברה־מאַן, פרויען זענען צו אים ניט געווען גלייכגילטיק, — ער צו פרויען אויך ניט. ער האָט אַוודאי דערזען אַ שיינע ספּודניצע און נאָכגעלאָפן. צי זענען פאַראַן באַווייזן אַז ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דאָזיקע פרויען?

— קיין באַווייזן וועגן אַזאַ מיטאַרבעט זענען ניט פאַראַן. כ׳גלייב ניט אַז ער זאָל האָבן מיטגעאַרבעט מיט זיי. מעגלעך, ער האָט פּשוט פאַר־געסן ווו ער איז, און איז טאַקע נאָכגעלאָפן אַ פרויען־ספּודניצע...

— אויף דיין אָרט, שאַיע — האָב איך אים איבערגעריסן — וואָלט איך אים גערופן, מיט אים אַ שמועס געטאָן אונטער פיר אויגן און אים געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, ער זאָל האָבן וועגן וואָס צו טראַכטן — און אים אהיימגעשיקט.

פאַקטיש איז עס געווען אַן אויסדרוק פון צוטרוי צו אַ מענטש, פאַר וועלכן כ׳האָב געקענט עדות זאָגן, גאַראַנטירן פאַר אים מיטן אייגענעם קאָפּ.

מיר האָבן דעמאָלט ניט געטראַכט אַז מיר האָבן בלויז איין קאָפּ.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, צוריק אויפן פראָנט, איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה, אַז קובאַ איז באַפרייט געוואָרן און צוריקגעקומען אויף זיין מעדיציניִשן פּאָסטן.

איז עס געווען אַ גרינגשאַץ פון אונדזער זייט? כ׳גלייב ניט. עס איז געווען אַ חוב לגבי אַ חבר, מיט וועלכן מיר האָבן אין משך פון יאָרן געלעבט און געקעמפט צוזאַמען. אין צוזאַמענלעבן, אין קאַמף, לערנט מען דערקענען אַ מענטש, מער ווי פון אַ טרוקענעם פאָרמעלן באַריכט, געמאַכט פון אַ געריכט־באַאַמטן. ווען עס קומט דער מאָמענט צו נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, צו שיצן און פאַרטיידיקן — דאַרף מען דערפון ניט אַנטלויפן. אַזוי האָבן מיר פאַרשטאַנען און געהאַנדלט דעמאָלט.

די דאָזיקע מענטשלעכע באַציִונג איז מיט דער צייט צו נישט געוואָרן.

אויף די פּראָצעסן אין מאָסקווע, פּראָג און בודאַפּעשט האָבן קינדער געשפּיגן אויף זייערע פּאָטערס, פּרויען אויף זייערע מענער ווי אויף פאַררעטער, נאָך דעם ווי זיי האָבן געלעבט צוזאַמען יאָרן לאַנג, נאָך דעם ווי זיי האָבן געקענט טאָג־טעגלעך זייער טרייקייט און איבערגעגעבנקייט.

ווען כ׳בין אַרויס פון קאַשניקאָוון האָב איך זיך געבראָכן דעם קאָפּ, געוואָלט קומען צו דער גרענעץ ווו חברשאַפט און צוטרוי האָבן אויפגע־הערט. דאָסביינערדיקע, טרוקענע, קאַלטע פּנים פון קאַשניקאָוון איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. דאָס איז געווען אַ פּנים וואָס דריקט אויס אומצוטרוי, מורא פאַר עפּעס אומבאַקאַנטס, וואָס קען דיר אַראָפּפאַלן אויפן קאָפּ, אָן אַ פאַרוואָס און אַ פאַרווען. דאָס איז געשאַפן געוואָרן אין לאַנגע יאָרן פון קלאַסנקאַמף וואָס האָט פאַרלוירן יעדע קלאַסן־גרענעץ, אַנולירט דעם האַבעאוס־קאָרפּוס און געשאַפן אַ ווילקיר וואָס האָט אַנגעוואָרפן פּחד אויף יעדן איינעם. דער טעראָר איז דורך סטאַלין און בעריאַ אויסגעברייי־טערט געוואָרן ביז פאַראַנאָיאַ. ביי די בירגער, אונטער דעם דאָזיקן סיסטעם, האָט עס געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע פאַרטיידיקונג: זיי זענען וואַכזאַם! בנוגע יעדן בירגער, פונעם פּשוטסטן ביזן העכסטן!

כ׳דערמאָן זיך: אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אויף אַ מלוכישן באַנקעט, אין האַנאָי, אין פּרעכטיקן פּאַרק פון פּרעמיער פאַן־וואַן־דאָנגס רעזידענץ, פריִער — די רעזידענץ פונעם פראַנצייזישן גענעראַל־גובערנאַטאָר, גע־נעראַל קאַטרו — האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף וואָראָשילאָוון. דער באַרימטער העלד פון סאָוויעטן־פאָלק, דער מאַרשאַל פון סאָוועטן־פאַר־באַנד קלימענט, (קלים) יעפרעמאָוויטש וואָראָשילאָוו. עס איז שוין געווען אַ פּאָר יאָר נאָך סטאַלינס טויט. ער איז שוין געווען אַן אָפּגעשפּילטע פּערזענלעכקייט. מע האָט אים דאָך באַהאַנדלט מיט יושר — אים איבער־געלאָזט ביים לעבן און אַפילו געשיקט ווי אַן אַמבאַסאַדאָר קיין האַנאָי, וויעטנאַם. כ׳בין געזעסן און געשמועסט מיט אים. דערציילט אים וועגן מיין אַרבעט אין דרום־וויעטנאַם, אין סאַיגאָן, מיט מענטשן פון אינדיע, קאַנאַדע, פראַנקרייך, אַמעריקע. מיר האָבן זיך אַ ביסל פאַרזעסן, ווייט פון די אַנדערע. מיר האָבן באַשטימט צוריקצוגיין צום גרעסערן עולם. דאָס

גיין איז וואָראָשילאָוון שווער אָנגעקומען. ער האָט זיך אָפּגעשיידט פון מיר מיט ווייניק ווערטער געזאָגטע טיף פון האַרצן:

— בודטיע בדיטיעלני (זייט וואַכזאַם), בודטיע בדיטיעלני — האָט ער איבערגעחזרט, און דאָס גלעזל אין זיין האַנט האָט געציטערט.

און קאַשניקאָווס שמועס מיט מיר, וועגן לעדערן — איז עס געווען סתם גערעדט? ניין. ניט פאַראַן אַזוינס ביי די הויכע סאָוויעטישע אינסטאַנצן. לעדער האָט נאָך לאַנג געאַרבעט אין גענעראַל־שטאַב, אויף זיין פּאָסטן. דאָס האָט ער עס באַקומען דעם באַפעל אונדז צו באַפרייען פון אונדזער דינסט. וואָס האָט אויף לעדערן געוואַרט, האָט קיינער פון אונדז ניט געאַנט. זיין גורל איז געווען אומבאַקאַנט — ניט פאַר אַלע — ניט פאַר קאַשניקאָוון. עפּעס האָט זיך געגרייט. ווייט פון וואַרשע האָט מען געזוכט מאַטעריאַלן וועגן לעדערן, צו וואַרפן אין דער געהעריקער צייט אויף זיין באַשולדיקונגס־וואָגשאָל. קאַשניקאָווס שמועס מיט מיר איז געווען איינע פון די זוכענישן, שוין לאַנג פריִער, לעדערן צו באַשולדיקן.

ווי שוין דערמאָנט, איז נאָך טשו־ען־לייס באַזוך אין וואַרשע פּלאַטאָ באַפרייט געוואָרן און גלייך דערנאָך — אויך קאָמאַר און לעדער.

און מיין פריינד שאַיע? כ׳האָב אים נאָך געטראָפן אין די ערשטע פעברואַר־טעג פון 1939, אין פראַנצייזישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, סאַן־סיפּריען, גלייך נאָכן אַריבערגיין די שפּאַניש־פראַנצייזישע גרענעץ. ער איז, נאָך אַ פּאָר טעג, מיר פאַרשווונדן פון די אויגן. ער איז אַוועק קיין מאָסקווע — ס׳האָט שוין ווער פאַר אים געזאָרגט. כ׳האָב דעמאָלט ניט געפרעגט, ווער, ווי אַזוי?

יאָרן שפּעטער האָב איך געלייענט פּרטים וועגן שאַיעס „אַרבעט״. אַ סך אַרעסטירטע האָבן ניט געהאַט מיין פריינד קובאַס מזל...

# אין שעהען פון געבורט

די אַרבעט האָט זיך איינגעשטעלט אַ רעגולערע, אַ נאָרמאַלע. פון אַכט אין דער פרי ביז זייגער דריי האָב איך געלייענט, נאָטירט, באַאַרבעט. פון צייט צו צייט בין איך אַרויס פון צימער „זיך אויסצוגלייכן די ביינער" — איבערצוגעבן אַן אַרבעט, אַ שמועס טאָן מיט אַ חבר פון אַן אַנדערער סעקציע. מיט דער צייט האָט זיך איינגעשטעלט אַ גייסט פון „סאָציאַליס־טישער אַרבעט". קיינער האָט ניט געצווונגען, אָבער מיט אַ מאָל האָב איך באַמערקט, אַז אַ טייל פון מיינע חברים קומען צו דער אַרבעט אויך אין די נאָכמיטאָג־שעהען. כ׳האָב אויך גענומען קומען אויף אַ שעה־צוויי. אַ ברירה האָב איך געהאַט? דער אַרבעטסטאָג איז שווערער געוואָרן.

עס איז געקומען די צייט ווען מיין פרוי האָט געדאַרפט גיין אין שפּיטאָל. כ׳האָב זי דאָרט אַהינגעפירט אין דער פרי — עס איז ניט געווען ווייט פון מיין ווינאָרט, פון מיין אַרבעט. דאָס איז געווען אַ מיליטערי־שער שפּיטאָל — זייער מאָדערן, גוט איינגעאָרדנט. כ׳בין אַריין דאָרט נאָך דער אַרבעט, פרעגן וואָס עס הערט זיך. ס׳איז געווען שטיל־שאַ אַרום. נאָך ניט, ס׳וועט נאָך דויערן — האָט מיר געזאָגט די קראַנקן־שוועסטער. כ׳בין אַהיימגעגאַנגען זאָרגלאָז ווי אַ מאַן... וועלכער האָט נאָך קיין מאָל ניט געבוירן. — אין אַ פּאָר שעה שפּעטער בין איך ווידער געגאַנגען אין שפּיטאָל. דאָס מאָל זענען צו מיר דערגאַנגען די וויגעשרייען פון מיין פרוי. מיין רויקייט האָט מיך פאַרלאָזט. די קראַנקן־שוועסטער האָט מיך אַהיימגעשיקט אויף אַ פּאָר שעה. ווען כ׳בין צוריקגעקומען איז אַלץ שוין געווען פאַרביי. מע האָט מיר געמאָלדן, אַז עס איז אונדז געבוירן געוואָרן אַ זון. כ׳האָב זיך געפרייט. ס׳איז מיר ניט וויכטיק געווען וואָס עס איז געבוירן געוואָרן — אַבי לעבעדיק און געזונט. מיין פרוי האָט געוויינט:

— ס׳איז ניט מאָניקאַ! — דאָס איז דער נאָמען, וועלכן זי האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר דער טאָכטער וואָס זי האָט געוואָלט.

צו מאַרגנס, ביי דער אַרבעט האָט מען מיר געקלאַפּט אויפן אַקסל:

— אַ זון! ביסט אַ בר־מזל! — האָבן אַלע גראַטולירט, אַפילו מקנא געווען. אין סאָציאַליסטישן סיסטעם הערשט גלייכקייט, מאַן און פרוי זענען גלייך, אָבער מענער זענען גלייכער...

און אַ וואָך אַרום האָב איך אַהיימגענומען פרוי און קינד. די לעבנס־באַדערפענישן זענען געוואָרן אַנדערע, גרעסערע.

מיר זענען געווען גליקלעך, אָבער ס׳איז געווען שווער. מיין פרוי איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל, נאָר וואָס אויפגעשטאַנען פון קימפּעט, ניט געהאַט גענוג געלט אויף מילך און רייז. ס׳איז כמעט ניט געווען וואָס צו עסן. זי האָט באַדאַרפט געבן דעם קינד צו זייגן, אַרומגיין אַרום דעם, האַלטן ריין די וויינונג. איך בין ניט געווען אין דער היים. וועגן אַ פרוי צו הילף האָב איך אַפילו ניט געקענט חלומען.

— נעם אַ הלוואה — האָט מיר אונטערגערוקט אַ געדאַנק סאָכאַט־שעווסקי, אַ קלוגער, האַרציקער מענטש, דער פינאַנץ־לייטער פון דער איינהייט. — כ׳וועל עס דיר אָפּציִען אין משך פון חדשים, וועסט עס אַפילו ניט פילן!

כ׳האָב עס געטאָן. ס׳האָט מיר זייער לייכט געמאַכט, אַ געזונט אויף דעם סאָכאַטשעווסקי. געווען קלוגע חברה וועלכע האָבן געהאָלפן מיט ראָט און טאָט!

כ׳האָב גענומען טראַכטן ווי אַזוי ווייטער לייכטער מאַכן דאָס לעבן. כ׳בין געפאַלן אויף אַ פּשוטן געדאַנק: מיין פרוי איז געבוירן געוואָרן אין בוקאַרעשט, אין רומעניע. דאָרט זענען געבליבן אירע עלטערן. וואָס זשע קען זיין פּשוטער ווי איינלאַדן די מוטער זי זאָל קומען פון דאָרט צו אונדז, זיין מיט דער טאָכטער, מיטן אייניקל כאָטש אַ פּאָר וואָכן?

געטראַכט און געטאָן. כ׳בין אַוועק אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. כ׳האָב דערציילט מיין ווונטש, געבעטן מע זאָל מיר העלפן. מע איז מיר אָן פראַגעס אַנטקעגן געקומען. כ׳האָב באַקומען די אונטערשטיצונג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט. כ׳האָב דעם דאָקומענט גלייך אַוועקגעשיקט דער מוטער און מיר האָבן גענומען וואַרטן אויף דער גליקלעכער באַגעגעניש. אַ מוטער זאָל קומען צו איר טאָכטער, נאָר וואָס פון קימפּעט, — וואָס

קען זיין פּאַסיקער און מענטשלעכער, און ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך
אין קומען פון איין ברידערלעכער פאָלקס־רעפּובליק אין דער צווייטער,
פון פאָלקס־רומעניע קיין פאָלקס־פּוילן ?

עס זענען פאַרביי וואָכן. ס׳איז דערפון גאָרניט ניט געוואָרן. די
רומענישע סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט דער מוטער, אַ פּופציק־יאָריקער
פרוי, ניט דערלויבט אַריבערצופאָרן צו איר טאָכטער, צו איר נאָר וואָס
געבוירן אייניקל.

סאָציאַליסטישער הומאַניזם ? כּבוד פאַרן מענטש ? פרוי און מוטער ?
יאָ, דאָס זענען שיינע באַגריפן, אָבער אין לעבעדיקן לעבן זענען עס בלויז
אַרטיקלען פאַר עקספּאָרט. מיין פרוי און איך האָבן עס ווייטיקלעך דער־
פאַרן אויף אונדזער אייגן לייב.

מיר זענען מיט אַ קינד. — נו, ס׳איז געקומען די צייט צו ענדערן די
וווינונג: כ׳קען ניט זאָגן — כ׳האָב ניט געדאַרפט דערמאָנען צוויי מאָל.
גאָר שנעל האָבן מיר באַקומען אַ גרעסערע וווינונג — צוויי צימערן מיט
אַ קיך, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. זאָל מען זיך ניט מאַכן קיין אילוזיעס.
אין דריי־פיר חדשים בייט מען ניט קיין וווינונג. כ׳קען אַזעלכע וואָס
ווינען שוין איבער פערציק יאָר אין דער זעלבער וווינונג, און זיי וואָלטן
זי גערן געטוישט. לאָמיר דאָס צושרייבן דער פּריווילעגירטער שיכט
אַרבעטער צו וועלכע כ׳האָב געהערט.

# אין אַ זונטיקדיקן טאָג

— קומט מיט אונדז זונטיק — האָט אַ זאָג געטאָן יעקב — מיר וועלן אַרויסגיין אויפן טראַקט ווו־זעט (מיזרח־מערב), מיט וועמענס בוי עס באַגייסטערט זיך איצט גאַנץ וואַרשע.

דער מיזרח־מערב־טראַקט איז געווען אַ וועג, וועלכער האָט געפירט פון פּראַגע, די וואַרשעווער פאָרשטאָט, צום סאַמע צענטער פון שטאָט. עס איז ניט געווען בלויז די בריק וואָס איז געווען אַ טייל פון דער פאָרשטאָט, עס איז געווען דער אַלטער וואַרשעווער קוואַרטאַל מאַריענשטאַט, וועלכער איז געלעגן אַ צעשטערטער, אין חורבות, און איז איצט אויפגעשטעלט געוואָרן. אַזוי איז געווען דער גאַנצער אָפּשניט ביז צום קעניגלעכן שלאָס, די רענעסאַנס־הייזקעס אַרום, אַלץ צעריבן אין שטויב דורכן אָקופּאַנט, זענען איצט צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן. עס איז אָנגעגאַנגען אַ געיעג צו באַזייטיקן די ווונדן, וואָס דער נאַצי־אָקופּאַנט האָט איבערגעלאָזט. ס'איז אַוועק אַ וועטגעיעג צווישן די אַרבעטער ווער ס'וועט לייגן מער ציגל, בויען מער מעטערס מויער. אַלץ איז צוגעגאַנגען אין טעמפּאָ, שנעל. די אויפגעשטעלטע הייזער האָט מען אַפילו גערופן שנעל־הייזער. די וואַרשעווער מיליאָנען־באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך בעת דער אָקופּאַציע פאַרקלענערט ביז 70 טויזנט, איז שנעל געוואַקסן, און שוין אין 1945 געציילט 366,000 ! מע האָט באַדאַרפט געבן וווינונגען — עס איז געגאַנגען אַ פלאַמיקער פאַרמעסט צו בויען שנעל די נייע ליכטיקע תקופה.

מיר זענען אַרויס אין דער פרי, דורך דער גאַס נייע־וועלט וועלכע האָט זיך פאַמעלעך געהיילט פון אירע ווונדן — די ערשטע פראַנטהייזער זענען שוין געווען צוריקגעשטעלט. מיר זענען, דורך דער קראַקעווער־פאָרשטאָט, דורכגעגאַנגען צום שלאָספּלאַץ. די פאַרניכטעטע קירכעס פון הייליקן קרייץ, פון דער הייליקער אַננאַ, און אַלע אַנדערע, זענען שוין צוריק אויפגעשטעלט

געוואָרן. זיגמונט דער דריטער איז שוין געשטאַנען אויף זיין זייל, מיטן קרייץ אין האַנט און פון דער הייך געקוקט אויף דער שטאָט — סאָציאַליזם, מאַרקסיזם, רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן. ניט אָפּיום — דער קעניג זיגמונט דער דריטער, טאַקע דער וועלכער האָט איינגעפירט דעם לבוש, וואָס פרומע ייִדן טראָגן נאָך ביז היינט צו טאָג (אַפילו אין „מאה שערים"...) איז צוריקגעשטעלט געוואָרן אויף זיין אָרט. די דייטשן האָבן צעבראָכן זיין זייל, אים אַראָפּגעוואָרפן פון זיין הייך — קעניג, קרייץ דאָס איז ניט וויכטיק — צוריק צום אַלטן, ניט די דייטשן וועלן דאָ באַשטימען פּאַקטן. און זאָל מען דערביי טאַקע באַמערקן נאָך אַ זאַך: דער פּוילישער אַרבעטער־מאַסע איז ער געוועזן זייער נאָענט, דער קעניג מיטן קרייץ איז איר געוועזן נאָענטער ווי די תורה, וואָס מע האָט אים געבערענגט פון מאָסקווע און ער האָט ניט געוווסט מיט וואָס מע עסט זי. מע האָט געבויט מיט דראַנג: צוריק צום אַלטן. דאָס איז געוועזן די טרייבקראַפט, אויפקלערן האָט מען דאָ ניט באַדאַרפט — אַנטקעגנשטעלן זיך — אַוודאי און אַוודאי ניט.

מיר זענען געגאַנגען איבערן טראַקט אין בוי — אַ קלאַפּן, אַ האַמערן, אַ קלאַנג פון געטעסעטע פּירעקיקע גראַניטשטיינער. וואָרעמע, האַרציקע ווערטער פון דערמונטערונג האָבן פאַרשנעלערט דעם טעמפּאָ פון די אַרבעטער — אָן אַלגעמיינע באַגייסטערונג האָט אויסגעפילט די לופט. מע בויט, מע בויט עפּעס גראַנדיעזס — אויף שריט און טריט, אומעטום. ס'איז דאָ וווּ צו גיין, אויף וואָס צו קוקן. אַלץ האָט גערירט, געוועזן אייגן — מיר בויען, מיר האָבן אויפגעבויט, צוריק אויפגעבויט יענעם קוואַרטאַל, דעם קוואַרטאַל — אַ נצחון, נאָך אַ נצחון איבערן נאַציפיינט, וואָס האָט געזייט פאַרניכטונג מיט דער הילף פון אַ וויסנשאַפטלעך, גוט אָרגאַניזירטן אַפּאַראַט, געוואָלט פאַרניכטן אַ לאַנד, אַ קולטור, פאַרטיליקן אַ פאָלק.

אין פּאַרק, אויף דער אויאַזדאָווער אַליי, איז געשטאַנען אַ וווּנדערשיינע פרוי, אַ סטאַטוע אין בראָנדז. די נאַצי־רוצחים האָבן אויף איר געשאָסן, געצילט אין האַרץ, אין קאָפּ — געוואָלט דערמאָרדן קונסט און שיינקייט. די בראָנדזענע פּרעכטיקע פרוי, כאָטש אַ צעלעכערטע, אַ פאַרווונדיקטע, האָט אויסגעהאַלטן, זי איז געבליבן שטיין. איצט האָט מען די סטאַטוע

געהיילט, אויסגעפילט די ווונדן, וועלכע עס האָבן געלאָזט די באַרבאַרן, איבערגעצויגן מיט פרישער פּאַטינע. די יונגע פרוי איז געזונט געוואָרן און שטייט ווידער גאַנץ, פריש און שיין!

אַראָפּצוצו, אין לאַזיענקי־פּאַרק, דער שטאָלץ פון סטאַניסלאַוו אויגוסט, אַרום בעלוועדער, איז געשטאַנען דער דענקמאָל פון פּוילנס גרויסן קאָמ־פּאָזיטאָר, פרידעריק שאָפּען. ער איז געזעסן אונטערן שאָטן פון אַ בוים, זיך צוגעהערט צום רויש פון זיינע בלעטער, צום פליסטער פון וואַסער אין נאָענטן פּאָנטאָן. די דייטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפן שאָפּענען פון זיין אָרט, פאַרניכטעט דעם דענקמאָל, צעשניטן אים אויף שטיקער, אַוועקגעפירט אויף גוס — אַזוי האָבן זיי געוואָלט, אַזוי איז געווען דער דעוויז פון די טעוטאָנען — איין פירער, איין פאָלק, איין ראַסע — די דייטשישע — און גאָרניט מער! און מע האָט פאַרניכטעט וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט: געביידעס, קונסטווערק, דענקמעלער — אויסגעגליכן אַלץ מיט דער ערד. און פאָליאַקן איז געווען מער ווי ייִדן — איבער 35 מיליאָן — אַ געדאַנק פון אַ וואַנזיניקן, זיך אויף דעם צו פאַרמעסטן.

און דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס איז געבליבן, האָט צעשאָלט די טראָ־מייטערס פון תחית המתים, אָפּגעווישט די באַרבאַרישע כוונות פון די היטלעריסטישע מערדערס, צעשטערערס, צוריק אויפגעשטעלט דעם שאָפּען־דענקמאָל צום רום שאָפּענען, זייער נאַציאָנאַלער ירושה, דעם מהות פון פאָלק און מענטש.

עס איז ניט געווען קיין אַרבעט בלויז פון אַ זונטיק. עס איז געווען אַן אומדערמידלעכע אַרבעט, וואָס האָט זיך געצויגן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן. און נאָך דער אַרבעט אין פאַבריק, אין ביוראָ, איז מען, ניט זעלטן, פרייוויליק, אַנשטאָט זיך לייגן שלאָפן אָפּרוען, אַוועק אויף חורבות פון צעשטערטע קוואַרטאַלן, מיט אַ לאָפּאַטע, קילאָף און וועגעלע, מיט געזאַנג אויף די ליפּן — צו רייניקן, גרוזעווען, גרייט מאַכן דעם פּלאַץ פאַרן נייעם בוי. וויפל ענטוזיאַזם, ווילן, כּוח עס האָט געשלאָגן פון יעדן איינעם אין יענע פיבערדיקע טעג!

און דאָס לעבן איז ניט לייכט געווען. אמת, עס איז געווען עסן, אָבער ניט צו פיל. אויף מיטאָג איז גענוג געווען אַ מאָגערע פּאָרציע אין קלוב

אָדער רעסטאָראַן. ס׳איז געווען די סטאַנדאַרד־פּאָרציע פון פאָרשפּייז, זופּ, פלייש און קאָמפּאָט. ניט צו רייך — אָבער קיינער האָט זיך ניט געקרימט, די קליידונג איז געווען באַשיידן, באַגרענעצט. אַלע בויטוועגדיקייטן אין שטוב, אָן לוקסוס, האָט מען באַקומען און מע איז געווען צופרידן — דער עיקר, יעדער האָט בולט געזען און געגלייבט, אַז עס בויט זיך, עס וואַקסט אַ וועלט פון פרידן און פרייהייט.

ווער ס׳האָט געקענט די הימל־הויכע טעג פון דעמאָלט, האָט נאָך ביטערער געוויינט אין אָפּגרונט, ווען ס׳איז צעשמעטערט געוואָרן די שאַפונג־פרייד, און האַס און ייאוש האָבן אויסגעפילט די הערצער.

# וואָכעדיקע טעג

כ׳קום צוריק צו אונדזערע ערשטע טעג אין וואַרשע. זיי האָבן געמוזט זיין שווערע, אָבער כ׳האָב זיי ניט געפילט. דער טיפער גלויבן, אַז מיט יעדן טאָג וועט ווערן לייכטער, ווירקט באַרויִקנדיק. ס׳איז עגאָיִסטיש אַזוי צו זאָגן: מיין פרוי, ניט אין איר לאַנד, ניט אין איר שפּראַך, צו דער ווירקלעכקייט קריטישער איינגעשטעלט ווי איך, ווי האָט זי עס גענומען? ווי זאָגן די ענגלענדער, מיט אַ ביסל זאַלץ? מיט וויפל?

אין משך פון דער וואָך איז ניט געבליבן קיין סך פרייע צייט. אַוועק אין דער פרי צו דער אַרבעט, בין איך אַהיימגעקומען אַרום דריי אַ זייגער. אויסער עסן, רוען, עפּעס לייענען, הערן ראַדיאָ און... ווידער צו דער אַרבעט, איז אינעם ביסל פרייע צייט אויך ניט געווען וואָס צו טאָן.

מיט מיינע פּוילישע אַרבעטס־חברים זענען די באַציִונגען געווען קאָ־רעקטע, גוטע, אָבער נאָך דער אַרבעט איז אַלץ געווען איבערגעריסן. מיינע בעסטע באַמיִונגען — ניט איין מאָל, ניט צוויי מאָל — אָנצוקניפּן באַציִונגען נאָך דער אַרבעט, האָבן ביי מיר, ווי ביי מיינע חברים קיין רעזולטאַט ניט געבראַכט.

די מערהייט פון מיינע פריינד זענען געווען פון פּאַלעסטינע. זיי האָבן דאָרט אַהינגעטראָפן אָדער ווי קינדער, וועמען די עלטערן האָבן מיט זיך מיטגענומען, אָדער אַליין דאָרט אַוועק אין זייער יוגנט, צו בויען אַן אייגענע, נאַציאָנאַלע היים. די שווערע קאָנפליקטן, אינערלעכע און אויסערלעכע, וועלכע האָבן דאָרט קיין מאָל ניט געפעלט, האָבן זיי געטריבן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וווּ זייער יונגער ענטוזיאַזם פאַר יושר און פרייהייט האָט געפונען אַ ברייט פעלד פאַר טעטיקייט. דאָס האָט זיי, מיט דער צייט, געפירט אויף די שלאַכטפעלדער פון שפּאַניע, וווּ ניט איינער האָט פאַר זיינע אידעאַלן באַצאָלט מיט בלוט און לעבן.

דער גרעסטער טייל פון זיי איז באַלד נאָכן קריג אין שפּאַניע אַריין

אין די אַליִירטע אַרמייען, ווי די פּאַלעסטינער — אין דער בריטישער, און ווייטער געקעמפט, שוין אין אַן אַנדער מונדיר, קעגן זעלבן פיינד — דעם נאַציזם. ווען דער צווייטער וועלטקריג האָט זיך פאַרענדיקט — איז וואָס פאַר אַ ווונדער אַז מע האָט זיי געטראָפן, דאָס מאָל, אָן דעם פייערדיקן געווער, אָבער מיטן זעלבן ברען ביים בוי פון סאָציאַליזם אין זייער געבוירן־לאַנד, אין פּוילן?

מיין חבר, דער מאַיאָר יעקב לערנער, האָט גערעדט אַ שיינעם העב־רעיִש. אין שפּאַניע איז ער געווען אין דער ייִדישער באַטווין־קאָמפּאַניע. זיין פרוי, נורית — זי האָט נאָך דערהאַלטן איר העברעיִשן נאָמען — איז געווען, ווען מיר האָבן זיך באַקענט, אין זעלבן חודש פון שוואַנגער־שאַפט ווי מיין פרוי, און דאָס שאַפט אַ באַזונדערע דערנענטערונג.

ביי די לערנערס אין דער היים האָבן מיר זיך באַקענט מיט יערעמי סטאַרעץ, אָדער ווי מיר האָבן אים גערופן, אירמאַ, פון פּאַלעסטינע. ער האָט געאַרבעט ווי אַ זשורנאַליסט, אין פראַגן פון אויסערן־פּאָליטיק, אינעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי אין פּוילן, „טריבונאַ לודו". כ׳האָב זיך מיט אים באַגעגנט שפּעטער, אויף די שפּאַלטן פון דער זעלבער צייטונג — ליידער ניט לאַנג. אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער, אויפן וועג צו דער קאָנפע־רענץ אין באַנדונג, אין אינדאָנעזיע, איז דער אַעראָפּלאַן וואָס האָט געפירט אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן צו דער קאָנפערענץ, אין אומבאַקאַנטע באַדינגונגען אַראָפּגעשאָסן געוואָרן. צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען אונדזער יונגער, שאַרפער, ענערגישער חבר. ער האָט זיך אונטער־געצייכנט מיט זיין אָפיציעלן נאָמען, יערעמי, אָבער מיר האָבן אים גערופן אירמאַ. אירמאַ האָט אין פּויליש דעם קלאַנג פון אַ פרויען־נאָמען. מע האָט געלאַכט, אָבער לסוף עס אָנגענומען מיט סימפּאַטיע.

דער ים האָט דערנאָך אַרויסגעוואָרפן די קערפּערס פון די אומגע־קומענע. מע האָט זיי באַערדיקט אויף אַ בית־עולם אין באַנדונג. איז דאָרט אויך פאַראַן דער קבר פון אונדזער חבר? ווער ווייסט ווו דאָס געביין פון אירמאַ איז אַהינגעקומען?

מיר האָבן געהאַט אויך אַנדערע ייִדישע חברים פון פּוילן, פון אויס־לאַנד, מייִנסטנס פון פראַנקרייך, פון דרום־אַמעריקע. לאָמיך דאָ דער־

מאָנען דעם דאָקטאָר קאַוואַ־גורעצקי, פון לאָדזש, און זיין פרוי אולאַ, וועמענס טרויעריקער גורל האָט אונדז אַזוי געריירט. יורעק קאַוואַ איז געווען אַ ליבער מענטש. זיין פרוי, אולאַ, איז געווען באַזונדערס סימפּאַטיש. מיר האָבן זיך זייער באַפריינדט. יורעק איז געווען אַ שפּאַניע־קעמפער און כאָטש פון פאַך אַ מעדיקער, האָט ער, ווי זיין פריינד פלאַטאָ ניט געאַרבעט אין זיין פאַך, נאָר אין דער צווייטער אָפּטיילונג.

נאָך אַ קורצער צייט איז אונדז יורעק קאַוואַ פאַרשוווּנדן פון די אויגן. וואָס איז געשען? שאַ, שטיל, מע רעדט ניט, מע שמועסט ניט, אָבער מע ווייסט... חברים, פון לאַנגע יאָרן, דערווייטערן זיך פון יורעקס הויז, פון זיין פרוי. מע קומט ניט מער באַזוכן, עס ווערט ליידיק אַרום און אַרום. קזשעטשקאָווסקי, זייער אַלטער בוזעם־פריינד, איז ווי אויסגערונען. פון אַלע אַנדערע פריינד — קיין סימן. אויף אַ פּאַראַמעטער פון קילאָמעטערס אַרום זייער הויז זעסטו ניט קיינעם. ליידיק, שטיל, בלויז מיין פרוי און איך טרעפן זיך מיט אולאַ. מיר טרעפן זיך, אָבער וועגן יורעקן רעדן מיר ניט. נו, ביי אונדזער אַרבעט געשעט אַז מע באַווייזט זיך ניט אַ לענגערע צייט... אולאַ דערציילט אונדז וואָס מען האָט איר געזאָגט אויף זיין אַרבעטסאָרט: „ער וועט אין גיכן צוריקקומען...” זיין לוין באַקומט זי רעגולער — איז אונדז לייכט אונטערצוהאַלטן דעם דאָזיקן אַרגומענט.

עס האָט לאַנג געדויערט. איין און אַ האַלב יאָר, דוכט זיך, אָן ענדערונגען. אולאַ האָט זיך געהאַלטן גוט, שטאַרק, אַזוי האָט עס אויסגעזען אויסערלעך, אין דער נשמה קריכט מען דאָך ניט אַריין. אַליין מיט אַ קליין מיידעלע, פון אַ יאָר דריי, האָט זי געאַרבעט, געזאָרגט פאַר דער היים און אין איר האַרץ האָט טאָג און נאַכט געוווינט דער אומרו.

אולאַ איז געווען אין די הויכע חודשים פון שוואַנגערשאַפט. איז די צייט געקומען און דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן — אַ ייִנגעלע. זי איז צוריקגעקומען פון שפּיטאָל. מיר האָבן זיך ווייטער געטראָפן — ווי קיין מאָל גאָרניט. אין אונדזערע שמועסן האָבן מיר וועגן אַלץ געשמועסט, נאָר ניט וועגן יורעקן. פאַרגעסן? ניין. ניטאָ.

אין אַ שיינעם טאָג, גייענדיק פון דער אַרבעט אַהיים, כ׳גיב אַ קוק, עס גייט מיר אַנטקעגן יורעק. כ׳האָב זיך דערפרייט.

— געווען שווער, יורעק? — האָב איך פאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן.
יורעק האָט ניט געענטפערט.

— האָסט באַקומען קלעפּ? — האָב איך ניט אָפּגעלאָזט.

— ניין, בכלל ניט — האָט יורעק אָפּגעענטפערט. די אויספאָרשונגען זענען טיפע, לאַנגע — האָט יורעק פאַרטראַכט געצויגן. טייל מאָל, זעסטו זיך אַליין דורכזיכטיק, קרישטאָל־ריין, טייל מאָל, זעסטו זיך שמוציק ווי אַ שמאַטע...

יורעק האָט גערעדט מיט אָפּגעהאַקטע פּראַזעס, ווי איינער וואָס פילט אַז רעדן דאַרף ער, אָבער זאָגן וואָס ווייניקער.

כ׳האָב אויפגעהערט צו פרעגן, כ׳האָב זיך בלויז צוגעהערט. ער האָט איבערגעריסן דאָס רעדן, געשוויגן אַ ווײַלע און אַ זאָג געטאָן:

— כ׳דאַנק דיר וואָס האָסט זיך אַזוי באַצויגן צו מיין פרוי. כ׳מוז דיר זאָגן דעם אמת, איך וואָלט ניט געוואַגט אַזוי צו טאָן...

— גלייב מיר, יורעק, כ׳האָב עס ניט געטאָן פון העלדישקייט. כ׳האָב פשוט ניט פאַרשטאַנען וואָס איך טו. אין פראַנקרייך קען מען ניט אַזעלכע זאַכן...

עס איז געווען אַ קאַלט געזעגענען זיך. צוויי באַזונדערע וועלטן. איך האָב ניט פאַרשטאַנען זיין פאַרגליווערטקייט, ער האָט ניט געקענט אַראָפּשלינגען מיין אָפנקייט.

כ׳האָב אים מיט זיין משפחה, דערנאָך, זייער ווייניק געזען. ער האָט זיך געטראָפן מיט אַלע די וועלכע האָבן זיך בעת זיין אַרעסט אָפּגערוקט פון זיין משפחה, ניט געוואָלט פון איר וויסן. אַזוי איז געווען אָנגענומען. אַזוי האָט זיך געדרייט דאָס ראָד. אַריינשטעלן דאָרט אַ האַנט, אַ פינגער, צו ענדערן דעם גאַנג, האָט קיינער ניט געוואַגט, ניט געטראַכט. עס וואָלט געווען משוגעת.

מיט דער צייט האָט זיך אונדזער חברים־קרייז שטאַרק אויסגעברייטערט. עס זענען צוגעקומען חברים, אָבער ניט קיין פוילישע. פאַר וואָס? לויט אַלע פאַרטייִשע כללים, אינטערנאַציאָנאַליזם, פעלקער־ברודערשאַפט, האָט אונדזער חברן זיך מיט זיי געדאַרפט ווערן אַ פאַקט אין אונדזער לעבן. ס׳איז ניט געוואָרן. איז געווען וועלכער עס איז אונטערשייד צווישן

די ייִדישע און ניט־ייִדישע חברים? דער אָפּיציעלער ענטפער איז: ניין. דער ייִד איז, ווי עס זאָגט דאָס ווערטל, אַזוי ווי זיין ניט־ייִדישער חבר, נאָר אַ ביסל מער... אָדער גאָר אַ ביסל ווייניקער...

קאָמוניזם שליסט אויס רעליגיע. „רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן" — איז שטרענג גוזר דער מאַרקסיזם. האָסט געקענט גיין פון הויז צו הויז פון ייִדישע חברים, וואָלסטו ביי זיי קיין מזוזה אויף דער טיר ניט געזען. אַנדערש איז עס געווען ביי די פּוילישע חברים: ניט געווען קיין הויז וווּ דו האָסט, שוין עפּענענדיק די טיר, ניט געזען דעם קרייץ און די הייליקע מאַדאָנאַ.

דער מאַרקסיזם פאַרמאָגט טאַקע דעם שטרענגן פּסוק „רעליגיע איז אָפּיום פאַר די מאַסן", אָבער מע קען דאָרט אויך געפינען אַ צווייטע מיינונג, ווי, „רעליגיע איז אַ פּריוואַטזאַך!" אויף דער דאָזיקער צווייזייטיקייט פון מאַרקסיזם האָט אַוודאי געווירקט מאַרקס'ס רבנישע אָפּשטאַמונג... דער דאָזיקער צווייטער פּשט איז געווען לייכטער — מע האָט עס געוויינ־לעך געמאַכט פאַר אַ פּריוואַטזאַך פון דער פרוי...

— האָסט געזען — האָט מיר ווער אַ זאָג געטאָן — ווי אונדזער שכן, אַ פּאַרטיי־חבר, האָט זיך היינט אין דער פרי אַרויסגעשלייכט פון הויז מיט אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם? דאָס האָט ער געטראָגן זיין ניי־געבוירן קינד אין דער קירכע צום גלח, צום באַשפּריצן עס מיטן הייליקן וואַסער. מע האָט עס, ווי געוויינלעך, געטייטשט אַז דאָס וויל אַזוי די פרוי...

און דאָס איז געווען טאַבו — אַ טאַבו, אָנגענומען דורך דער פּוילי־שער געזעלשאַפט, וועלכע האָט געהאַט אירע געזעצן.

# די פאַרעקשנטעווירקלעכקייט...

מיין פרוי האָט געענדיקט אַרבעטן — אַן אַרבעט לויט אירע מעגלעכ־קייטן. פון אירע שול־יאָרן, פון איר זיין אין דער בריטישער אַרמיי, איז ביי איר געבליבן און זיך פּאַרפעסטיקט אַ גוטער, עלעמענטאַרער ענגליש. זי איז אָנגענומען געוואָרן אין אַ מלוכישער אינסטיטוציע צו לערנען ענגליש, פאַר קאַנדידאַטן אויף פּאָסטנס אין אויסלאַנד.

זי האָט זיך געוועהרט, ניט געוואָלט אָננעמען די דאָזיקע אַרבעט, האַלטנדיק, אין איר באַשיידנקייט, אַז זי קען ניט גענוג כדי צו לערנען אַנדערע. אַ פּאָר לעקציעס האָבן זי איבערגעצייגט אַז זי וועט עס קענען טאָן, אַז זי דאַרף עס טאָן. זי האָט פאַר זיך געזען מענטשן וועלכע קענען ניט קיין שום פרעמדע שפּראַך און דערלערנען וועלכע עס איז שפּראַך וועט זיי געבן אַ „שטופּ", אַרויספירן זיי אויף אַ וועג, דערמעגלעכן דעם ווייטערדיקן גאַנג.

נאָך אַ געהאַלט אין דער משפחה האָט ניט געשאַט, אַ ביסל לייכטער געמאַכט דאָס לעבן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אין אונדזער הויז זיך באַוויזן אַ הויז־דינערין, אַ דינסטמיידל, ווי מען האָט עס גערופן אין דער פאַר־סאָציאַליסטישער תקופה אין פּוילן. יאַדזיאַ האָט זי געהייסן. מיין פרוי האָט געמוזט אַוועק אין דער פרי צו דער אַרבעט, האָט ווער געמוזט זיין ביים קינד און זיך באַשעפטיקן מיט דער הויזווירטשאַפט.

אַ הויז־דינערין האָט פאַרשלונגען גענוג געלט: לוין, אויסהאַלטונג, אָבער מיר האָבן עס גערן אָנגענומען, געהאַלטן פאַר ריכטיקער צו גיין אַרבעטן, פאַרדינען און צאָלן אפילו אַ היפּשן טייל פונעם געהאַלט, כדי די פאַרטומלדיקע הויזאַרבעט זאָל געטאָן ווערן דורך וועמען אַנדערש, און אַליין זיין אין דער געזעלשאַפט פון מענטשן, טאָן אַ פּראָדוקטיווע אַרבעט. דאָס איז, אַגב, געבליבן ביי אונדז אַ פּרינציפּ. ביזן פאַרלאָזן פּוילן האָבן מיר שטענדיק געהאַט אַ הויז־דינערין, וועמען מיר האָבן, וואָס אַן אמת,

גוט באַצאָלט, אָבער איר איבערגעלאָזן אַלע גאָרניט־אינטערעסאַנטע אַרבע־טן, פאַרבונדענע מיט דער הויזווירטשאַפט.

כ'וואָלט דאָ אפשר באַדאַרפט עפּעס א פּעדאַגאָגישן קלאַמער: צי איז עס ריכטיק איבערצולאָזן די הויזווירטשאַפט און, דער עיקר, דאָס קינד, אין די הענט פון דער הויז־דינערין און אַליין אַוועקגיין אַרבעטן? וואָס איז דער ריכטיקער פּרייז פונם דאָזיקן שריט? העלפנדיק בויען די געזעל־שאַפט, צי פאַרניכטן מיר ניט פאַמיליע? אַרויסגיין פון דער היים און איבערלאָזן די קינדער מיט וועמען אַנדערש? מיט וועמען? פון וועלכן עלטער אָן? די דאָזיקע פראַגעס האָבן אונדז שטענדיק באַשעפטיקט. אונדזער קליין זונדל איז שוין אין זיין פריִען עלטער אַרויס מיט דער טענה פאַר וואָס מיר לאָזן אים אַליין. באָבעס, דינסט־מיידלעך, קינדער־גאָרטנס — קענען זיי, באמת, פאַרטרעטן אַ מאַמעס וואַרעם האַרץ? מיר האָבן אויף דעם ניט געפונען קיין ענטפער — ניט אין סאָציאַליסטישן, ניט אין קאַפּי־טאַליסטישן סיסטעם — פאַר וואָס זשע עס איצט ניט דערמאָנען?

יאַדזיאַ איז געווען אַ האַרציק, פּשוט פאָלקס־מיידל. מיר האָבן פון איר פאָלקס־חכמה ניט ווייניק געלערנט. זי האָט אויך גערן איינגעזאַפּט וואָס מיין פרוי האָט איר אָנגעוויזן. ווען זי האָט געפירט דאָס קינד אויף שפּאַציר, אין זיין וואָגן, זומערדיק אָנגעטאָן, אין קעגנזאַץ צו די אַנדערע קינדער, שווער אָנגעפּעלצטע אין די הייסע זומערטעג. און ס'האָט איר ווער געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז דאָס קינד איז ניט גענוג אָנגעטאָן, האָט זי געלאַכט פונעם „כלאָפּסקי" אופן אָנצוטאָן די קינדער.

פאַרבייגייענדיק אַ מאָל אַ געשעפט מיט אַראָפּגעלאָזענע גאַרדינען, אַ געשעפט פון דער זיכערקייט־דינסט (או.בע), האָט מיר יאַדזיאַ אָנגעוויזן: „דאָס געהערט צו דער או.בע..." כ'האָב זיך געמאַכט ניט פאַרשטיין און געפרעגט: „וואָס איז דאָס אַזעלכעס או.בע?" זי האָט געוווּסט אַז מיר קומען פון אויסלאַנד, האָט זי מיר אין איר פאָלקס־נאַיִווקייט געגעבן צו פאַרשטיין: ווייסט ניט וואָס דאָס איז או.בע? נו, די געסטאַפּאָ" — האָב איך שוין געוווּסט ווי דאָס פאָלק, דאָס פּשוטע, קוקט אָן קונצן און דריידלעך אויף די זיכערקייט־אָרגאַנען...

יאַדזיאַ איז געווען אַ פּשוטע חברהמאַנטע פון אַ יאָר 20—22, ניט צו

פיל רעליגיעז און ווייט פון פּאָליטיק. קלאַסישע מוזיק איז געווען ווייט פון איר. שאָפּענען האָט זי ניט גערן געהאַט — דאָס איז פאַר איר געווען: פּלום־פּלום־פּלום. ווען ס'האָבן פון ראַדיאָ זיך געהערט די טענער פון יאַן צימערס פאָלקס־אָרקעסטער, די פאַרשידענע לאַקריץ־זיסע, נשמה־קיצלענ־דיקע לידער פון טאָג, ווי „כ'האָב היינט באַמערקט מיין ערשטע גרויע האָר"... איז זי געווען גערירט. „אָט — האָט זי געזאָגט — דאָס איז מוזיק. דאָס קען מען הערן!"

זי האָט זיך געפילט גוט ביי אונדז. געזעסן מיט אונדז צוזאַמען ביי איין טיש. אין פּוילישע שטובן האָט געהערשט דער אַלטער כּלל — אַז „אַ דינסט איז אַ דינסט" מע דאַרף זי האַלטן קורץ און שטרענג.

זי האָט זיך מיט דער צייט געגומען גרייטן צו פאָרן אַהיים אויף די יום־טובים. פאַר וואָס ניט? מיר האָבן איר אָפּילו צוגעהאָלפן איינשאַפן מתּנות פאַר איר הויזגעזינד. זי האָט זיך געקליבן צו זיין דאָרט אַ צוויי וואָכן. עס האָט אונדז אויסגעזען אַ לאַנגע צייט. ס'וועט שווער זיין אַליץ אַליין צו מאַכן — אָבער צי האָבן מיר געקענט איר פאַרווערן פאָרן אַהיים?

נאָך לאַנגע צוגרייטונגען איז יאַדזיאַ סוף־סוף געפאָרן אַהיים — און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז זי צוריקגעקומען!

— וואָס איז געשען, יאַדזיאַ?

— ווי דאָרט — האָט זי געזאָגט — אומעטום איז גוט, אָבער אין דער היים איז צום בעסטן.

„אין דער היים" האָט זי געמיינט — ביי אונדז!

איר אמתע היים איז געווען ווייט פון שטאָט, איינגעהילט אין וועלדער, אַרומגערינגלט מיט טייכלעך, ווייט פון רעש און רויק. האָבן מיר איר איין מאָל געגעבן געלט זי זאָל מיט אונדזער קינד פאָרן אויף אַ וואָך־צוויי צו זיך אַהיים. כ'בין דערנאָך אַהינגעפאָרן יאַדזיאַ מיטן קינד צוריקברענגען אַהיים.

די אָרעמע כאַטע איז געשטאַנען אויף אַ בערגל, ווייט פונעם וועג. כ'בין צו איר דערגאַנגען דורך באַרג און טאָל, דורך וועגן און שטעגן איבער וואַלד און פעלד. די פעלדער אַרום זענען געווען זאַמדיקע, אָרעמע, די זאַנגען, די געוויקסן אויף זיי — שפּלדיקע. אַרום דער כאַטע האָבן זיך אַרומגעוואַקלט עטלעכע אויסגעמאָגערטע גענדז. כ'האָב גראָד געטראָפן

אויף אַ דאָרפישער אידיליע: אונדזער דרײַיאָריקער זון האָט מיט אַ צווייג אין האַנט זיך געיאָגט נאָך אַ גאַנדז וואָס האָט אים אַרויסגעריסן אַ שטיקל ברויט פון האַנט...

די כאַטע אינעווייניק איז געווען ריין און אָרעם. דער פויער האָט דאָס קינד ליב באַקומען. כדי דאָס מאָגערע עסן, וואָס מע האָט צוגעגרייט אין הויז, זאָל זיין געשמאַקער, האָט מיר דער פויער פאַרטרויט, האָט ער אַריינ־געגאָסן אין דער זופּ... בראָנפן.

אַרום דעם וואַלד האָסטו געהערט דאָס פליסטערן פון דיביימער. אַ פויגל איז צו מאָל פאַרבייגעפלויגן, איבערגעריסן די שטילקייט. די לופט איז געווען זויבער, ריין. אָבער פון דעם אַליין איז שווער צו לעבן. האָט זיך געמוטשעט דער אָרעמער פויער, זיינע קינדער האָט ער פאַרטיילט איבער די וואַרשעווער הייזער, ווו אַ פאַרשידענער גורל האָט געוואַרט אויף זיי... טייל מאָל האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף אַ פשוטן סאָלדאַט וואָס איז מיט דער צייט געוואָרן אַ חתן, אַ מאַן, טייל מאָל איז דערפון אַרויסגע־קומען בלויז אַ קינד. אַזאַ איז געווען דער גורל פונם צווייטן דאָרפישן מיידל, וואָס איז געקומען צו אונדז.

יאַדזיאַ האָט מיט דער צייט געפונען פאַר זיך אַן אַרבעט פון אַ פאַרקוי־פערין אין אַ געשעפט. אַוודאי איז דאָס געווען פאַר איר אַן אַוואַנס אין סאָציאַלן זין. מיר האָבן זיך מיט איר האַרציק געזעגנט און שנעל גענומען זוכן אַ צווייט מיידל, וואָס זאָל זי פאַרטרעטן.

„גוטע" נשמות געפינען זיך אומעטום. דאָס מאָל איז עס געווען דער וועכטער פונם הויז ווו מיר האָבן באַקומען אונדזער ערשטע וווינונג. ער האָט געקענט אַלץ פאַרריכטן, אַלע מלאָכות — אָבער מיר האָבן זיך באַמיט וואָס ווייניקער מיט אים צו האָבן צו טאָן. דאָס איז געווען אַ מענטש מיט וועלכן מען האָט ניט גערן זיך צו טרעפן אין אַ קליין געסל, ווען ס'ווערט טונקל. שטוב־חיות האָבן אַן אינסטינקט. אונדזער קאַץ האָט זיין כאַראַק־טעריסטיק ניט געלעזן, אָבער ווען ער איז אַריינגעקומען צו אונדז אין דער וווינונג, האָט זי זיך אַזוי טיף פאַרשטעקט, אַז מיר האָבן זי, מיט גרויסע מי, קוים געקענט געפינען... ער איז עס געקומען און געבראַנגט אונדז אַ מיידל צו דער שטובדינסט.

זי האָט געהייסן קאַשיאַ. אַ יונג, שיין מיידל, אַרום די 22. גוט געוואַקסן, פול געבויט. אין אַ 2־3 חודשים אַרום האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זי איז צו פול געבויט... זי איז געווען שוואַנגער, אין איר זעקסטן צי זיבעטן חודש. אונדזער „גוטער" הויזוועכטער האָט אונדז אַוועקגעשטעלט פאַר אַ שווערן פּראָבלעם. סתּם אַוועקשיקן דאָס מיידל האָבן מיר ניט געוואָלט, כאָטש מיר האָבן געהאַט אַלע רעכט דערצו — זי איז געקומען צו אונדז אין הויכער שוואַנגערשאַפט, וואָס זי האָט פאַר אונדז פאַרבאָרגן. לאָזן זי אָפּאַרבעטן אַ חודש־צוויי אָדער ווייניקער און דערנאָך צאָלן פאַר זעקס חדשים נאָך דער קימפּעט און אַנדערע אויסגאַבעס — פאַר וואָס זאָלן מיר עס נעמען אויף אונדזער קאָפּ און קעשענע ?

דאָס מיידל איז געווען אַ גוט מיידל, אַרבעטזאַם, ריין, ס'איז נאָר ניט שיין געווען פון איר זייט וואָס זי האָט אָפּגענאַרט ביים אַריינקומען צו אונדז, אָבער וואָס פאַר אַ טענות קען מען האָבן צו אַ מיידל אין נויט ?

עס האָבן זיך גלייך געפונען „גוטע" שכנות, וועלכע האָבן גענומען געבן עצות דעם מיידל, געלערנט זי אַז דאָרט ווו זי אַרבעט איז איר וווינאָרט, מע קען זי ניט אָפּזאָגן פון דער אַרבעט און באַזייטיקן פון דער וווינונג. כ'האָב געמוזט נעמען דעם ענין אין דער האַנט. כ'בין געגאַנגען אין „אַמט פאַר סאָציאַלער הילף", פאַרגעשטעלט דעם ענין — און כ'מוז פעסטשטעלן אַז ער איז דערליידיקט געוואָרן אַ סך מענטשלעכער און לייכטער ווי עס וואָלטן עס געטאָן אַלע אַרומיקע „גוטע" שכנות...

— זאָרגט זיך ניט, מיר וועלן זיך מיטן ענין באַשעפטיקן — האָט מיך פאַרזיכערט העפלעך די באַאַמטין, אַ זייער קולטורעלע פרוי, צו וועלכער כ'האָב זיך געווענדט. און, באמת, אין אייניקע טעג אַרום האָט די דאָזיקע אינסטיטוציע גענומען צו זיך קאַשיאַ, געזאָרגט פאַר אַ שפּיטאָל. מיט דער צייט, אַזוי האָט מען אונדז געמאָלדן, האָבן זיי אַפילו אויפגעזוכט דעם סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך מיט קאַשיאַ ערנסט פאַראינטערעסירט.

# אינטערמעצאָ

עס האָט אונדז עמעצער אונטערגעזאָגט, אַז מען קען אַרויספאָרן אויף זומער־אורלויב אין איינעם פון די אָפּרוערטער פון דער אַרמיי. ס'איז געווען אַ גוטער געדאַנק. גוט פאַר מיין פרוי, נאָך אַזוי פיל חדשים פון קוועל און אָנשטרענג, זיך אָפּצורוען, גוט פאַרן קינד צו זיין אויף פרישער לופט, ביים ים, און אויך גוט פאַר מיר — צוזאַמען מיט זיי.

דאָס אָפּרוהויז איז געווען אין יוראַטאַ — אַן אָרטשאַפט צווישן נאָדל־ביימער, ימישע סאָסנעס, ביים ברעג פון באַלטישן ים. פאַמיליע־הייזלעך זענען דאָרט געווען צעזייט איבערן וואַלד, געטיילט דורך אַ שמאָלן וועג. געווען אַ וועג דורך נאָדלביימער, לענגויס דעם האַלבאינדזל העל. דער האַלבאינדזל איז געווען שמאָל. קוקנדיק רעכטס צי לינקס, האָסטו געזען דעם ים. דער מערב־ברעג האָט געשאַפן אַ ים־איינגוס. דער ים דאָרט איז געווען געשיצט, רויִק. די פּליאַזשע אויף דער מערב־זייט פון האַלבאינדזל איז געווען ווייט און ברייט, אַ ווייסע, זאַמדיקע, אַרומגעזוימט מיט וואַלד, איינגעטונקען אין גרינס.

ניט געווען קיין דאגות פון קיך און עסן. אַ פּרעכטיקער עסזאַל, וואָס איז מיט די פענצטער אַרויס צום ברייטן ים.

סוף וואָך איז געקומען אַ מיליטערישער אָרקעסטער און האָט צוגע־שפּילט צום טאַנץ.

אין איינעם אַן אָוונט האָט מען אונדז צוגעטיילט אַ באַזונדערן כבוד — דער „הויפשרייבער", יעזשי פּוטראַמענט, איז צו אונדז געקומען מיט אַ פאַרלעזונג. ער האָט פאַר אונדז געלייענט פון זיין ווערק, וואָס ער האָט געגרייט צום דרוק — „ווזשעשיען" (סעפטעמבער). דאָס בוך האָט אַרומ־גענומען די פאַר־מלחמה־תּקופה אין פּוילן. אַ צאַלרייכע גאַלעריע פון טיפּן זענען אויפגעטראָטן אויפן פאָן פון יענער סיטואַציע. צוויי פּראַגעס,

וואָס כ׳האָב אים געשטעלט, זענען מיר נאָך געבליבן אין זכרון. עס האָט דאָרט פיגורירט אַ באַנקיר, וועמען פוילנס אינטערעסן זענען געווען פרעמד. דער באַנקיר האָט געהאַט אַ ייִדישן נאָמען. כ׳האָב אים געפרעגט פאַר וואָס האָט ער גראָד גענומען אַ ייִדישן באַנקיר? כּדי צו באַווייזן אַז פינאַנץ־קאַפּיטאַל האָט ניט קיין פאָטערלאַנד? און דער פוילישער פינאַנסיסט איז פּאַטריאָטיש געשטימט?

צווישן די העלדן פון בוך האָט זיך אויך געפונען אַ פוילישער גראַף, אַ זייער פּאַטריאָטיש געשטימטער. כ׳האָב אָנגענומען אַז מעגלעך עס זענען געווען אַזעלכע, אָבער אין אַלגעמיין צי איז דאָס טיפּיש געווען פאַר דער פוילישער אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט, צוזאַמען מיטן פוילישן אויסערן־מיניסטער בעק, געפלירטעוועט מיטן היטלעריסטישן דייטשלאַנד?

די אָפּיצירן זענען געזעסן, זיך צוגעהערט צום וויכּוח וואָס איז געגאַנגען נאָר צווישן אונדז ביידע און... געשוויגן. דעמאָקראַטיע, פרייהייט פון וואָרט איז גאַראַנטירט אין דער קאָנסטיטוציע, ס׳איז אָבער נאָך ניט אַריין אין לעבן...

ווען כ׳האָב דערנאָך געלייענט דאָס פאַרעפנטלעכטע ווערק, האָב איך באַמערקט, אַז דער נאָמען פון ייִדישן באַנקיר איז פאַרטוישט געוואָרן אויף אַ ניט־ייִדישן נאָמען, אָבער ניט אויף אַ ריין פּויליש. שווער אָפּצורייסן זיך פון אַן אַלטער געוווינהייט? אָבער אויב עס גייט ניט, זאָל מען כאָטש דעם פּאָליאַק ניט אָנרירן...

אויך מיין צווייטע באַמערקונג האָט געווירקט: דער גוטער פוילישער גראַף — כראַביע איז אין בוכפאָרעם פאַרלוירן געוואָרן...



ס׳איז געווען גוט צו רוען צווישן די סאָסנעביימער ביים ברעג ים. ס׳איז מיר אויפן מוח ניט געקומען, אַז דאָס איז אַן אָרט בלויז פאַר אָפּיצירן פון גענעראַל־שטאַב און פאַר אַ פּאָר העכערע פּאַרטיי־מיטגלידער. כ׳האָב אַפילו אין געדאַנק ניט געזוכט צו פאַרגלייכן עס מיט די אָפּרוהייזער פונעם פּשוטן פאָלק. זענען דעמאָלט אַזעלכע בכלל געווען?

# דאָס אַלטע דערשיינט פון ס'ניי

כ'בין צוריקגעקומען און מיט אויפגעפרישטע כּוחות אַוועק צו מיין אַרבעט. כ'האָב דאָרט קיין ענדערונגען ניט געטראָפן. די ענדערונגען זענען געקומען שפּעטער, אין אַ פּאָר וואָכן אַרום.

כ'בין גערופן געוואָרן צום שעף פון מיין ביוראָ. ס'איז שוין דאָרט געזעסן דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר מיין סעקציע, דער מאַיאָר שטראַוס. עס האָט געהערשט אַ דערדריקנדיק שווייגן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און לעדער האָט מיר געמאָלדן אַז שטראַוס גייט אַוועק פון דער אַרבעט. אויף זיין אָרט בין איך באַשטימט געוואָרן.

די פּלוצעמדיקע ענדערונג האָט זיך שווער אַראָפּגעקייקלט אויף מיין געמיט. אַ מענטש, וואָס האָט געאַרבעט אויסגעצייכנט, איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון זיין פּאָסטן.

דער סאָרט פון אונדזער אַרבעט, ווו יעדער באַפעל איז אַרומגערינגלט מיט סוד־סודות, האָט ניט איבערגעלאָזט קיין מעגלעכקייט צו פרעגן פאַר וואָס ער איז אַראָפּגענומען געוואָרן, פאַר וואָס איך בין באַשטימט געוואָרן פאַרן פאַראַנטוואָרטלעכן פון דער סעקציע. כ'האָב דאָך אַפילו ניט אָנגעוואַרעמט מיין אַרבעטסאָרט, מיין אַרבעט־דערפאַרונג איז נאָך געווען אַזוי גרין! פאַראַן אַ וואָרט, וואָס פאַרענטפערט אַלץ — באַפעל. באַפעל איז באַפעל און לאָזט ניט איבער קיין אָרט אויף פרעגן.

מיר זענען נאָך געזעסן אַ ווײַלע און מיט דער מעלדונג, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט מיר צוגעטיילט ווערן אַן אַדיוטאַנט, האָט ער פאַרענדיקט דעם שמועס מיט: „דאָס איז אַלץ!" מיר זענען אויפגעשטאַנען, שטראַוס און איך, און אַוועק צו זיך. שטראַוס, וועמען דער קלאַפּ האָט שווער געטראָפן, האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט. ער האָט מיך געשטאַרקט, פאַרזיכערט אַז כ'וועל וויסן ווייטער צו פירן די אַרבעט. אַליין איז ער, מיט אַ מאָל, געבליבן מיטן ליידיקן...

ווען כ׳בין אַרויס פון מיין ביוראָ און געשטעלט די ערשטע טריט איבערן קאָרידאָר, אויסגעטוישט אַ פּאָר ווערטער מיט מיינע חברים, איז מיר דאָס בילד קלאָר געוואָרן: אַלע אָפיצירן פון דער עמיגראַציע, פון דער פריערדיקער פוילישער אַרמיי, זענען אַראָפּגענומען געוואָרן פון זייערע פּאָסטנס, באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט. ווער איז געבליבן צו פירן די אַרבעט? קיינער האָט אַזאַ פראַגע ניט געשטעלט. אויף אַ צייכן פון אַ געהיימען פינגער זענען באַפרייט געוואָרן פוילישע בירגער פון אַ גאָר הויכער אינסטיטוציע, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען רוסן...

כ׳האָב ממש געשמעקט אַרום, — קיין שאָדנפרייד האָב איך ניט באַמערקט. כ׳האָב אויך ניט געהערט קיין ווידערוואָרט, קיין באַמערקונג. ניט די באַזייטיקטע האָבן געזאָגט אַ וואָרט, ניט די געבליבענע. אַלץ איז געשען אין אַ געשלאָסענעם שטח, אין וועלכן די באַפרייטע פון דער אַרבעט און די געבליבענע האָבן זייער באַשטימטן קרייז פאַר באַוועגן זיך. דער סאָציאַליסטישער סיסטעם האָט פאַרוואַנדלט די פרייהייט פון וואָרט אין פרייהייט פון איינעם צום וואָרט — אַלע אַנדערע בלייבט בלויז איבער צו זאָגן „אמן", אָדער גאָרניט צו זאָגן. יעדער געדאַנק קעגן גייט אַראָפּ אין טיפן תהום, פון וועלכן ער שטייגט, וואָס אַן אמת, דערנאָך אויף ווי אַ פייער־לאַווע, וואָס פאַרניכטעט מענטשן, סיסטעמען, אָבער עס דויערט יאָרן ביז עס קומט צו אַזאַ אויסבראָך — ביז דעמאָלט בלייבט די לאַווע טיף אין האַרץ.

כ׳האָב איבערגענומען די אַרבעט. ביי דער געלעגנהייט האָב איך געדאַרפט פאַרצייכענען די דאָקומענטן און אַקטן, וועלכע כ׳האָב איבער־גענומען צוזאַמען מיט דער סעקציע. מע האָט מיר פאַר דעם צוועק געבראַכט אַ ספּעציעל רעגיסטער־בוך. כ׳האָב גענומען פאַרצייכענען, נומע־רירן. כ׳האָב זיך אָנגעטראָפן אויף פּאַטאָס אָן שום באַטייט, באַריכטן, אינפאָרמאַציעס — קינדיש קאָפּירטע, בכלל אַקטן אָן וועלכע עס איז באַטייט וואָס זענען געלעגן שוין יאָרן אָן נוצן, אָן אַ זין.

כ׳האָב זיך גענומען „אויפרוימען". די נייטיקע — פאַרצייכנט, אויפגע־היטן. די אָן אַ באַטייט האָב איך פאַרניכטעט און געוואָרפן אין אויוון פון מיין ביוראָ. כ׳האָב דאָרטן אַריינגעוואָרפן אַ היפּש ביסל. אין צימער איז

געוואָרן וואַרעם, אויסערגעוויינלעך וואַרעם. כ׳האָב אַפילו ברייט געעפנט דאָס פענצטער — אַ ניט געוויינלעכע זאַך אין פוילישן ווינטער.

עס איז געקומען דאָס גאָר ערנסטע, וועגן וועלכן כ׳האָב אַפילו ניט געטראַכט — צוויי אָפיצירן זענען געקומען קאָנטראָלירן דעם דורכגעפירטן אַקט. אַלץ האָט געשטימט — אַלע דאָקומענטן זענען געווען פאַרשריבן. די אָפיצירן האָבן בלויז פאַרזען איין קלייניקייט: צו פאַרגלייכן דעם דאָזיקן רעגיסטער מיטן פריִערדיקן, וועלכער האָט ניט מער עקזיסטירט — כ׳האָב אים אויך פאַרברענט.

וואָלטן עס געווען קאָנטראָלערן פון גאָטס חסד, וואָלט אַרויסגעקומען די קאַשע, וועלכע כ׳האָב פאַרקאָכט אין מיין לייִדנשאַפט פאַר אָרדענונג און זאַכלעכקייט, און ווער ווייסט ווו מיין געביין וואָלט אַהינגעקומען, כאָטש כ׳שווער ביי אַלע הייליקע, אַז כ׳האָב באַזייטיקט דאָקומענטן אָן שום ווערט אָן אַ שלעכטער כּוונה. מע וואָלט מיר צוגעשריבן די גאָר ניט גרינגע באַשולדיקונג, אַז פון מיין ביוראָ זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן דאָקומענטן!

אָבער קיינער האָט עס ניט באַמערקט, ניט דעמאָלט, ניט שפּעטער — וואָס זאָגט עדות וועגן דער „וויכטיקייט" פון די דאָזיקע דאָקומענטן און... די קוואַליפיקאַציעס פון די קאָנטראָלירערס.

די קאָנטראָל־קאָמיסיע האָט באַשטעטיקט די גענויִקייט פון רעגיסטער. זיי האָבן ניט געוווּסט ווי אַזוי מען קאָנטראָלירט. זיי זענען ניט געווען פון דער וועסטפּוינט צי סאַנדהאָרסט־שול. איך — אויך ניט.

# כ׳פיר קריג מיטן נאַטאָ!

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צו מיר אַריינגעקומען דער שטאַב־אָפיציר מיטן לייטענאַנט ליסאָווסקי, וועלכן ער האָט מיר פאָרגעשטעלט ווי מיין נייעם אַרבעטער, מיין אַדיוטאַנט.

ליסאָווסקי, אַ יונגער מענטש, אין די צוואַנציקער יאָרן, האָט מיר פון ערשטן בליק אויסגעזען סימפּאַטיש. מיר האָבן זיך אין אַ קורצער צייט זייער דערנענטערט. פון אַ פּשוטער לאָדזשער אַרבעטער־פאַמיליע — האָט ער שוין פון זיינע יינגסטע יאָרן געוווּסט דעם טעם פון קריג. שוין ווי אַ יינגל האָט ער צוזאַמען מיט זיין ברודער דורכגעפירט ניט איין געוואַגטע אַקציע קעגן דייטשישן אָקופּאַנט. זיי זענען באַרימט געווען אין דער לאָדזשער געגנט. ר׳איז געווען פון נידעריקן וווּקס, אַ מאָגערער, מיט אַ ביינערדיק, אָנטשלאָסן פּנים. זיין לייטענאַנט־גראַד האָט ער כּשר פאַרדינט מיט זיינע קאַמפּסטאַטן. ער האָט אין זיך ניט געהאַט קיין סימן פון קינאה און שינאה, ניט געוווּסט פון קיין יידן־פיינטלעכקייט. זאַכן, וועלכע כ׳האָב ניט פאַרשטאַנען פון דער פּוילישערווירקלעכקייט — האָט ער מיר אויפגעקלערט. אַלץ וואָס כ׳האָב אויף אים אַרויפגעלייגט, האָט ער אויסגעפירט מיטן בעסטן ווילן.

ער האָט ניט געקענט קיין פרעמדע שפּראַך, געהאַט אַ טיפן רעספּעקט פאַר די, וועלכע האָבן געוווּסט מער פון אים. ער האָט געוווּסט וואָס ער וויל און עס דורכגעפירט מיט אַן אייזערנער לאָגיק. ער איז געווען אין די אָנהייביאָרן פון זיינע יורידישע סטודיעס. כ׳בין זיכער אַז ער האָט זיי פאַרענדיקט — צו זיין נוצן און צום נוצן פון אַ סך אַנדערע. דאָס האָט ער מיך געשטופּט, אַז כ׳זאָל אויך אָוועק אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט אָנהייבן מיינע יורידישע סטודיעס.

שוין לאַנגע יאָרן זענען פאַרביי זייט אונדזער שיידונג — כ׳וואָלט נאָך היינט וואַרעם געדריקט זיין האַנט.

די אַרבעט איז אַוועק מיטן נאָרמאַלן גאַנג.

פון צייט צו צייט האָבן מיר געמאַכט קריגס־מאַנעווערס. דער שטאַב איז איינגעטיילט געוואָרן אין באַזונדערע אָפּטיילונגען — אין ווייסע און רויטע. עס זענען געקומען מעלדונגען וועגן באַוועגונגען אויפן שלאַכט־פעלד. מיר האָבן אָפּגעשאַצט די געענדערטע לאַגע, געשיקט ראַפּאָרטן צו דער העכערער אינסטאַנץ. די מעלדונגען זענען געווען פונעם כאַראַק־טער: „מע האָט אויפן שונאס זייט באַמערקט אַזאַ און אַזאַ איינהייט", „אַ געפאַנגענער האָט איבערגעגעבן אַזעלכע און אַזעלכע פּרטים", „אין אַן אַנגריף האָט אונדזער איינהייט אַאַז"וו" — מיר האָבן זיך באַמיט צו געבן די מאַנעווערס אַן ערנסטן כאַראַקטער. ניט געווען אַפילו קיין מיטאָג־איבעררייס.

אָונט־צו איז צו אונדז דערגאַנגען די מעלדונג: „די שלאַכט איז געענ־דיקט". אין דער אונטערשטער שורה מוז איך זאָגן, אַז כ'האָב קיין מאָל ניט געוווּסט ווער עס האָט געוווּנען, די „רויטע", צי די „ווייסע". אויך מיינע שלאַכט־חברים האָבן עס ניט געוווּסט. דער גאַנצער ענין איז זיי אויך ניט אָנגעגאַנגען.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן מיר ווידער אַ מאָל דורכגעפירט מאַנעווערס, און דאָס מאָל זייער ערנסטע. ניט מער, און ניט ווייניקער, ווי אַ קריג צווישן די אַרמייען פון „וואַרשעווער פּאַקט" און די אַרמייען פון נאַטאָ!

עס איז געווען אַ זונטיק־פאַרמיטאָג ווען כ'בין גערופן געוואָרן דורך אַ שליח זיך שטעלן אויף מיין פּאָסטן אין שטאַב. ווען כ'בין געקומען איז דער „קריג" שוין געווען אין פולן ברען. ליסאָווסקי איז שוין דאָרט געווען — ער האָט געווינט נעבנטער — און געוואַרט אויף מיינע באַפעלן. מיר איז צוגעטיילט געוואָרן דער דרום־טייל פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, מיטן הויפּטאַקצענט אויף דענעמאַרק און דרום־שוועדן. הערסט אַ מעשה — קיין מאָל דאָרט ניט געווען, קיין מאָל מיט זיי זיך ניט באַשעפטיקט. אויסער מיין געאָגראַפיש וויסן, נאָך פון די פריִע גימנאַזיע־יאָרן, האָב איך גאָרניט געוווּסט! עפּעס האָב איך געדענקט וועגן קאַטעגאַט, סקאַגעראַק,

די גרויסע בעלט, די קליינע בעלט, אָבער איצט דאַרף איך צושטעלן ידיעות פאַר אַרמייען, וועלכע שטייען אין קאַמף — אַ קלייניקייט...

כ׳האָב רויִק באַטראַכט מיין לאַגע, מיין אויפגאַבע — פּאַקטיש פאַלט דאָך די הויפּט־אויפגאַבע אויף דער סקאַנדינאַווער סעקציע — איך דאַרף אַוודאי זיין, אין פאַל, אויב דער קאָנפליקט וועט זיך אויסברייטערן. דער־ווייל דאַרף איך אַלץ טאָן, געבן מיין צושטייער. כ׳האָב באַפוילן ליסאָווסקין ער זאָל אַוועק אין דער ביבליאָטעק און ברענגען אַלע מעגלעך געבליבענע אַטלאַסן, מאַפּעס, ענציקלאָפּעדיעס, געאָגראַפישע ווערטערביכער, אַלץ וואָס קען אַנטהאַלטן ידיעות וועגן דער געגנט צו וועלכער כ׳בין צוגעטיילט געוואָרן.

עס האָט אַ ביסל געדויערט און ליסאָווסקי איז געקומען באַלאָדן מיט ביכער, מאַטעריאַלן. ער האָט צעשפּרייט די מאַפּעס, געעפנט די ביכער אויף די זייטן וועלכע האָבן אונדז אינטערעסירט. מיר זענען אַריין אין קריג, גענומען מעסטן די דיסטאַנצן פון ציל צו ציל, די נאַטור־שטערונגען, די ים־טיפקייטן, שטראָמען, קלימאַטישע באַדינגונגען, טעמפּעראַטור, ווינטן, לופטדרוק, גענומען אין באַטראַכט אויך די באַזונדערע חדשים. אַלץ, וואָס קען העלפן אונדזערע אַרמייען צום זיגרייכן פאָרמאַרש, אין פאַל ווען מען וועט עס פון מיר נאָר פאָדערן...

אָוונט־צו זענען די מאַנעוורעס געווען פאַרענדיקט. מיינע צוזאַמענ־געשטעלטע רעזולטאַטן זענען געבליבן ליגן, מע האָט זיי פון מיר ניט געפאָדערט. מיינע שלאַכט־חברים פון די אַנדערע סעקטאָרן, וועלכע האָבן מער אָדער ווייניק געאַרבעט ווי מיר, זענען, אַוודאי, אויך געבליבן מיט זייערע ידיעות, וועלכע קיינער האָט פון זיי ניט געפאָדערט... דער קריג צווישן די אַרמייען פון נאַטאָ און וואַרשעווער פּאַקט האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר שעה. ווי גוט!

ליסאָווסקי האָט האַרציק זיך צעשמייכלט ווען כ׳האָב אים געמאָלדן:

— דער קריג איז געענדיקט. קום, מיר גייען אַהיים! — מיר האָבן ביידע געגרן פאַרלאָזט דאָס ביוראָ.

כ׳קען איצט גיין צווישן די כוחות פון נאַטאָ מיט אַ רויִקן בליק — כ׳האָב, באמת, קיינעם פון זיי ניט דערהרגעט...

כ׳האָב אין אָוונט געטראַכט, צי האָט עס דער שטאַב פון דער פּוילי־שער אַרמיי אויסגעפּעלט בעתן קריג צווישן די צוויי ריזן־מאַכטן? האָבן לצים אין מאָסקווער שטאַב באַשטימט, אַז מען דאַרף אויך זיי, אין פּוילישן שטאַב, שטעלן פאַר דער אויפגאַבע, און זאָלן זיי וויסן, אַז זיי זענען אַ צד אין שיסל? אָדער צי האָט מען זיך בלויז אין וואַרשע געריסן צו טאָטן, וועלכע קיינער האָט פון זיי ניט פאַרלאַנגט?

ווי זאָגט דער רוס — אָן וואָדקאַ וועסטו עס ניט פאַרשטיין...

איבער דער וואָך האָבן מירביידע ערנסט געאַרבעט, ניט געשפּאָרט קיין מי און אָנשטרענג — כ׳האָב עס אין אַ געוויסן מאָמענט געגומען פילן — עס האָט מיך פון צייט צו צייט באַהערשט אַ מידקייט, אַ שוואַכ־קייט.

אַ הונדערט מעטער פון שטאַב איז געווען די מיליטערישע קליניק. וואָס קען דאָ זיין — האָב איך מיר געטראַכט — כ׳וועל דאָרט אַריבער, זאָל מיר דער דאָקטער עפּעס געבן זיך צו שטאַרקן.

עס איז געווען אַרום איינס אַ זייגער, ווען כ׳האָב אַריינגעלייגט מיינע דאָקומענטן אין דער אייזערנער שאַפע און כ׳בין אַוועק אין דער קליניק.

דער דאָקטער האָט מיך גוט אויסגעהערט, אַריינגערופן די קראַנקן־שוועסטער און איר איבערגעגעבן אַן איינשפּריצונג פאַר מיר. עס איז געווען אַן אינטערוועגען־איינשפּריצונג. מיט די אָדערן איז ביי מיר ניט זייער אין אָרדנונג. שווער ביי מיר אויף זיי אָנצוטרעפן. די שוועסטער האָט געשטאָכן אַ זעקס מאָל און זי האָט זיך צעוויינט:

— שוין אַזוי פיל מאָל געשטאָכן, עס איז אַזוי פּיינלעך, און דו ביסט אַזוי גוט, דו זאָגסט גאָרניט!

כ׳האָב זי באַרויקט, געהייסן ווייטער פּרובירן ביז זי וועט אָנטרעפן אויף אַ ריכטיק אָרט. זי האָט ווייטער געשטאָכן און געטראָפן אויפן ריכטיקן אָרט — אָבער וואָס ווייטער איז געווען, ווייס איך ניט: איך בין געפאַלן אין חלשות. ווען כ׳האָב דערוואַכט, האָב איך באַמערקט אַז מע טראָגט מיך. מע האָט מיך אַוועקגעלייגט אויף אַ בעט. נעבן מיר איז געזעסן ד״ר יאַנקאָווסקי.

— וואָס איז געשען ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, אָן אויפגעוואַכטער.

— ביסט ניט אַזאַ שטאַרקער...

כ׳האָב דערשפּירט ווי פון מיינע אויגן פליסן טרערן. זיי זענען געפלאָסן פריי, אומגעבעטן.

— וואָס איז דאָס ? — האָב איך געפרעגט ד״ר יאַנקאָווסקי, ווייזנדיק אויף די טרערן.

— ווי דו זעסט, קען מען זיי ניט באַהאַלטן...

ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען אַרויסצוגיין איז שוין געווען נאָך דריי אַ זייגער. אונדזער אַרבעטס־שעה איז שוין געווען פאַרביי. כ׳בין אַוועק גלייך אַהיים — ניט געמאַכט דערפון קיין ווענן. אַ וועזן האָבן דערפון געמאַכט אַנדערע.

געשען איז עס אַזוי :

נאָך אַ זייגער דריי, ווען די אָפיצירן האָבן פאַרלאָזט זייערע אַרבעטס־צימערן, ביוראָס, האָט אַ ספּעציעלע וואַך באַזוכט יעדן צימער, קאָנטראָלירט, צי די אייזערנע שאַפעס זענען פאַרשלאָסן, צי האָט זיך וועלכער דאָקומענט ניט פאַרוואַלגערט אויפן טיש, אונטערן טיש צי ערגעץ אַנדערש־ווו ; צי זענען אַלע שופלעדער פאַרמאַכט. דער דאָזיקער באַזוך איז אַדורכגעפירט געוואָרן סטריקט, אונטער דער אויפזיכט פון אַ העכערן אָפיציר.

אין מיין ביוראָ איז אַלץ געווען ריין, די שאַפעס — פאַרשלאָסן. נאָר, — און דאָ הייבן זיך אָן די זאַכן צו קאָמפּליצירן, — דער שופלאָד פון מיין טיש, וווּ כ׳האָב געהאַלטן מיינע פּריוואַט־זאַכן, דאָס מיטגעבראַכטע עסן, בליישטיפטן, אַ טאָגצייטונג, אַ ביכל, אָט דעם שופלאָד, האָב איך, ווען כ׳בין אַרויס אין געאייל אין קליניק, ניט פאַרשלאָסן. די וואַך איז געפאַלן אויף דעם דאָזיקן פאַרזען, געזוכט דאָרט און גענישטערט און, שטעלט זיך פאָר, זי האָט דאָרט געפונען אַ בראָשור מיט אַ רעדע פון גאָמולקאַ ! געוואַלט, שומו שמים — אַ רעדע פון גאָמולקאַ, וועלכער איז שוין דעמאָלט, אין 1950 געזעסן אין תּפיסה און איז געווען טריף שבטריף !

צו מאָרגנס, כ׳האָב זיך ניט באַוויזן אַוועקצוזעצן אָנהייבן מיין אַרבעט — האָפּ ! מע רופט מיך צום סאַמע פּאַרטיי־סעקרעטאַר. ער איז

געוועזן אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר, אויסגעזעסן אין די תּפיסות, אין קאַרטוז־בערעזע. ער האָט זיך גוט אָריענטירט אין מענטשן־מאַטעריאַל פון אונדזער אָפּטיילונג, זייער פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט, רייפקייט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן: — היתּכן? — און ער האָט מיר דערציילט וועגן דעם שקץ, וועגן דער בראָשור מיט גאָמולקאַס רעדע, וואָס מע האָט געפונען ביי מיר.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט ביז כ׳האָב בכלל פאַרדייעט די „באַשולדיקונג". לסוף, האָב איך זיך ניט שטאַרק איבערגענומען און אַרויסגעלייגט דעם אמת, דעם גאַנצן אמת:

— הער זיך איין, מיין ליבער חבר — האָב איך רויִק אַ זאָג געטאָן — אין מיינע הענט געפינען זיך צייטונגען ווי „לע מאָנד", „טיימס", „פראַנק־פורטער צייטונג" און נאָך כּל מיני ביכער פון דער מערב־וועלט — ווייזט אויס, אַז מע האָט צו מיר צוטרוי, מע פאַרטרויט מיר דאָס אַלץ, ניט אמת? כ׳בין אין פּוילן ניט לאַנג. נאָך פון אויסלאַנד ווייס איך, אַז גאָמולקאָ איז באַזייטיקט געוואָרן פון זיין פּאָסטן ווין פּאַרטיי־סעקרעטאַר, אָבער כ׳האָב ניט קיין השׂגה וואָס האָט ער אַזעלכעס געזאָגט, וואָס וואָרפט מען אים פאָר? מעג איך לייענען אַלץ וואָס די קעגנערישע וועלט זאָגט, אָבער כ׳טאָר ניט וויסן וואָס גאָמולקאָ האָט געזאָגט?

ס׳איז קיין דיסקוסיע ניט געווען. עס איז געווען אַ באַזונדערער פאַל, אַ פאַל פון אַ חבר וואָס איז דאָ ניט געווען, וועמען מען קען ניט אָפּזאָגן דאָס רעכט צו באַקענען זיך מיט יסודותדיק פּאַרטיי־מאַטעריאַל.

כ׳בין ניט איין מאָל זיך באַגאַנגען ווי אייגער וואָס ווייסט ניט. כ׳וועל זיך נאָך, ניט איין מאָל, אָנשטויסן אויף דעם, אין אַ וועלט וואָס לעבט אין אַנדערע באַדינגונגען ווי אויפן מערב, אין באַדינגונגען באַגרענעצטע, שווערע. דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געשמייכלט, מיר געגעבן די האַנט. ער האָט ניט געמאַכט דערפון קיין עסק.

# דאָס אָונטברויט מיט אַ סאָוויעטישן טעם

עס האָט אָנגעיאָגט דער ווינטער — די בעסטע צייט אַרויסצופאָרן אין די בערג אויף אָפּרו. דער דאָקטער האָט אומבאַדינגט געהייסן פאָרן אין אַ קוראָרט — קיין קודאָווע. קודאָווע איז געווען ערגעץ אין דרום־מערב פון פוילן, אין די פון דייטשלאַנד אָוועקגענומענע געביטן. דאָס איז געווען אַ פאַרגיטיקונג פאַר די מיזרח־געביטן, וועלכע דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אָוועקגענומען פון פוילן — זיי גענומען פאַר אוקראַיִנע, פאַר ווייס־רוסלאַנד, פאַר זיך.

דעם אָונט פאַר מיין אַרויספאָר בין איך פאַרבעטן געוואָרן אין שטאַב, אויף אַ באַזונדערן אָוונט, פאַרבעטן צו קומען אַליין, בין איך אַהין אַוועק און זיך דאָרט געטראָפן מיט אַלע אָפיצירן — אין פולן קאָמפּלעט. עס איז געווען רעשיק, מונטער. מיר האָבן זיך צעזעצט אַרום טישן, צוגעגרייטע מיט טעלער, לעפל, גאָפּל, מעסער, מיט וואָדקאַ, וויין — נו, צו אַן אָונטברויט!

די שטימונג האָט זיך צו ביסלעך געזעצט — עס איז געוואָרן שטילער, ערנסטער.

נאָך די ערשטע טאָאַסטן פאַר סטאַלינען, פאַר דער פאַרטיי, נאָך די אַריינפּיר־מאַכלים, האָט ווער אַ קלונג געטאָן מיט אַ גאָפּל אין אַ קרישטאָלענעם כּוס — דער גענעראַל קאַשניקאָוו איז אויפגעשטאַנען צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער. נעבן אים, אויבן־אָן ביים טיש, זענען געזעסן קאָמאַר און אַלע העכערע אָפיצירן. מיר האָבן געוועגדט אונדזער בליק צו זיי, פאַראינטריגירט, געוואַרט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן.

קאַשניקאָווס רעדע איז געווען אַ קורצע. פאַקטיש איז עס געווען אַ קורצע מעלדונג, אַז דעם און דעם טאָג וועט דער גענעראַל קאָמאַר פאַר־לאָזן זיין פּאָסטן ווי דער שעף פון דער צווייטער אָפּטיילונג און איבערנעמען אַן אַנדערן וויכטיקן פּאָסטן — וואָס פאַר אַ פּאָסטן — האָט ער ניט

געזאָגט. עס זענען דערנאָך געקומען אַ פּאָר ווערטער פון לויב פאַר זיין אָפּגעטועגער אַרבעט. דאָס זענען געווען ווערטער פון רוטין, טרוקענע ווערטער, „שעטשקע", ווי מען האָט עס גערופן, וואָס מען זאָגט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן.

ווי גוטע שעפּסעלעך האָבן מיר זיך צוגעהערט, געגעסן די טרוקענע „שעטשקע", געקוקט איינער אויפן צווייטן, געוואָלט פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר, און לסוף אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויפן טיש, אויף די טעלערס, אויף די כּוסות, ניט געוווּסט ווו צו קוקן, — ס'איז געווען ניט היימלעך.

דערנאָך איז אויפגעשטאַנען וואַצעק קאָמאַר און גענומען רעדן. ער האָט גערעדט זייער באָלשעוויסטיש. ער האָט גערעדט וועגן כּוח פון דער פּאַרטיי, איר אַלזייטיקן וויסן, די ריכטיקייט פון אירע באַשלוסן — זיי געלויבט ביז אין טאָג אַריין. ער האָט דערנאָך גענומען רעדן וועגן דער צווייטער אָפּטיילונג, אירע אויפגאַבעס — איר אַנטוויקלונג־וועג. ער האָט גערעדט וועגן איר אַרבעט, די שוועריקייטן, אויף וועלכע זי האָט אָנגעטראָפן, אויף וועלכע זי טרעפט אָן — אָביעקטיווע, סוביעקטיווע. ער האָט גערעדט מיט ווערטער ניט פאַר יעדן קלאָרע, ווי עס פירט זיך אין אַזעלכע אינסטיטוציעס. די וועלכע האָבן פאַרשטאַנען — האָבן פאַרשטאַנען, און די וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען, האָבן זיך געמאַכט פאַרשטיין. ער איז דערנאָך אַריבער רעדן וועגן זיין אייגענער אַרבעט, זיין אייגענעם וועג, ווי שווער ער איז געווען לגבי דער זאַך, לגבי מענטשן. און דאָ איז געשען עפּעס אויסערגעוויינטלעכס. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט קאָמאַר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט — אַ זאָג געטאָן: עך! — און זיך צעוויינט. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט, באַהאַלטן דעם קאָפּ אין אָרעם און געשליאָכעט ווי אַ קינד, וואָס קען זיך ניט באַהערשן. מיר זענען געזעסן ווי פאַרשטיינערט. עס האָט ווער אַ געשריי געטאָן: האַנבאַ! (אַ חרפּה!). אַ שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויף די אָנוועזנדיקע. קאַשניקאָוו האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף קאָמאַרן, געגעבן אַ צייכן — די סעודה איז געגאַנגען ווייטער — אַלע האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ צו די טעלערס, שטילערהייט געקייט און אַלץ, אַלץ אַראָפּגעשלונגען...

פאַר די אויגן שטייט מיר נאָך דאָס בילד ווי דער גענעראַל וואַצעק

קאָמאַר, אַ האַרטער חברה־מאַן, אַן אַלטער באָלשעוויק, צעווייַנט זיך אַ צעבראָכענער.

ער איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון דער אַרבעט, קיינער האָט ניט געוווּסט פאַר וואָס, קיינער האָט ניט געוווּסט ווּהין ער ווערט געשיקט — און קיינער האָט אַפילו ניט געפרעגט. פרעגן איז ניט געווען אָנגענומען. פרעגן האָט געגרענעצט מיט צווייפלען — צווייפלען הייסט אומצוטרוי, און אומצוטרוי צו דער פאַרטיי קען האָבן בלויז אַ קעגנער. אומצוטרוי הייסט זיך שטעלן אויסער די רייען — זיין קעגן, און דעם קעגנער דראָט פאַרלענדונג.

אין דעם געזעגענונג־אָוונט — ווי אַנדערש זאָל איך אָנרופן דעם דאָזיקן אָוונט ? — האָבן זיך באַטייליקט אַלטע פאַרטיי־חברים. זיי זענען געווען 90 פּראָצענט פון די אָנוועזנדיקע, אַלטע חברים, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט לאַנגע יאָרן אין פּאָשיסטישע תּפיסות, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, דורכגעמאַכט יאָרן פון קאַמף און פייער און אַרויס פון זיי ווי שטאָל געהאַרטעוועט — זיי זענען געזעסן און געשוויגן.

אין משך פון יאָרן זענען זיי דערצויגן געוואָרן אין בלינדן גלויבן אין די פאַרטיי־אינסטאַנצן. דער דאָזיקער גלויבן איז מיט דער צייט געוואָרן אַ שטענדיקער באַשטאַנדטייל פון דער באַוועגונג — אומדערשיטערלעך, ניט אָפּצופרעגן, מיט דער צייט באַפעסטיקט דורך מאַכט און קראַפט. אַ באַוועגונג, געבויט אויפן יסוד פון מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דאָגמאַטישער מאַסע, וועלכע האָט איצט אָנגענומען אַלע באַשלוסן און דירעקטיוון בלינדערהייט.

און דאָס איז ניט געווען קיין פאַרטיי־באַשלוס, וואָס זיי האָבן אַליין אָנגענומען. ניין, דער באַשלוס איז געקומען „פון אויבן", און דער „אויבן" איז געווען הויך און ווייט און גרויזאַם. עס איז אַנטשטאַנען אַ דיסציפּלין וואָס האָט זיך ניט געגנייטיקט אין באַווייזן — אַ דיסציפּלין איינגעאַנקערט אין גלויבן. דו גלייבסט אָדער דו גלייבסט ניט. דער לעניניסטישער שטאַנד־פּונקט, פאַראייביקט דורך דזשאָן ריד, אין זיין בוך „צען טעג וואָס האָבן דערשיטערט די וועלט" דער שטאַנדפּונקט: „ביסט מיט אונדז אָדער קעגן אונדז" איז אַריין אין בלוט, אין לעבן: טערציום נאָן דאַטור!

ווען כרושטשאָוו האָט אַראָפּגעריסן די מאַסקע פון סטאַלינען, באַוויזן זיין פאַראַנאָישן פּרצוף, אַרויסברענגענדיק די מאַסן־דערשיסונגען פון די בעסטע פאַרטיי־חברים אויף סטאַלינס באַפעל, האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט זען אַן אונטערשיד צווישן לענין און סטאַלין. „ביי לענינען — האָבן זיי געטענהט — וואָלט אַזעלכעס ניט פאָרגעקומען". דאָס האָט שוין, אַגב, מיט יאָרן פריִער געטענהט טראָצקי, פאַרגעסנדיק דערביי די טייכן בלוט וואָס ער אַליין האָט פאַרגאָסן אונטער לענינס פאַראַל: „זאָלן 99 אומשולדיקע אומקומען אַבי דער איינציקער שולדיקער צווישן זיי זאָל זיך ניט אַרויסדרייען..."

דער מאָרד־אַפּאַראַט אונטער לענינען, די „טשעקאַ", איז געווען אַ מפּיל־קינד אין פאַרגלייך מיטן מאָרד־אַפּאַראַט אין סטאַלינס דינסט. ס'וועט שווער זיין אָנצוגעבן די נעמען פון די אָפּאָזיציאָנערן, מחוץ און אין די רייען פון דער פאַרטיי, וועלכע לענין האָט פאַרניכטט, אָנהייבנדיק פון קראָנשטאַט, און שוין פריִער, אָבער אין זיינע שריפטן און רעדעס האָט לענין שוין געשאַפן דעם סטיל פון גייסטיקער פאַרניכטונג, פאַרוואַנדלען אין בלאָטע זיינע קעגנער — די „סאָציאַל־פאַטריאָטן", „פאַררעטער", די מענשעוויקעס און אַלע אַנדערע קעגנער. דורכפירן זייער פיזישע פאַרניכ־טונג האָט ערשט סטאַלין געקענט. ווען זיין בלוט־מאַשין איז אַריין אין באַוועגונג האָט זי אַלץ וואָס איז געקומען אונטער איר האַנט אומגעבראַכט: קעגנער און ניט־קעגנער, ווי אַ מאַשין, אָן געפילן, אָן צו טראַכטן, אָן צו פרעגן!

נאָך קלינגט מיר אין די אויערן דער איין און איינציקער אויסגעשריי „אַ שאַנדע!" וועלכער איז געפאַלן, פון איינעם, וועלכער האָט שנעל פאַרשטעקט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און קיינער האָט אַפילו ניט באַמערקט ווער ס'האָט עס אויסגעשריגן. דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, האָט קיינער אַפילו ניט געוואַגט צו אָבסערווירן. דער אויסרופער האָט אַוודאי זיך אַליין דערשראָקן און שנעל זיך אָנגעשלאָסן אין אַלגעמיינעם בילד, אין דער פריטשמיעלעטער מאַסע, וועלכע האָט געשוויגן.

די סעודה איז געגאַנגען ווייטער.

אין צווישן האָט דער גענעראַל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אָנגעשלאָסן אין דער סעודה און געשוויגן. פאַר וואָס האָט ער געשוויגן? האָט ער דאָך אין די טיפענישן פון זיין האַרץ געוווּסט וועגן זיין אומשולד. האָט ער, ווי מיין חבר יורעק קאַוווע בעת דער אויספאָרשונג, זיך געזען טייל מאָל קרישטאָל־ריין, טייל מאָן שמוציק ווי קויט? ווו איז אַהינגעקומען די פעסטקייט, די דעצידירטקייט פונעם אַלטן באָלשעוויק, וואַצעק קאַמאַר?

און אַלע אַנדערע, וואָס זענען געווען גוט באַהאַוונט אין דער שפּיל הינטער די קוליסן — ווו זענען אַהינגעקומען זייערע אידעאַלן פאַר פריי־הייט און רעכט, פאַר וועלכע זיי האָבן געקעמפט זייער גאַנץ לעבן? וואָס האָט זיי פאַרוואַנדלט אין אַ פאַרטעמפּטע, אומפאַרזענלעכע כאַפּטע?

מיטגלידער פון אַ באַוועגונג, וואָס איז אויפגעשטאַנען און זיך אַנט־וויקלט אין קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט, אין וועלכער מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט האַרץ און לעבן, זענען מיר געשטאַנען גלייכגילטיק וועגן פרייהייט און רעכט, אַפילו פון אונדזערע נאָענטסטע חברים, זענען געט־ראָטן געוואָרן מיט די פיס.

צו מאָרגנס בין איך אַוועק אויף מיין אורלויב קיין קודאָווע.

# צוריק צום אַלטן

צוריק ביי דער אַרבעט, נאָך אַ חודש אָפּוועזנהייט, איז אַלץ ווי פריִער, ווי קיין מאָל גאָרניט. די אַרבעט גייט ווייטער אינטענסיוו, גלאַטיק.

אין די קולוּאַרן באַגעגענען זיך חברים, די אויף העכערע פּאָסטנס — מיט אַ באַשיידענעם שמייכל, צוגעדעמפּט מיט אַ קלייניקע דאָזע טרויער. די אַנדערע, די וואָס שטייען ווייט פון די לייטנדיקע קרייזן — גייען, קומען, ווי תּמיד — ערנסט. די צווייטע אָפּטיילונג איז ניט קיין אָרט פאַר אויסגיסן פריי געפילן — געפילן פון פרייד, טרויער, זיכערקייט, צווייפל. פרייד איז ניט תּמיד יעדנס פרייד, טרויער — ניט יעדנס טרויער, און זיכערקייט — איז קיינעמס ניט.

אַלץ געשעט ווי אויף אַ גיגאַנטישן שאַכברעט. פיגורן ווערן געשיקט רעכטס — לינקס, אַרויף־אַראָפּ. די שפּילערס זעט מען ניט. די כּללים פון די שפּילערס קענסטו ניט — מאַכסט זיך בלויז פאַרשטיין און טוסט עס ניט צו אָפן, קענסט זיך באַנאַרישן און עס וועט זיין געפערלעך. ביסט אַ קליינטשיקער פּיאָן, וועלכער טוט וואָס אָן אמת, אַ געוויסע אַרבעט, אָבער בסך־הכּל איז דיין באַטייט פאַרן שפּילער אַ קליינע — קענסט באַזייטיקט ווערן פונעם שאַכברעט כּהרף עין — און, צו וואָס זיך נאַריש מאַכן? — זעסט בלויז אַ מינימאַלן טייל פונעם גיגאַנטישן שאַכברעט.

אַרום 10 אין דער פרי, נאָכן אויסטרינקען מיין גלעזל קאַווע, בין איך אַריין צו מיינע שכנים, די לייטערס פון די פאַרשידענע סעקציעס, זיך באַגריסן, אַ שמעק טאָן, הערן וואָס טוט זיך עפּעס אין דרויסן, אינעווייניק. קלאַנגען זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע, משונהדיקע.

מע האָט געשמועסט אַז אַלע ייִדן, אַלטע פּאַרטייער, געוועזענע שפּאַניע־קעמפּערס, וועלן באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט, דעמאָביליזירט ווערן. ווייטערדיקע שמועסן האָבן באַקרעפטיקט, אַז דאָס איז ניט סתּם אַ קלאַנג. חברה האָבן זיך ניט געפוילט, ניט געשראָקן, און אַריבער אין צענטראַל־

קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, דערגאַנגען ביז צום מיטגליד פון פּאָליט־ביוראָ, יאַקוב בערמאַן, דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין דער העכסטער אינסטאַנץ פאַר מיליטערישע און זיכערקייט־ענינים. בערמאַנס ענטפער האָט ניט איבערגעלאָזט קיין אָרט פאַר צווייפל:

— יאָ, אַלע, ייִדן, אַלע אַלטע פּאַרטייער, אַלע געוועזענע שפּאַניע־קעמפּפערס, וועלן באַפרייט ווערן פון זייערע פּאָסטנס.

בערמאַנס ווערטער זענען געווען געוויגענע, שווערע. ער האָט גוט געוווּסט וואָס ער זאָגט. ער האָט באַקומען דעם באַפעל פון אַן אינסטאַנץ וועמען מע פרעגט ניט קיין קשיות, מע קען דיסקוטירן די זאַך, אָבער דער אויספיר מוז שטענדיק זיין אין הסכם מיט דער באַשטימונג. אויף די חברימס טענות און פראַגעס איז געקומען אַ בלאַסער ענטפער און אַ שוואַכער הייב מיט די אַקסלען:

— אַזוי איז עס!

ווי האָבן מיר אויפגענומען די דאָזיקע פּערספּעקטיוו?

די טיף פון דעם פאַרשטייענדיקן באַשלוס האָט קיינער פון אונדז ניט פאַרויסגעזען. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך געזען ווי אַ סאָלידער, אייביקער באַשטאַנדטייל פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. זיי האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי די אינסטיטוציע וועט קענען עקזיסטירן אָן זיי. עס זענען געווען אַזעלכע וועלכע צוגעטיילט צו דער דאָזיקער אַרבעט, האָבן זיי געאַרבעט איבערגעגעבן — ניט געמאַכט קיין באַזונדערע חשבונות.ביידע האָט אין תּוך באַרויִקט דער זעלבער געדאַנק: סוף כּל סוף — ניט אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע, איז אין אַן אַנדערער — פאַראַן גענוג אַרבעטספּלעצער אינעם נייעם פּוילן. און אַלע זענען וויכטיקע. דער באַוווּסטזיין אַז מען געהער צו דער פּאַרטיי, אַז די פּאַרטיי טוט וואָס מע דאַרף, אַז די פּאַרטיי זאָרגט פאַר אירע מיטגלידער, האָט אַוועקגענומען יעדע זאָרג. פון דער אַנדערער זייט האָט עס אויך נאָך מער באַהאָפטן מיט דער פּאַרטיי — דער איינציקער זיכערקייט־פאַנצער פאַר דער ווייטערדי־קער עקסיסטענץ. קיינער האָט ניט געפרעגט, פאַר וואָס גראָד ייִדן? פאַר וואָס אַלטע פּאַרטייער? פאַר וואָס גראָד געוועזענע שפּאַניע־קעמפּפערס? ווען מען איז אָנגעוויזן אויף דער פּאַרטיי, וועלכע איז דער טאָטום־פאַקטום

אין לעבן — דיסקוטירט מען ניט, קוועסטיאָנירט מען ניט אירע באַשלוסן.

עס זענען ניט געווען קיין סתם ווערטער. אין אַ פּאָר טעג אַרום בין איך גערופן געוואָרן צום פּולקאָווניק לעדער. אויף סיורפּריזן האָב איך ניט געוואַרט. כ׳האָב געוווסט אין וואָס עס גייט. שוין פון דער פרי האָב איך געהערט פון פאַרשידענע חברים, אָפיצירן, וועלכע זענען גערופן געוואָרן און מען האָט זיי געמאָלדן אַז זיי ווערן באַפרייט פון זייער אַרבעט.

כ׳בין אַרייַנגעגאַנגען צו לעדערן באַהערשט, גרייט צו הערן די בשורה. לעדער האָט מיך האַרציק באַגריסט. ער איז ניט געווען אין אַ פאַרלעגנ־הייט. כ׳בין פאַר אים ניט געווען דער ערשטער און זיין אויפגאַבע איז שוין געווען אַ רוטין־זאַך. ווי איך, איז ער געשטאַנען פאַר אַ מגושמ־דיקער פאַרשטאָפּטער וואַנט. ניט איך האָב געהאַט פאַר אים שאַלות, ניט ער פאַר מיר ענטפערס.

— דו פאַרענדיקסט היינט דיין אַרבעט — האָט ער מיר קורץ געמאָלדן. כ׳האָב עס אָנגענומען ווי אַ זעלבפאַרשטענדלעכע זאַך.

— ווער עמען ווייז איך איבער די אַרבעט ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— ליסאָווסקין. אַלע אַנדערע פּראָגעס ווערן מיר פאַר דיר דער־ליידיקן.

מיר זענען אויפגעשטאַנען — זיך געדריקט די האַנט. עס איז געווען ווי מען זאָגט, אַ קורצער פּראָצעס. כ׳בין געווען און געוואָרן אויס. און געווען איז עס אין יאַנואַר, 1951, איין יאָר און זיבן חדשים נאָך מיין צוריקקערן זיך קיין פּוילן.

„מענטש — דאָס קלינגט שטאָלץ" — האָט מען ביי יעדער געלעגנהייט איבערגעחזרט מאַקסים גאָרקיס אַ זאָץ — כ׳האָב געשוויגן, ווי אַלע מיינע חברים. ניט געווען אויף וואָס שטאָלץ צו זיין.

כ׳בין אַריין אין מיין ביוראָ איבערגעבן ליסאָווסקין, מיין אַסיסטענט, וועגן דעם שמועס מיט מיין לייטער, אַז, לויטן באַפעל, פאַרלאָז איך מיין אַרבעט, וועלכע ער נעמט איבער פון איצט אָן. ער איז אויפגעשטאַנען דערשטוינט, גערירט. ער האָט מיך אַרומגענומען. ער האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. כ׳בין אַליין געשטאַנען גערירט, געקלאַפּט אים אויפן אַקסל, באַרויקט: זאָרג ניט, ס׳וועט גוט זיין!

— אָבער ווי אַזוי וועל איך אַרבעטן ? — האָט ער פאַרוווּנדערט געפרעגט.

— זאָרג ניט, ס׳וועט גוט זיין — האָב איך מעכאַניש איבערגעחזרט. וואָס דען האָב איך געקענט זאָגן ?

געווען אַ האַרציקער חברה־מאַן, דער ליסאָווסקי. פּוילן, די פּוילישע ווירקלעכקייט האָט ער געקענט. ער האָט שנעל אָפּגעשאַצט מיין נייע לאַגע אַ סך קאָנקרעטער ווי איך.

— האָסט דעם צוזאָג פון גענעראַל־שטאַב צו העלפן דיר אויף דיין ווייטערדיקן וועג. נוץ עס אויס ! — האָט ער געזאָגט.

אַ סך זאַכן וועלכע כ׳האָב ביז איצט ניט געזען, ניט געפילט זייער נויטווענדיקייט, זענען מיר איצט, אַ דאַנק אים, קלאָר געוואָרן.

— האָסט דיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן אין אָרדענונג ? — האָט ער געמאָנט — זע אַז מען זאָל דיר אַלץ באַשטעטיקן מיט די געהעריקע שטעמפּלען און אונטערשריפטן — קיינער זאָל דיינע רייד ניט קוועסטיאָנירן !

— האָסט דיין אָפיציעלע, אָפיצירישע נאָמינאַציע ? — האָט ליסאָווסקי ניט אָפּגעלאָזט.

כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון אַז כ׳האָב טאַקע געאַרבעט און געפירט מיין סעקציע אין פּולן אָפיצירישן גראַד און מונדיר, אָבער באמת, ווו איז מיין אָפיצירישע נאָמינאַציע ?

— גיב אַכטונג, האָט געמאָנט ליסאָווסקי — זאָלן זיי דיר דערליידיקן די פראַגע פון דיין נאָמינאַציע. דו דאַרפסט איצט באַקומען באַצאָלט פאַר דריי חדשים, נאָכן באַפרייען זיך פון דער אַרמיי, און אויך אַנדערע צוגאָבן. ועסטו ניט האָבן דיין נאָמינאַציע, וועסטו באַקומען באַצאָלט ווי אַ געוויינטלעכער סאָלדאַט — שטעלסט זיך פאָר וואָס פאַר אַן אונטערשיד דאָס וועט זיין ?

האָב איך אים געהערט און געגאַנגען צום מאַיאָר ביעלאָגראָדסקי, און אין אַ טאָג־צוויי אַרום האָט ער מיר געבראַכט אָפיציעלע דאָקומענטן, באַשטעטיקטע מיט שטעמפּל און אונטערשריפט פון סאַמע מאַרשאַל ראָקאָסאָווסקי און פון וועמען מען האָט נאָר באַדאַרפט.

דער טייערער ליסאָווסקי האָט פאַרשטאַנען אַן ענין.
און נאָך אַן עצה האָט ער מיר געגעבן:

— וועסט איצט האָבן מער פרייע צייט — נוץ עס אויס! פאַרשרייב זיך אויף דער אוניווערסיטעט שטודירן, איך וועל אין צוויי יאָר אַרום האָבן מיינע יורידישע שטודיעס הינטער זיך!

די דאָזיקע עצה האָב איך ניט גלייך אָנגענומען, אָבער זי איז מיר אַריין אין קאָפּ. כ׳האָב זי מיט דער צייט גענומען רעאַליזירן. צווישן אַלע זיינע אָנווייזונגען וועל איך אים פאַר דער דאָזיקער אָנווייזונג צום מיינסטן דאַנקבאַר זיין. יאָ, מיין חבר, פּראָפעסאָר מאַנעלי, דער דעקאַן פון יורידישן פאַקולטעט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, האָט זיך אין דעם געדאַנק ענטוזיאַסטיש אָנגעשלאָסן — וואָס האָט מיך ניט ווייניק געשטאַרקט — עס קומט אים אויך אַ האַרציקער דאַנק.

— וווּ וועסטו אַרבעטן? — האָט ליסאָווסקי צום סוף ניכטער אַ פרעג געטאָן.

— כ׳דאַרף זיך מעלדן אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי...

— גיי דאָרט אַהין און פאָדער דיין אָרט! וואַרט ניט אויף טובות פון חברים. וואָס דער צענטראַל־קאָמיטעט קען טאָן, קענען די באַנעסטע חברים ניט טאָן.

דאָס האָב איך געוווּסט. צוויי מאָל האָט מען דאָס מיר ניט געדאַרפט זאָגן.

ניין, כ׳וועל ניט זאָגן אַז ס׳איז מיר געווען היימלעך אויף דער נשמה. כ׳האָב זיך באַמיט צו באַהאַלטן מיין פאַרלוירנקייט.

כ׳בין אַרויסגעגאַנגען פון מיין ביוראָ, אין קאָרידאָר, צוגעגאַנגען צום פענצטער, זיך פאַרהאַלטן אַ וויילע. כ׳האָב אַרויסגעקוקט אין דרויסן, אויף דער גאַס. געזען די מענטשן גיין, לויפן, ווי די מוראַשקעס. כ׳האָב זיך פאַרטראַכט.

מיט אַ צוויי יאָר צוריק בין איך דאָ געבוירן געוואָרן אויף ס׳ניי. אָנגעהויבן אַ ניי לעבן, אַריינגעפּאַסט זיך אין אַ נייער ראָם, אַזוי האָב איך געגלויבט, בעסער געזאָגט, געוואָלט גלייבן. פאַרוואַנדלט אין אַ

שטאַב־אָפיציר, האָב איך גענומען מיין אויפגאַבע, מיין אַרבעט זייער ערנסט. איצט בין איך אויס. פאַר וואָס? ווייל כ׳בין אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר? אַלטע פּאַרטיי־חברים, פּאָליאַקן, זענען געבליבן אויף זייער אָר־בעטסאָרט, זענען ניט באַפרייט געוואָרן פון דינסט. ווייל כ׳בין אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפער? מיינע פּוילישע חברים, געוועזענע שפּאַניע־קעמפערס, זענען ניט באַפרייט געוואָרן פון דינסט. ווייל כ׳בין אַ ייִד? זענען מיר אַלזאָ אויפן אַלטן שליאַך?!

אַ גרילצנדיקער אַקאָרד האָט אָפּגעקלונגען אין מיין מוח און איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע אָברים.

כ׳האָב זיך דערמאָנט אין אַ בילד פון לאַגער ווערנעט, אין פראַנקרייך, פון אַ 10 יאָר צוריק. כ׳בין אויף אַרבעט, צוזאַמען מיט יוגאָסלאַווישע חברים. מיר לאָדענען וועגענער מיט ערד, פירן זיי איבער אַ 50 מעטער ווייטער, שיטן זיי אויס, קערן זיך צוריק און לאָדענען ווייטער. מיינע מיטאַרבעטער — הויכע, געזונטע סערבן, אַרבעטן מיט זייערע לאָפּאַטעס, ווי זיי וואָלטן געהאַט שפּילצייג אין זייערע הענט. כ׳באַמי זיך נאָכצוטאָן. כ׳גיב זיך די מי ניט צו זיין ערגער, הינטערשטעליק.

— פּאָליאַקו! — שרייט מיר איבער מיין חבר פון דער צווייטער זייט וואָגן.

אַרבעט איך עס, דער פּאָליאַק, ניט גענוג און וואַרף די אַרבעט אויף זיינע פּלייצעס? אָ, ניין! און כ׳נעם זיך אַרבעטן שטאַרקער, שנעלער.

— פּאָליאַקו! — הער איך ווידער, שוין אַ מער מאַנענדיקן רוף צו מיר.

כ׳בלייב שטיין אַ ביסל פאַרלוירן. כ׳קוק אויף דעם וואָס אַרבעט קעגן איבער מיר, מיט פרעגנדיקע אויגן.

— פּאָליאַקו — חזרט ער איבער און ווייזט מיר מיט פּאַמעלעכדיקע באַוועגונגען מיט זיין האַנט — אַרויף — אַראָפּ. כ׳האָב פאַרשטאַנען זיין מיינונג. אויף סערביש איז „פּאָליאַקו״ ניט דער וואָקאַטיוו פון וואָרט „פּאָליאַק״, נאָר עס מיינט — פּאַמעלעך! מיין חבר האָט פּשוט מיר געוואָלט זאָגן: — פּאַמעלעך, נעם ניט די אַרבעט צו ערנסט. כ׳האָב געשמייכלט פון דעם קאָמישן קווי־פּראָ־קוואָ און זיך צוגעפּאַסט צום

אַרבעטס־ריטעם פון מיינע חברים — געלייגט אַ לאָפּאַטע, פּאַמעלעך זי צוריקגעצויגן און, פּאַמעלעך, ווידער געלייגט אַ לאָפּאַטע...

מיין אויפמערקזאַמקייט איז גראָד צוגעצויגן געוואָרן דורך אַ מוראַשקע, וועלכע איז שנעל געלאָפן איבער די גרודעס ערד, אָנגעוואָרפענע אויפן וואָגן. דאָס האָבן מיר, אַוודאי, מיט אונדזערע לאָפּאַטעס צעשטערט איר נעסט, געוואָרפן זי אויף אַ ניי, פרעמד אָרט, און שוין לויפט זי פאַרריכטן, שאַפן פאַר זיך אַ נייע היים. זי ווייסט ניט אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום, וועלן אומגעזעענע הענט איבערדרייען דעם וואָגן מיט ערד, וועלכן זי קען ניט אַרומנעמען מיט איר בליק, און ווידער צעשטערן איר וועלט און אפשר — מיט איר צוזאַמען. און וואָס זאָל זי, באמת, טאָן אין איר מוראַשקע־לעבן, וואָס קען זי טאָן?

## ווי אַ ייִדישער שניידער ווערט אַ בריטישער אַדמיראַל...

ווי אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר האָב איך געהערט צו דער אַזוי־גערופע־נער נאָמענקלאַטור, די ליסטע פון חברים מיט אַ לאַנגן סטאַזש, מיט וועלכע דער צענטראַל־קאָמיטעט באַשעפטיקט זיך, שיקט זיי אויף אַרבעט־ערטער.

מע האָט מיר באַשטימט אַ טערמין, אין וועלכן כ'וועל זיך דאַרפן שטעלן פאַר דער צענטראַלער קאָנטראָל־קאָמיסיע פון דער פּאַרטיי. מע דאַרף זיך דאָך באַקענען מיטן חבר וועלכן מען וויל שיקן אויף אַרבעט.

אין אַ געוויסן אָוונט, ערגעץ אין אַ פּרעכטיק איינגעאָרדנטן ביוראָ, אין לוקסוסדיקן פּאַרטייהויז, וואָס געפינט זיך אויף איינעם פון די שענסטע פּונקטן פון וואַרשע, האָבן דריי חברים, אין פאַרשידענעם עלטער, געוואַרט אויף מיר.

פון דער טיר ביזן טיש, ביי וועלכן זיי זענען געזעסן, איז געווען אַ גאַנג פון פיל טריט. אַזוי איז אויף אַלע הויכע ערטער. די דאָזיקע טריט אויפן וועג צום טיש פאָדערן ניט ווייניק לעבנס־חכמה. ביז דו דערגייסט צום טיש, מעסט מען דיך גוט אָפּ. דו גייסט און פילסט ווי מע וועגט און מעסט דיך, און מע באַטראַכט. און היט זיך גוט! דער ערשטער איינדרוק קען אַרויפּלייגן זיין שטעמפּל אויפן קומענדיקן שמועס. דו גייסט און קוקסט פאַר זיך און קוקסט ניט. האַלטסט זיך זיכער, אָבער ניט איבער־זיכער; באַשיידן, אָבער ניט אונטערלעקעריש. האַלטסט זיך מיט ווערדע, אָבער, חס וחלילה, ניט מיט גאַווה. אויך דער האַנטדרוק שפּילט אַ ראָלע: ניט קיין ווייכער, ניט קיין צו־שטאַרקער. אויך דאָס זעצן זיך אויפן בענקל ווערט אָבסערווירט, געוווגן, געמאָסטן, אָפּגעשאַצט. אָבער, שאַ־שטיל, וועגן דעם רעדט מען ניט. ווער עס ווייסט וועגן דעם, דעם איז וווּל. דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז פאַר זיי ליגן דיינע אַלע דאָקומענטן,

וואָס דו האָסט ווען עס איז געשריבן, און קודם־כּל דיין אויטאָביאָגראַפיע, אָדער גאָר מערערע פון זיי...

אין פלוג דאַכט זיך דיר, אַז אויטאָביאָגראַפיע — אַ גאָר פּשוטע זאַך, אַ פּאָר בלעטלעך, ווו עס איז פאַרצייכנט ווו געבוירן, ווען, ביי וואָס פּאַר אַ עלטערן: קרעמער? אַרבעטער? ווו האָסט געלערנט, געאַרבעט אאַז״וו. ווען מענטשן וואָלטן געוווּסט וויפל לאַדונג עס איז איינגעקלאַמערט אין אַזעלכע בלעטלעך, אַז זיי קענען באַשטימען וועגן זייער פרייהייט צי אַרעסט, וועגן זייער לעבן און טויט! און אויטאָביאָגראַפיעס שרייבט דער מענטש אין פּאַרטיייִשן לעבן אַן אַ צאָל!

שוין אין מיינע ייִנגסטע פּאַרטיי־יאָרן האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דעם באַטייט פון אַן אויטאָביאָגראַפיע. פירנדיקע מיטגלידער פון דער פראַנצייזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי באַרבע און סעלאָר, זענען באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאַרטיי ווי פּאַררעטער, פּראָוואָקאַטאָרן. דאָס האָט אַרויסגערופן פאַרווונדערונג. ווי איז עס מעגלעך? נעכטן פירנדיקע, פּאַרטיי־חברים און צו מאָרגנס פּאַררעטער, פיינט! ווי שטעלט מען אַזעלכעס פעסט? דאָס איז אויפגעקלערט געוואָרן אין אַ פּאָר טעג אַרום, אין דער „הומאַניטע״, אין צענטראַל־אָרגאַן פון דער פראַנצייזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. די אויפקלערונג איז געגעבן געוואָרן דורכן אַלטיטשקן פּאַרטיי־טוער, דעם סענאַטאָר מאַרסעל קאַשען. דער טומל איז, ווייזט אויס, געווען אַ צו גרויסער און מאַרסעל קאַשען האָט אַלץ קלאָר, ביז נאַיִוויטעט, געמוזט אַרויסלייגן. זאָל ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן — ער האָט מיר אַ סך געהאָלפן. אין זיין אויפקלערונג האָב איך געלייענט, אַז ווען אַ מענטש טרעט אַריין אין דער פּאַרטיי, דאַרף ער ביילייגן אַן אויטאָביאָגראַפיע. ווערט אַ חבר איבערגעפירט אויף אַ צווייטע אַרבעט — פאָדערט מען פון אים אויף ס׳ניי אַן אויטאָביאָגראַפיע. באַשטימט מען אים אויף אַ העכער אָרט, בעט מען פון אים אויף ס׳ניי אַן אויטאָביאָגראַפיע — און דער חבר שרייבט, און די אויטאָביאָגראַפיע ווערט געפּאָרשט. פאַלט אַ חשד אויף אַ חבר, ווערן זיינע אויטאָביאָגראַפיעס נאָך שטרענגער געפאָרשט און אַ מענטש איז בלויז אַ מענטש, אַ מאָל געדענקט ער, אַ מאָל געדענקט ער ניט. אַ מאָל איז ער אין אַזאַ שטימונג, אַ מאָל אין אַן אַנדערער. אַ מאָל שרייבט ער אַזוי, אַ מאָל שרייבט

ער אַנדערש. זיצן מענטשן אין די הויכע פּאַרטיי־פּענצטער און טייל מאָל אין די יורידישע אינסטאַנצן און פאַרגלייכן. אַ מאָל ציִען זיי אַרויס פאַקטן, וועלכע ער האָט פריִער ניט דערמאָנט. אַ מאָל זענען עס פאַקטן, באמת, ניט קיין וועזנטלעכע, אויף וועלכע מע בויט איצט שלעסער אויף שלעסער, באַשולדיקונגען, אַנקלאָגן, טראַגישע אין זייערע פאָלגן.

ווען כ׳האָב אין אָנהייב פון מיין פּאַרטיי־לעבן געלייענט וועגן דער דינאַמיק פון דער אויטאָביאָגראַפיע, האָב איך עס באַוווּנדערט ווי אַן אויסערגעוויינטלעכן כוח פון דער פּאַרטיי־חכמה. אַז עס קען זיך אויך אויסווירקן קעגן מיר איז מיר ניט איינגעפאַלן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך פאַרשטאַנען אַז אַ טעות, אַן ענדערונג אין דער נייע אויטאָביאָ־גראַפיע, קען אַ מאָל, נוצן ניט סתם אַ פּרווידיאַנישן פּסיכאָאַנאַליטיקער, נאָר קען ברענגען ווייט און טיף. האָב איך גענומען איבערלאָזן אַ קאָפּיע פונעם געשריבענעם, כ׳זאָל געדענקען אין וואָס זיך צו האַלטן ביים שרייבן די קומענדיקע אויטאָביאָגראַפיע. דערנאָך האָב איך דערפאַרן, אַז כמעט אַלע מיינע פּאַרטיי־חברים פאַרגעסן ניט איבערצולאָזן אַ קאָפּיע פון דער לעצטער געשריבענער אויטאָביאָגראַפיע.

מע דאַרף זיך אָבער די זאַך ניט לייכט מאַכן. אין די סאָציאַליסטישע לענדער באַנוגנט מען זיך ניט שטענדיק בלויז מיט די אויטאָביאָגראַפיעס, מע דערגאַנצט זיי טייל מאָל מיט מאַטעריאַלן, וועלכע מע געפינט ביי הויז־אונטערזוכונגען, מאַטעריאַלן געפונענע, און אַפילו ניט געפונענע...

כ׳וועל זיך אָפּשטעלן אויף איינעם אַזאַ פאַל, וועלכן ס׳איז כדאי צו דערמאָנען: אין וואַרשע האָט זיך, זייט די סוף 50ער יאָרן, אַרומגעדרייט אַ ייִדישער שניידער וועמען מען האָט גערופן דער אַדמיראַל. ווי אַזוי ווערט אַ ייִדישער שניידער פון אַ פּויליש שטעטל אַ בריטישער אַדמיראַל ?! זוכט ניט, כ׳בעט אייך, קיין דאָקומענטן דערוועגן אינעם אַרכיוו פון ערשטן ים־לאָרד פון דער בריטישער אַדמיראַליטעט. די אומגליקלעכע מעשׂה ווי זי איז, באמת, געשען, קלינגט אַזוי:

ווען די דייטשן זענען באַפאַלן פּוילן, האָט אַ כוואַליע פון פּליטים פאַר־פלייצט די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ. צווישן די טויזנטער פּליטים, וועלכע זענען דעמאָלט אַריבער די גרענעץ, האָט זיך אויך געפונען אָט

דער שניידער. אַ פּשוטער מענטש, אַ גוטער שניידער — דאָס איז אַלץ. קיין גרויסע אַמביציעס האָט ער ניט געהאַט. זייענדיק זיין גאַנץ לעבן אַן אַרבעטער, אַ האַרעפּאַשניק, איז ער געווען איבערגליקלעך זיך צו געפינען אין לאַנד פון די אַרבעטער און פויערים, אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. ער האָט פאַרגעלייגט אַלע נייטיקע פּאַפּירן, אַן אויטאָביאָגראַפיע, זיך פאַרשאַפט אַ ניימאַשין און גענומען אַרבעטן. ער האָט אַליין געאַרבעט, קיינעם ניט עקספּלואַטירט, ניט עובר געווען אויף קיין שום געזעץ. וואָס זשע האָט עס געקענט ווערן אַרן? פאַרקערט, נאָך אַ קורצער צייט האָט מען אַפילו גענומען רעספּעקטירן דעם דאָזיקן אָרנטלעכן, שטילן, גוטן שניידער. די מענטשן, פאַר וועלכע ער האָט עפּעס געמאַכט, זענען געווען צופרידן, אויף זיין לעבן האָט ער פאַרדינט, וואָס זשע האָט ער באַדאַרפט מער?

פריי, צופרידן, איז ער אין אַ פרייען שבת־נאָך־מיטאָג אַרויס אויף שפּאַציר, אויסגלייכן זיך די ביינער, אָנזאַפּן זיך מיט פרישער לופט און, ווי זאָגט עס דאָס סאָוועטישע ליד: „ווו אָטעמט עס דער מענטש אַזוי פריי!..״

האָבן די פּיס פאַרטראָגן אונדזער שניידער ערגעץ אויף אַ פרייען מאַרק, ווו מע האָט געקענט קויפן די פאַרשידנסטע מציאות, וועלכע האָבן אים בכלל ניט אינטערעסירט. אינטערעסירט האָט אים גראָד אַ פאָטאָגראַף, וועלכער איז געשטאַנען אויפן ראַנד פון מאַרק, אַזעלכער מיט אַ קעסטל, פון וועלכן עס הענגט אַראָפּ אַן אַרבל, אין וועלכן דער פאָטאָגראַף שטעלט פון צייט צו צייט אַריין זיין האַנט. מע שטעלט זיך אַוועק פאַרן קעסטל, דער פאָטאָגראַף נעמט אַראָפּ דאָס דעקל פון אָביעקטיוו, ציילט איינס־צוויי־דריי און זעצט עס צוריק אַרויף. דאָס אַראָפּגענומענע בילד לייגט ער אַריין אין אַ כעמיש וואַסער, און נאָך אַ פּאָר מינוט באַקומט מען אַ פאָטאָ. אמת, פון אַ טעכנישער הייך גאָרניט צו פאַרגלייכן מיט אַ געוואַרט, אַגפאַ צי קאָדאַק־אויפנאַמע, אָבער דאָס איז אויך אַ בילד.

אָבער אַ מענטש, וואָס וויל זיך פאָטאָגראַפירן, שטעלט זיך דאָך ניט אַוועק, סתם, אַזוי זיך, אויף אַ ליידיקן שטח. האָט דער פאָטאָגראַף געהאַט אַ פּאָר צוגעגרייטע מאַקעטעס, ווי למשל: אַ באַלקאָן, שיין באַלייגט מיט בלומען, אַן אַעראָפּלאַן פון וועלכן אַ פליִער פאָכעט מיט דער האַנט, אָדער

גאַר אַ מענטש מיט אַ ביקס, אויף יאַגד, וועלכער שיסט אויף אַ לייב ערגעץ אין אַן אַפריקאַנער וויסטע, אָדער גאַר אַ שיף, אויף וועלכער עס שטייט אַן אַדמיראַל מיט אַ לאָרנעטע אין האַנט...

די מאַקעטעס האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט צוגעגרייטע קיילעכדיקע לעכער, ווו מע האָט באַדאַרפט אַריינשטעלן דעם קאָפּ. מער האָט מען ניט באַדאַרפט. דער פאָטאָגראַף האָט אַראָפּגענומען דאָס דעקל פונעם אָביעקטיוו — און גלייך איז מען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם וואָס קוקט פון אַ שיינעם, באַבלימטן באַלקאָן, אָדער אין אַ פליִער, אָדער גאַר אין אַ רייכן טוריסט וואָס שיסט לייבן אין אַפריקע. אונדזער שניידער האָט שטאַרק חשק געהאַט זיך צו פאָטאָגראַפירן און ער האָט געוויגן אין געדאַנק: זיך אַוועק־שטעלן אויף אַ באַלקאָן מיט בלומען — איז ניט קיין נייעס פאַר אים. זאָל ער אַרויף אויף אַן אַעראָפּלאַן? — צו וואָס טויג עס אים, מען קען נאָך אַראָפּפאַלן, געהרגעט ווערן. גיין אויף יאַגד און שיסן אויף לייבן? צו וואָס זאָל ער עס טאָן? האָט ער אויסגעקליבן אַריינצושטעלן דעם קאָפּ אינעם בילד ווו עס איז געשטאַנען דער אַדמיראַל, וועמענס שיף עס איז געשווומען אויף די בלויע וואַסערן.

דאָס בילד איז אַרויסגעקומען גאַרניט שלעכט, ווי פאַר די טעכנישע מעגלעכקייטן וועלכע זענען געווען פאַרשלאָסן אין יענעם מאַגישן, פאָ־טאָגראַפישן קעסטל. אונדזער שניידער איז אַהיימגעגאַנגען מיטן בילד, עס אויפגעהאָנגען אויף דער וואַנט, איבער זיין וואַרשטאַט, פון וועלכן ער האָט איצט אַראָפּגעקוקט, לכל הפּחות, ווי אַן אַדמיראַל פון בריטישן פלאָט.

— נו, ניט כּדאַי געווען צו באַצאָלן דערפאַר די פאַר גראָשן?

— ניין, אָ ניין. ס'איז ניט כּדאַי געווען!

דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן בערך אַ יאָר שפּעטער. ס'האָט זיך געשטאַרקט די מלחמה־געפאַר, די זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן געזוכט שפּיאָ־נען, פאַררעטערס. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט, און אונדזער שניידער איז אַרעסטירט געוואָרן. רוסיש האָט ער זייער שוואַך געקענט. די קלעצלעך גאַרן און פּעקלעך נאָדלען האָבן קיינעם ניט איבערצייגט אין זיין שניי־דערישער צוגעהעריקייט. די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון די נ.ק.וו.ד.־פאַרשערס בעת דער רעוויזיע ביי אים אין דער היים איז געווענדט געווען

אויף אַ בילד, וואָס איז געהאָנגען דאָרט אויף דער וואַנט, טאַקע דאָס בילד וואָס ער האָט זיך געמאַכט יענעם שבת־נאָכמיטאָג, ווו זיין קאָפּ קוקט אַרויס פונעם לאָך פון דער מאַקעטע, ווו עס שטייט דער אַדמיראַל פון דער שיף...

— וועסט אפשר לייקענען אַז דו ביסט אַן אַדמיראַל פון בריטישן פלאָט ? — האָט האָפערדיק געפרעגט דער אויספאָרשער, פאָכענדיק מיטן אַדמיראַל־בילד אים אונטער דער נאָז.

קיין שום ענטפער האָט ניט געהאָלפן. יעדער ענטפער איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ גוט איינגעשטודירטע אומוויסנקייט, אומבאַהאָלפנקייט, מיט וועלכער דער בריטישער אינטעלידזשענס־סערוויס האָט געוואָלט אָפּנאַרן די סאָוויעטישע זיכערקייט־אָרגאַנען.

כ׳וועל לאָזן פאַר די צווייפלערס זייער רעכט צו קוועסטיאָנירן דעם פאַרלויף פון דעם גאַנצן ענין, אונדזער אָרעמען שניידער וועט עס קיין סך ניט העלפן. ער האָט כסדר געטענהט, אַז ער איז בלויז אַ שניידער, קען נייען אַן אַנצוג, אַ פּאָר הויזן — אָבער ס׳האָט אים געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס.

— די דאָזיקע פוילע שטיק פון בריטישן אימפּעריאַליזם וועלן ביי אונדז ניט אָנגיין — האָט אונדזער שניידער ניט איין מאָל געהערט און איז לסוף פאַרמשפּט געוואָרן אויף 15 יאָר תּפיסה און פאַרשיקונג. ער האָט געהאַט מזל וואָס ער איז ניט פאַרמשפּט געוואָרן אויף טויט. דאָס האָבן אַוודאי די ריכטערס מיט זאָרג געוווגן די זעלטענע געלעגנהייט וואָס איז אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט — ער וועט אַ מאָל צו נוץ קומען בעת אַ שפּיאָנען־אויסטויש מיטן בריטישן אימפּעריאַליזם...

ערשט שפּעטער, מיטן גאַנג פונעם קריג קעגן דייטשלאַנד, ווען די צוזאַמענאַרבעט מיט די אַליִירטע איז געוואָרן אַן ענגערע, האָט מען זיך דערמאָנט אינעם „אַדמיראַל״ אויף דער פאַרשיקונג. מע האָט אים גערופן אויף אַ שמועס אין אַ ברייטערן קרייַז.

— נו, מיר זענען איצט פאַרבינדעטע, פריינד — האָט ווער אָנגעהויבן דעם שמועס — קענסט אונדז שוין דערציילן וועגן די אַרבעטס־מעטאָדן פונעם ענגלישן „אינטעלידזשענס סערוויס״.

אונדזער אָרעמער שניידער האָט ווידער גענומען טענהן, אַז ער איז

ניט קיין אַדמיראַל, אַז ער איז בלויז אַ שניידער, אַז ער קען בלויז נייען אַן אָנצוג, אַ פּאָר הויזן, און אַז דאָס בילד האָט ער געמאַכט אויפן מאַרק, אין שטעטל, ווו ער האָט געלעבט, און ער האָט ווידער אָנגעוויזן אויף דעם אומזין פון דער גאַנצער אָנקלאַגע.

דאָס מאָל האָבן זיך די אויספאָרשערס אַ ביסל פאַרטראַכט. דערזען אַז עפּעס שטימט דאָ ניט מיט דער באַשולדיקונג.

— נו, גוט — האָבן זיי לסוף מסכּים געווען — קיין אַדמיראַל איז ער ניט, אָבער זיצן וועט ער דאָך דאַרפן! — און ער האָט באַקומען אַן אַנדער אורטייל. כ׳ווייס ניט, פּינקטלעך, וויפל ער איז בסך־הכּל אָפּגעזעסן אין די סאָוויעטישע תּפיסות און לאַגערן. קיין פּוילן איז ער צוריקגעקומען נאָכן יאָר 1956. ער איז געווען מאָגער, בלייך. זאָל מען מיר ניט פאַראיבל נעמען וואָס כ׳ווייס אַפילו ניט ווי ער האָט געהייסן — אַלע האָבן אים גערופן: דער „אַדמיראַל״.

יאָ, פאַרן גיין צו דער קאָנטראָל־קאָמיסיע איז מיין באַהאַוונטקייט אין די פּאַרטיי־סודות געווען אַ גענוג ברייטע. כ׳האָב געוווּסט, אַז פאַר איר וועט ליגן די טעקע מיט מיינע דאָקומענטן מיט ניט ווייניק אויטאָביאָגראַ־פיעס מיינע. כ׳האָב גוט געוווּסט וואָס וועלן זיי פון דעם אַלץ אַרויסלייענען. כ׳האָב ניט געגלייבט אַז עפּעס קען אויף מיר לויערן פון דער דאָזיקער זייט. כ׳האָב זיך גוט אַרומגעקוקט — קיין פּאָטאָ, ווו איך פיגוריר ווי אַ בריטישער אַדמיראַל, איז ביי מיר ניט געווען. אין דער סאַהאַראַ־מידבר בין איך אַפילו יאָ געווען, און דאָס אַ פּאָר יאָר, אָבער כ׳בין דאָרט געווען ווי אַן אינטערנירטער אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דזשעלפאַ, אַרומגערינגלט מיט שטעכלדראָט, געהיטן דורך פראַנצייזישע זשאַנדאַרמען און אַראַבישע גומיעס. ס׳האָט קיין רייד ניט געקענט זיין, כ׳זאָל מעשה־לאָרד גיין אויף יאַגד, שיסן אויף לייבן, אַז אַזאַ פּאָטאָ זאָל זיך ביי מיר פאַרוואַלגערן. בין איך, איצט נאָכן איבערלייגן אַלץ, אַ רויִקער געשטאַנען פאַר דער קאָנטראָל־קאָמיסיע.

# נאָכגעטראָגענע זינד

דער שד איז ניט געווען אַזוי שוואַרץ ווי כ׳האָב אים מיר געמאָלט. ווייזט אויס, אַז אין מיינע פּערזענלעכע דאָקומענטן איז ניט געווען קיין שום ספּעציעלס אין דעם זיך אַנצוכאַפּן. נאָך די ערשטע פאָרמעלע ווערטער, נאָך אַ גאַנץ קורצן איבעררייס, האָט איינער פון דער קאָמיסיע, כ׳גלייב דער יינגסטער פון זיי, אויסגעשאָסן אַ פראַגע פון אַ גאַנץ אַנדערן קאַליבער.

— איז עס אמת, אַז אין אַלזשיר ביסטו אַרויסגעטרעטן קעגן אַנדריי מאַרטי ?

כ׳האָב זיך דערזען, מיט איין מאָל, שטייענדיק פאַר אַ מסירה־בריוול פון אַ „גוטן פריינד״, וועלכער האָט געזוכט ווי אַזוי מיר צו שאַדן. דאָס האָט מיך געשטעלט אין אַ שווערער לאַגע. אַנדריי מאַרטי איז יאָרן לאַנג געווען דער אָפּגאָט פון דער פראַנצייזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיין יחוס האָט ער געצויגן פון די טעג ווען ער איז געווען אַ מעכאַניקער אינעם פראַנצייזישן פלאָט, וועלכער האָט זיך געפונען דעמאָלט אויפן שוואַרצן ים ווי אַ טייל פון די אינטערווענץ־כוחות פון די אַליִירטע צו בלאָקירן סאָוויעט־רוסלאַנד. דער רעוואָלט פון די פראַנצייזישע מאַטראָסן אויפן שוואַרצן ים האָט אַ סוף געמאַכט צו דער דאָזיקער בלאָקאַדע. כ׳ווייס ניט ווי גרויס עס איז געווען די ראָלע פון אַנדריי מאַרטי אין דעם דאָזיקן רעוואָלט, כאָטש כ׳האָב גרינטלעך (מיט שווערער מי !) דורכגעלייענט זיין בוך „דער רעוואָלט אויפן שוואַרצן ים״. אין פראַנקרייך זענען אַ פּאָר מאַטראָסן אַרעסטירט געוואָרן — צווישן זיי אַנדריי מאַרטי. אַ פּאָר יאָר איז אין פראַנקרייך אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר באַפרייען מאַרטי. ער איז לסוף געוואָרן אויסגעווילט ווי אַ קאָמוניסטישער דעפּוטאַט אין פראַנצייזישן פּאַרלאַמענט און באַפרייט געוואָרן. ער איז געווען אַ רומרייכער, אָנגעזעענער פּאַרטיי־מיטגליד,

אַ מיטגליד אין די העכסטע פּאַרטיי־אינסטאַנצן. אין אַדעס האָט אַפילו אַ שיף־פאַבריק באַקומען דעם נאָמען „אַנדריי מאַרטי". ער איז געוואָרן דער טאַבו פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג, שוין אָפּגע־רעדט פון דער פראַנצייזישער, ווו מען האָט אַפילו אויסגעפונען, אַז שוין זיין טאַטע און זיידע זענען געווען קעמפערס פון דער פּאַריזער קאָמונע. אמת, דאָ און דאָרט האָט די פראַנצייזישע אַנטי־קאָמוניסטישע פּרעסע דורכגעזיפּט אַ פּאָר ווערטער, אַז מאַרטי איז אַ פּשוטער אַגענט, ווערבירט דורכן פראַנצייזישן צווייטן ביוראָ, און טאַקע אין די טעג פונם רעוואָלט אויפן שוואַרצן ים. מע האָט אַפילו געוויזן דעם ווערבירונג־דאָקומענט מיט זיין בילד און אונטערשריפט — אָבער ווער וועט נעמען ערנסט וואָס עס שרייבט די רעאַקציע קעגן דעם נאָבעלן זון פון פראַנצייזישן פאָלק?...

מאַרטי איז געווען דער שטאָלענער זייל פון דער פראַנצייזישער פּאַרטיי און ניט נאָר פון דער פראַנצייזישער. ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדע אין שפּאַניע, איז מאַרטי באַשטימט געוואָרן ווי איר פּאָליטישער קאָמיסאַר. אויף זיין זיצאָרט, אין אַלבאַסעטע (שפּאַניע), האָט ער באַשטימט דעם גורל פון יעדער איינהייט און יעדן באַזונדערן קעמפער. ניט איין מאָל האָבן זיינע מענטשן אין די לעדערנע יאַקעס, מיט די לאַנגע רעוואָלווערן, זיך באַוויזן אין אַן איינהייט, אין אַן אַמט, ביי טאָג, ביי נאַכט, און אַוועקגעפירט דעם אָדער יענעם קאָמאַנדיר צו דער דער־שטויבונג פון אַלע. אין דער נאָך־שפּאַניע־ליטעראַטור האָט מען אים אָפט באַצייכנט ווי דער „קצב פון אַלבאַסעטע"! ניטאָ קיין רויך אָן פייער!

נאָך שפּאַניע, הארט פאַרן צווייטן וועלטקריג, איז ער פאַרשוווּנדן, אַוועק קיין מאָסקווע. ער איז אויפגעשווומען אין אַלזשיר, נאָך דעם ווי די אַליִירטע האָבן זיך אַרויסגעזעצט אין צפון־אַפריקע. ער איז דאָרט געוואָרן די העכסטע פּאַרטיי־אינסטאַנץ, און אַפילו מער פון דעם.

ווען מאַרטי האָבן קורסירט די פאַרשידנסטע מייבונגען, ספּעציעל אין זיינע לעצטע לעבנס־יאָרן. געווען אַזעלכע וואָס האָבן אין אים געזען אַ פּראָוואָקאַטאָר, געשיקט דורך דער פּאָליציי. ער האָט געזאָלט באַזיי־טיקן דעם סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי זשאַק דיקלאָ און פאַרנעמען זיין אָרט. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן איבערגעדרייט די באַשולדיקונג און

ריינגעוואַשן מאַרטי. כ׳וויל ניט אַריינגיין אין די גרויסע און אַפילו קליינע אינטערעסן פון בײדע צדדים — איך אורטייל אים לויט דעם ווי כ׳האָב אים געהערט און געזען — און אין מיין זכרון זענען געבליבן גאָרניט קיין סימפּאַטישע שטיקלעך פון זיין זייט.

אָט אַ פּאָר פון זיי, פון מיינע אַלזשירער טעג:

אין אַלזשיר איז דעמאָלט, אין 1944, אַרויס אַ קאָמוניסטישע וואָכן־ציַיטונג „לאַ ליבערטע". די צייטונג האָט אַגיטירט פאַר עפענען אַ צווייטן פראָנט, פאַר שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט פון אַלע אַנטי־פאַשיסטישע כוחות. כ׳האָב געקענט די דאָזיקע צייטונג, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן דורכן דעפּאָרטירטן קאָמוניסטישן דעפּוטאַט, פלאָרימאָן באָנט. כ׳האָב דאָרט געדרוקט פון צייט צו צייט אַן אַרטיקל, אַ נאָטיץ. עס איז געווען די צייט ווען די שפּאַנישע קאָמוניסטן אין אַלזשיר האָבן נאָך לאַנגע דיסקוסיעס דערגרייכט אַן איינהייטלעכן פראָנט מיט זייערע אַנאַרכיסטישע חברים. אַ געוויסן טאָג האָט זיך אין דער „ליבערטע" באַוויזן אַ גרויס אַרטיקל, אויף צוויי האַלבע זייטן, וואָס האָט שטאַרק אַרונטערגעריסן די אַנאַרכיסטישע פּאַרטיי און איר טעטיקייט אין שפּאַניע. אין דער שפּאַנישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אין אַלזשיר, האָט אויפגעקאָכט. די שפּאַנישע אַנאַרכיסטן האָבן באַשולדיקט די קאָמוניסטן אין צוויי־פּנימדיקייט. אַ מיזאַמע אַרבעט דורכגעפירט אין משך פון חדשים איז געטראָטן געוואָרן מיט די פיס. אַ דעלעגאַציע פון שפּאַנישע קאָמוניסטן איז געקומען אין דער רעדאַקציע „ליבערטע" און געפאָדערט אַ גלייכשטעלונג — אַז די רעדאַקציע גרענעצט זיך אָפּ פונעם אַנטי־אַנאַרכיסטישן אַרטיקל — זיי האָבן גאָרניט ניט דערגרייכט. דאָס אַרטיקל איז געווען אונטערגעשריבן „אַנטאָן" — אַנטאָן איז געווען מאַרטי!

און נאָך אַ פאַקט, דער ענין קאָסט (Coste).

די לאַנדונג פון די אַלייִרטע כוחות אין נאָרמאַנדיע האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם, באַזונדערס ביי די פראַנצויזן ווייט פון זייער היים. אויף דעם פראָנטאייננגאַנג צו דער צענטראַלער פּאָסט, אין אַלזשיר, האָט זיך געשאַפן אַ ספּאָנטאַנער מיטינג. ס׳האָבן גערעדט מענטשן פון אַלע

פּאַרטייען. עס האָט זיך דאָרט צופעליק געפונען דער קאָמוניסטישער דעפּוטאַט, קאָסט, אַ דעפּאַרטירטער דורך דער ווישי־מאַכט, קיין אַלזשיר, — איצט שוין אויף דער פריי, איז ער אויך אויפגעטראָטן. מיט דער צייט זענען מיר געוווּיר געוואָרן אַז קאָסט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין זיין פּאַרטייִשער טעטיקייט. ווייזט אויס אַז ער האָט ניט געטאָרט אַרויסטרעטן אָן דער דערלויבעניש פון דער פּאַרטיי — קלאָרער געזאָגט, אָן מאַרטיס דערלויבעניש...

מאַרטי האָט זיך צעלייגט איבער אַלע געביטן פון דער פּאַרטיי, זיך געהאַלטן פאַרן טאָטום־פאַקטום, ניט דערלויבט אַז עס זאָל אים ווער איבערשטייגן אין אויטאָריטעט, אין פּאָפּולאַריטעט.

די פאַקטן, פאַרבונדן מיט אַנדריי מאַרטי — און כ׳האָב געקענט מערערע פון זיי — האָבן ווייזט אויס געמאַכט אויף מיר אַ רושם — זיי זענען געבליבן אין מיין זכרון.

דער פאָרוואורף איז געווען אַ ריכטיקער. כ׳האָב ניט גערן געהאַט אַנדריי מאַרטי. כ׳האָב אים געזען ביי זיינע אַרויסטריטן, געהערט זיינע רעדעס אין אַלבאַסעטע (שפּאַניע), אין אַלזשיר — זיין זעלבזיכערקייט, אויפגעבלאָזנקייט בעת זיינע רעדעס, ווו ער האָט די פּשוטסטע זאַכן דער־לאַנגט ווי זיי וואָלטן געווען די העכסטע חכמה, זיין האַלטונג, זיינע באַשלוסן זענען מיר לרוב געווען ניט קיין סימפּאַטישע. און איבער אַלץ איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן די סצענע אין אַלבאַסעטע, ווי מאַרטיס לייט, די אין די לעדערנע יאַקעס מיט די לאַנגע רעוואָלווערן, זענען אַריין צו מיין האַרציקן פריינד, אַנדריי באַש, פון בעלגיע, און אים אָװעקגעפירט, אין מיטן אַ שמועס מיט מיר, אָן אַ פאַרוואָס, אָן אַ פאַרווען. כ׳זע נאָך אַלץ פאַר זיך זיינע פרעגנדיקע אויגן.

כ׳האָב געוווּיגן מיין האַנדלונג לגבי דער באַהאַנדלטער פראַגע. באַ־שולדיקט מען מיך שוין, האָב איך זיך געזאָגט, וועל איך דערציילן אַלץ וואָס איך ווייס. יאָ, כ׳האָב פאַרבאַהאַלטן לגבי מאַרטי. קיין גרויסער אָנהענגער זיינער בין איך ניט.

כ׳האָב אַרויסגעלייגט די דערמאָנטע מאָמענטן, און נאָך און נאָך, גאָרניט קיין סימפּאַטישע. מיינע צוהערער האָבן נאָטירט, געקוקט אויף מיר.

כ׳האָב גערעדט פריי. קיינער האָט מיר ניט איבערגעריסן, ניט געשטערט, אַפילו ניט מיט אַ פראַגע. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אַפילו געטראַכט: „רעד, רעד, אַלץ ווערט פאַרצייכנט — קעגן דיר!" אָבער כ׳האָב זיך אָפּגעשאָקלט פון דעם געדאַנק. כ׳בין אַרויף אויפן וועג צו זאָגן וואָס כ׳האָב צו זאָגן — צוריקציִען זיך וויל איך ניט, כ׳וועל זאָגן דעם אמת!

כ׳ווייס ניט ווי לאַנג כ׳האָב גערעדט. ווען כ׳האָב געענדיקט, זענען ניט געווען קיין פראַגעס. ס׳איז ניט געווען קיין דיסקוסיע. ס׳האָט געהערשט אַ שטילקייט.

נאָך אַ ווײַלע האָט מען מיך גענומען אויספרעגן וועגן מיינע באַשעפטיקונגען אויף מיין לעבנסוועג. כ׳האָב דערציילט זייער קורץ וועגן מיינע פאַרשיידענע אַרבעטן אין די יוגנט־יאָרן: אין דער שיף־פאַבריק פון קאָקעריל אין אַנטווערפּן, אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע — און ענלעכע באַשעפטיקונגען, וועלכע האָבן מיר דערמעגלעכט אַ מאָגערע הכנסה. כ׳האָב זיך מער אָפּגעשטעלט אויף מיין ספּאָראַדישער זשורנאַליסטישער אַרבעט — כ׳האָב זי׳ גערן געהאַט.

כ׳ווייס ניט וואָס די מענטשן פון דער קאָמיסיע האָבן געטראַכט. כ׳האָב זיך געפילט פריי, ווי איינער וואָס האָט אַרויסגעלייגט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אויפן האַרץ, געוואָרפן עס אויפן שוימענדיקן וואַסער — זאָל עס גיין ווי עס וויל. כ׳בין לסוף געבליבן אַ ווײַלע זיצן שטיל, פאַרטראַכט.

— גוט, חבר — האָט מיך אַרויסגעריסן פון מיין פאַרטראַכטונג דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, נאָך אַ קורצן וואָרטאויסטויש מיט זיינע מיטזיצער — מיר וועלן באַשליסן אין אייער פראַגע און אייך צו וויסן געבן. אַ דאַנק.

כ׳האָב דערלאַנגט די האַנט יעדן איינעם, זיך געזעגנט און מיט לאַנגזאַמע טריט פאַרלאָזט דאָס צימער.

אין אַ פּאָר טעג־אַרום האָט מיך דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי געשיקט אַרבעטן ווי אַ זשור־נאַליסט אין צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן „טריבונאַ לודו״.

און ווי איז עס טאַקע געוועזן מיט אַנדריי מאַרטי ?

אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין 1956, האָב איך געלייענט אין דער פראַנ־צייזישער פּרעסע אַז אַנדריי מאַרטי איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאַרטיי — אונטער גאָרניט קיין שיינע עפּיטעטן. זיי האָבן דאָרט, אַוודאי גוט דורכשטודירט זיינע אויטאָביאָגראַפיעס...

# אַ טרויעריקער צוריקבליק

די נעכטיקע אַרבעט איז געבליבן הינטער מיר. כ׳האָב ניט געטראַכט וועגן דער אַרבעט וואָס כ׳האָב געלאָזן אויף ליסאָווסקיס קאָפּ, קיינער האָט מיך דאָס ניט געבעטן און איך האָב זיך דערצו ניט געשטופּט.

אַוודאי האָט מיך אינטערעסירט דער גורל פון יעדן איינעם. כ׳האָב געוווּסט פון יעדן איינעם מיט וועמען כ׳האָב זיך געטראָפן, פון די מיט וועלכע כ׳האָב זיך ניט געטראָפן — האָב איך ניט געוווּסט. עס זענען געווען איינגעשטעלטע כּללים: אויב איז ווער אַרעסטירט געוואָרן, פאַרשווּנדן — האָט מען וועגן דעם ניט גערעדט. געוווּסט וועגן זיי האָט בלויז די משפּחה, די גאָר נאָענטע. ווען מען האָט ניט געוווּסט — האָט מען ניט געפרעגט. בלויז שפּעטער האָט זיך געשאַפן, פאַרפולקאָמט דאָס בילד:

ראָמאַן ביעלסקי איז ניטאָ מער. ערגעץ אין אַ זייט אויפן פּאָוואָנזקער בית-עולם איז געבליבן אַ באַשיידענער קבר. גאָר ווייניק פון זיינע פריינד זענען געבליבן אין פּוילן זיי זאָלן אים קומען באַזוכן.

פלאַטאָ איז ניטאָ מער. זיין משפּחה איז אַוועק, פאַרלאָזט פּוילן.

יורעק קאָוואַ-גורעצקי איז פריי אַוועק פונעם לעבן. אולאַ, זיין פרוי איז געבליבן — זי האָט פאַרלאָזט פּוילן, זי לעבט אין סקאַנדינאַוויע.

וויטאָלד לעדער לעבט אין פּוילן. כ׳האָב אים געטראָפן אין יענע טעג ווען נאָך פלאַטאָ איז ער ווי נאָך אַנדערע באַפרייט געוואָרן, נאָך דעם ווי מען האָט אים געוואָלט באַשולדיקן אין פאַרראַט קעגן דער פּוילישער פאָלקס-רעפּובליק. כ׳בין מיט אים אַהיימגעגאַנגען. געשמועסט סתּם זאַכן. ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס אַ געוויסן טאָג, ווען כ׳האָב זיך ניט געפילט גוט — ער איז דעמאָלט געזעסן אין תּפיסה — בין איך געגאַנגען צו זיין ברודער, דעם קאַרדיאָלאָג, אַהיים, זיך באַראָטן. ווער ווי ער, מיט זיין סאָוויעטישער דערפאַרונג, האָט געוווּסט ווי געפערלעך עס איז צו

באַזוכן אַ ברודער פון אַן אַרעסטירטן. כ׳האָב שטאַרק געוואָלט הערן פון וויטאָלדן וועגן זיין צייט אין תּפיסה, וועגן די אויספאָרשונגען — ער האָט גאָרניט דערציילט. פון אַ מענטש ווי לעדער האָט מען ניט געקענט דער־וואַרטן צו הערן וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענע טעג אין תּפיסה און בעת אויספאָרשונגען.

ער איז ביז היינט צו טאָג אין פּוילן. פּעיִק איז ער געווען, האָט ער געאַרבעט, ווי כ׳ווייס, אין טעאָרעטישן אָרגאַן פון דער פּאַרטיי „נאָווע דראָגי״. ער האָט אויך פון צייט צו צייט געמאַכט איבערזעצונג־אַרבעטן פון פּויליש אויף דייטש, פראַנצייזיש, ענגליש און אומגעקערט. דאָס זענען ניט געווען קיין אַרבעטן אויף זיין מאָסשטאַב — דאָס איז אַלץ וואָס איז אים געבליבן צו טאָן. ביז היינט אוודאי זיצט ער אויף זיין אָרט און נעמט אָן די אַרבעטן וואָס מע טיילט אים צו — ער טראַכט אוודאי וועגן זיין פאָטער, וועלכער איז אומגעקומען אין די סטאַלין־„רייניקונגען״, ער זעט דעם נעכטן, דעם היינט און מאַכט זיינע אויספירן. ער נייטיקט זיך ניט אין קיינעמס אָנווייזונגען.

וואַצעק קאָמאַר איז איבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אַרבעט, ער איז באַשטימט געוואָרן פאַר גענעראַל פון דער מיליטערישער אינטענדענץ. ער איז דאָרט לאַנג ניט געווען. דער פּאָסטן איז בלויז געווען אַ שלייער אונטער וועלכן מען האָט, אויף אַ פּערפידן אופן, צוגעגרייט דעם ווייטער־דיקן ציניש שריט: די פּונקטן פון זיין באַשולדיקונג, זיין אַרעסט. אין וואָס מען האָט אים באַשולדיקט, אָדער געוואָלט באַשולדיקן, דאַרף מען ניט פרעגן — די סאַטראַפּן פון די פּוילישע זיכערקייט־אָרגאַנען האָבן באַקומען גענויע אָנווייזונגען פון זייערע באַפעל־געבערס, פון מאָסקווע. וואַצעק האָט אוודאי געדאַרפט מיטהעלפן די פאַראורטיילטע גענעראַלן טאַטאַר, קירכמייער א״אַ די פאַרבינדונג מיטן אויסלענדישן פיינט — דער אַמעריקאַנער, ענגלישער, פראַנצייזישער אימפּעריאַליזם. טשו־ען־לאַי האָט צו נישט געמאַכט דעם גאַנצן מאַקאַברישן פּלאַן. פלאַטאָ האָט געמוזט באַפרייט ווערן און זיינע נאָענטסטע פריינד לעדער און קאָמאַר אויך. דער גראַנדיעזער ספּעקטאַקולערער פּראָצעס קעגן די פאַרשווערערס און פאַררעטערס פון פאָלקס־פּוילן און דעם גאַנצן סאָציאַליסטישן סיסטעם

איז צו נישט געוואָרן. און די צוגרייטונג, די אויספאָרשונג, איז געווען אַן אינטענסיווע, אַ שווערע. ניט ווייניק אַנטיסעמיטישע זידלווערטער האָט דעמאָלט וואַצעק געמוזט אויסהערן. ווען ער איז נאָך לאַנגע חדשים באַפרייט געוואָרן — סטאַלין איז ניט מער געווען און זיינע מעטאָדן האָבן ניט געקענט מער אָנהאַלטן — האָבן אים אין מויל געפעלט אַ היפשע צאָל ציין...

לויטן פּאַרטייִשן „יושר״ איז ער צוריקגעשטעלט געוואָרן אין זיין גענעראַלישער ראַנגע — ניט אַזוי הויך ווי פריִער. עס איז געווען אין די אָקטאָבער־טעג פון 1956, ווען אין פּוילן איז פאָרגעקומען דער שטורעם קעגן די סטאַלין־סאַטראַפּן, וואָס האָט צוריק געבראַכט גאָמולקאַ צו דער מאַכט.

די סאָוויעטן האָבן דעמאָלט געשוימט פון צאָרן — די פּאָליאַקן בונטעווען זיך! — כרושטשאָוו און בולגאַנין זענען געקומען קיין וואַרשע, געטומען דראָען. כרושטשאָוו איז אַרויס מיט זיין שפּראַך ווענגן די אַבראַ־מאָוויטשעס. די סאָוויעטישע איינהייטן אין דרום־פּוילן זענען געשטעלט געוואָרן אין קאַמף־גרייטקייט. דער האַס פון די פּוילישע מאַסן קעגן מאָסקאַל איז דאָס מאָל געווען נאָך גרעסער. עס האָבן אויפגעברויזט די פּוילישע פאַבריקן, דאָס פאָלק איז אויפגעטרייסלט געוואָרן — דער קאָרפּוס פאַר אינערלעכער זיכערקייט איז געשטעלט געוואָרן אין קאַמפּס־גרייטקייט. אין שפּיץ פון דער ק.ב.וו. (קאָרפּוס פאַר אינערלעכער זיכערקייט) איז געשטאַנען דער גענעראַל וואַצעק קאָמאַר! די שפּאַנונג איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. אַ גרויזאַמע בלוטבאָד האָט זיך געצייכנט אויפן האָריזאָנט.

ביידע צדדים האָבן לסוף נאָכגעלאָזט. ראָקאָסאָווסקי איז צוריקגעשיקט געוואָרן אַהין פון וואַנען ער איז געקומען — קיין מאָסקווע. די פּוילישע פּאַרטיי האָט זיך באַפרייט פון אַ ריי מאָסקווער אָנהענגער אין אירע רייען. אָבער אויך קאָמאַר איז באַפרייט געוואָרן פון זיין גענעראַל־פּאָסטן — ער איז אין דער געהעריקער צייט ניט געשטאַנען צו מאָסקוועס דינסט... ער איז אַוועק פון אַקטיוון דינסט, פון דער אַרמיי. אָבער ער איז ווייטער געבליבן געטריי, איבערגעגעבן דער פּאַרטיי. די אַכזריותדיקע פּייניקונג־

מיטלען פון דער פאַרטיי האָבן ניט געקענט אָפּשוואַכן אין אים דעם צוטרוי, דעם גלויבן מיט וועלכן ער האָט זי באַשאָנקען.

— אויב די פאַרטיי וועט מיך שיקן זיין אַ וואַרטאָווניק (וועכטער) — האָט ער געטענהט — וועל איך זיין אַ וואַרטאָווניק!

נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, ווען אין פוילן האָט זיך, אויף מאָסקוועס באַפעל, צעפלאַקערט דער צאָרן קעגן ישראל, ווען דער קוים צוגעדעקטער יידנהאַס איז אַרויס אָפן אויף דער אויבערפלאַך, ווען יידישע חברים זענען געטאַדלט געוואָרן ווי אַגענטן פון דער פינפטער קאָלאָנע און מאָסנווייז גענומען פאַרלאָזן דאָס סאָציאַליסטישע פוילן, האָט מען אויף די פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען פאַראורטיילט די יידישע חברים, זיי באַשולדיקט אין נאַציאָנאַליזם, ציוניזם.

צווישן די וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן קעגן די דאָזיקע חברים איז אויך געווען וואַצעק קאָמאַר:

— ווי די וואַנצן וועלן מיר זיי צערייבן — האָט ער געדונערט פון דער בינע. ער האָט דערביי געוויזן ווי מען צערייבט מיטן גראָבן נאָגל אַ וואַנץ... זיין קול האָט דערביי געסווישטשעט דורך די לעכער פון די אויסגעהאַקטע ציין. פון עולם האָט ווער געמאַכט אַ צווישנרוף:

— עי, פּאַמעלעך, דער נאָגל וועט זיך דיר נאָך אויסגליטשן! — דער צווישנרוף איז צו אים ניט דערגאַנגען. ער איז געווען טיף איבערצייגט אין זיין פאַרטייישער שטעלונג. ער איז געווען אַ פאַרהאַרטעוועטער באָלשעוויק. קיין פיזישע און גייסטיקע קלעפּ האָבן אויף אים קיין השפעה ניט געהאַט. אַזוי איז ער, אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אַראָפּ אין קבר אַריין.

סטאַלין האָט דאָרט אַוודאי אויף אים געוואַרט מיט אָפענע אָרעמס.

ס'וואָלט זיך אין פלוג געדאַכט: געשטאָרבן, באַגראָבן, „דע מאָרטיבוס ניהיל ניסי בענע", און נאָך אַזעלכע שיינע ווערטער, אָבער ניין, ס'איז ניט אמת. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיין פרוי באַמערקט אַז איר אַלמנה־רענטע איז באַדייטנדיק פאַרקלענערט געוואָרן. זי איז געגאַנגען זיך אינפאָרמירן. צו איר'ע דאָקומענטן איז געווען צוגעלייגט אַ צעטל מיט דער באַמערקונג: „ספּעציעלע באַהאַנדלונג". פאַר זיין אַרבעט, קאַמף און מי ביזן טויט, האָט מען איצט קאָמאַרס פרוי „ספּעציעל באַהאַנדלט", שניידנ־

דיק באַדייטנדיק איר אַלמנה־רענטע. דערמיט האָט זיך אָבער די „ספּעציעלע באַהאַנדלונג" ניט געענדיקט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי באַזייטיקט געוואָרן פון איר וווינונג.

וואַצעקס גייסט קען זיך טרייסטן מיטן פאַקט אַז סטאַלין אַליין איז אויך באַזייטיקט געוואָרן פון זיין וווינונג — פון זיין קבר אין לענין־מאַוזאָליי.

פון מיינע חברים זענען ניט ווייניק שוין אויפן עולם־האמת. עטלעכע זענען אַוועק קיין אויסלאַנד, געציילטע זענען פאַרבליבן אין פּוילן.

די ליסטע פון זיי איז אַ לאַנגע, אַ ווייטיקדיקע. זי ליגט זיך שווער אויף דער נשמה. ס'איז שווער צו מאַכן אַזאַ טרויעריקן סך־הכּל, ווען דורכן פענצטער קוקן אַריין די שלאַנקע ציפּרעסן אין זייער אייביקער גרינקייט, וואָס וויגן זיך אינעם ווינטל פון די יהודה־בערג אַרום ירושלים.

דאָס לעבן גייט ווייטער.

כ'בין אַוועק צו מיין נייער באַשטימונג — אין דער „טריבונאַ לודו" — מיט מיין בעסטן ווילן אָנצוהייבן אַ נייעם אָפּשניט אין דער ניט לייכטער מי — צו פאַרווירקלעכן מיין סאָציאַליסטישן טרוים.

# אין „טריבונאַ לודו״

ערגעץ אין אַ געסל, צווישן חורבות, אין אַ צופעליק שטיין־געבליבן הויז, הינטערן הויפּט־וואָקזאַל אין וואַרשע, איז געווען די רעדאַקציע פונעם צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּ.ז.פּ.ר.) — „טריבונאַ לודו״.

אין וויפל עקזעמפּלאַרן איז זיך צעגאַנגען די דאָזיקע צייטונג? שווער אויף דעם צו געבן אַ תשובה. יעדע סטאַטיסטיק אין די טאָטאַליטאַרע לענדער איז בגדר סוד. איינס איז קלאָר: די צענטראַלע פּאַרטיי־צייטונג איז אַ מוז־זאַך. זי ווערט צעשיקט, פאַרשפּרייט איבער אַלע פּאַרטייִישע, אָפיציעלע און האַלב־אָפיציעלע אינסטיטוציעס, איבער אַלע אַרמיי־איינהייטן, ראַדיאָ־סטאַציעס, פאַרלאַגן — איבער אַלע ווינקעלעך פון לאַנד. ניט געפינען די דאָזיקע צייטונג אין וועלכן עס איז אַמט וואָלט געווען אַן אָפענער אַרויסרוף קעגן דער פּאַרטיי. עס איז אויך ניט מעגלעך געווען — זי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן ווי אַ פעסט געשטעלטער כּלל. פאַר יעדן פּאַרטיי־חבר האָט זי געדינט ווי אַ וועגווייזער, ווי אַן אָריענטיר־פּונקט און, ניט זעלטן — ווי אַ פייגנבלאַט צו פאַרדעקן דעם אייגענעם פּאָליטישן ציניזם, ניהיליזם, וועלכער האָט געשלאָגן ניט פון איינעם פון זיי.

געווען געשעעניש, וועגן וועלכע מע האָט באַדאַרפט וויסן ווי אַזוי די פּאַרטיי פאַרהאַלט זיך צו זיי, ווי אַזוי זיי אָפּצושאַצן. געווען רעפּאָרטאַזשן וועגן פאַבריקן, אַנשטאַלטן, אָפּשאַצונגען פון טעאַטער־פאָרשטעלונגען, פילמען, מעלדונגען וועגן ראַדיאָ, טעלעוויזיע — האָבן זיי אויך מענטשן אין דער גאַס געקויפט — כאָטש די ידיעות האָט מען געקענט געפינען אויך אין אַנדערע צייטונגען, מער פּאָפּולערע, ווייניקער שטייפע. אָבער די „טריבונאַ לודו״ איז געווען די אָפיציעלע פּאַרטיי־צייטונג — איר צענטראַל־אָרגאַן, — געשריבן אין „טריבונאַ לודו״ — האָט געהייסן

געמאָסטן, געוויגן און באַשטעטיקט דורך דער העכסטער פּאַרטיי־אינסטאַנץ — ניט קיין פּשוטע זאַך. מיט פּיעטעט צו דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג בין איך אויפגעוואַקסן אין משך פון צענטליקער יאָרן, איז ניט קיין ווונדער וואָס איך בין מיטן טיפסטן יראת־הכבוד אַוועק, לויט די אָנווייזונגען פון צענטראַל־קאָמיטעט, אין דער דאָזיקער רעדאַקציע.

מיין וויזיט איז שוין געווען אָנגעזאָגט פון פריִער, און די סעקרעטאַרין האָט מיך גלייך אַריינגעפירט צו דעם, צו וועמען כ׳בין רעקאָמענדירט געוואָרן — צום הויפּט־רעדאַקטאָר לעאָן קאַסמאַן. ער איז געזעסן אין אַ רחבותדיק צימער, ביי אַ שרייבטיש, געשטעלט אין דער ברייט פון קאַבינעט, אויבן אָן. דער טיש איז געווען באַלייגט מיט דאָקומענטן און טעלעפאָנען — מינדעסטנס 4 טעלעפאָנען. צווישן זיי דער טעלעפאָן וועלכער האָט אָנגעוואָרפן פּשוט אַ מורא — דער ווע־טשע — די רויטע ליניע, וואָס האָט פאַראייניקט מיט דער העכסטער אינסטאַנץ אין פּוילן און אפשר נאָך ווייטער...

וועגן קאַסמאַנען האָב איך זיך שוין פריִער אינפאָרמירט. מיינע חברים, וועלכע האָבן זייט אַ לענגערער צייט געאַרבעט אין דער דאָזיקער צייטונג, האָבן געהאַט וועגן אים די מיינונג ווי וועגן אַ קלוגן, אָרנטלעכן מענטש, מיט אַ לאַנגער, ריינער פּאַרטיי־פאַרגאַנגענהייט. בעת דער מלחמה קעגן די נאַציס איז ער פּאַראַשוטירט געוואָרן אויפן אָקופּירטן פּוילן, כּדי צו אָרגאַניזירן פּאַרטיזאַנער־גרופּן. — ניט קיין לייכטע אויפגאַבע! ווייניק זענען פון אַזאַ אויפגאַבע געבליבן לעבן. קאַסמאַן האָט זיין אויפגאַבע אויסגעפירט מיט חכמה, מיט מוט און האָט זיך פאַרדינט די העכסטע אָנערקענונג פון דער פּאַרטיי. קיינער האָט ניט קוועסטיאָנירט זיין איצטיקן הויכן פּאָסטן — הויפּט־רעדאַקטאָר פון צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן.

כ׳בין געזעסן פאַר אים מיט רעספּעקט, מיט צוטרוי. אויף מיר האָבן געקוקט רויִקע גוטע אויגן אָן גאווה, אָבער וואָס זעען דיך דורך און דורך.

ער איז שוין געווען גוט אינפאָרמירט וועגן מיר — מיינע פּערזענלעכע אַקטן זענען געלעגן פאַר אים. ער האָט זיך ניט געניייטיקט אין צוגאָב־פראַגעס. כ׳גלייב אַז מיין אַרבעט־אָפּטיילונג איז שוין פון פריִער באַשטימט געווען:

— ווּעסט אַרבעטן אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

די דאָזיקע באַשטימונג האָט מיך אַ ביסל דעקאָנצענטרירט:

— מיין געביט ביז איצט איז געווען אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען — האָב איך געפּרוּווט גלייכשטעלן.

— יאָ, מיר ווייסן עס — האָט קאָסמאַן רויִק געצויגן זיין געדאַנק — אָבער ביסט נאָר וואָס געקומען אין לאַנד. בעת דיין זיין דאָ האָסטו זיך מיט די אינערלעכע באַדינגונגען ניט באַשעפטיקט — זיי זענען דיר פרעמד. אַרבעטן אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג, הייסט אַרומפאָרן איבערן לאַנד, באַזוכן פאַבריקן, ווירטשאַפטלעכע אָביעקטן, וועגן וועלכע ווּעסט דאַרפן באַריכטן, שרייבן רעפּאָרטאַזשן — ווּעסט זיך באַקענען מיט דער לאַגע אין לאַנד. ווּעסט מסכּים זיין אַז דאָס איז דער ערשטער באַדינג איידער מען טרעט צו שרייבן וועגן אַנדערע געביטן...

די דאָזיקע שאַרפע ווענדונג אין מיין זשורנאַליסטישער אַרבעט איז מיר ניט געווען צום האַרצן. זי איז מיר ניט געווען באַקאַנט. זי האָט מיך געווענדט אין די פאַרשידענע פאַבריקן צו פאַרבינדונגען מיט דער פּוילי־שער אַרבעטערשאַפט, וועלכע כ׳האָב זייער ווייניק געקענט. ביז איצט איז גענוג געווען צו זיצן אויף אַן אָרט און שטודירן די פּרעסע, פאַרשידענע דאָקומענטן, מאַטעריאַלן — איצט וועט אויסקומען אָפּרייסן זיך פון דער היים, אַרומפאָרן — אָבער איינס־צוויי פאַר קאָסמאַנען. די באַשטימונג איז געווען אַ ריכטיקע — איך האָב ניט געקענט זי אָפּוואַרפן.

# נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט

כ׳בין פֿאַרגעשטעלט געוואָרן פֿאַרן שעף פֿון מיין אָפּטיילונג און מיר זענען תּיכּף אַריבער אין אונדזער ביוראָ. די ביוראָ, ווי אַלע איבעריקע, האָט קיין באַזונדערן לוקסוס ניט געהאַט. דאָרט זענען געווען טישן, בענק, ליידיקע ווענט, אָבער דאָס האָט קיינעם ניט אינטערעסירט. מע איז געזעסן, געאַרבעט, די אויגן ניט אויפגעהויבן צו קוקן אויפֿן אַרום — איז דאָך דער גרעסטער טייל אַרבעט געווען — נאָך דעם ווי מען האָט אויפגעזאַמלט די מאַטעריאַלן אויף די באַזונדערע ערטער, געשריבן בעת דער רייזע, אין דער היים — דאָ צו באַאַרבעטן, פֿאַרטיק מאַכן. אַזוי איז אויך געווען מיט די אַנדערע אָפּטיילונגען: די פּאַרטיי־אָפּטיילונג, אָפּטיילונג פֿאַר אַגראַר־פֿראַגן, טעאַטער, קונסט, אאַז״וו.

כ׳האָב פֿאַמעלעך זיך באַקענט מיט מיינע מיטאַרבעטער, מיטן אַרבעט־סיסטעם.

אין שפּיץ פֿון אונדזער אָפּטיילונג איז געשטאַנען יאַנעק בראָדזקי. ער איז געווען אַ זאַכלעכער, אַ סאָלידער זשורנאַליסט, אָבער ניט קיין פּאַרטייער, וואָס האָט אים געשטעלט אונטער אַ פּאָליטישן חשד. מע האָט אויך געוווּסט, אַז געהערט האָט ער צום נאַציאָנאַליסטישן פליגל פֿון דער פּוילישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג — צו דער אַ.ק. — גאָרניט קיין כשרער הינטערגרונט אין אַזאַ אינסטיטוציע ווי דער פּאַרטיישער צענטראַל־אָרגאַן. מע האָט וועגן דעם, וואָס אַן אמת, ניט גערעדט, אָבער ערגעץ־ווו האָט מען אויף דעם אויפמערקזאַם געקוקט.

ווען כ׳האָב זיך בענטער צוגעקוקט איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אויך זיגמונט גאָלאַנסקי, טאַדעק סאַפּאָטשינסקי, וואַנדאַ סוכעצקאַ, וואַנדאַ טיצנער — יונגע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיטן בעסטן ווילן, זענען ניט געווען קיין פּאַרטיי־מיטגלידער. נו, אַזאַ איז געווען דער

צושטאַנד. מע האָט באַדאַרפט זשורנאַליסטן פּאַרטיי־מיטגלידער — און אַזעלכע זענען ניט געווען. ניט־זשורנאַליסטן, אַפילו גוטע פּאַרטיי־מיטגלי־דער, האָבן די אַרבעט ניט געקענט טאָן. עס זענען געווען אַ פּאָר אָפּטיילונ־גען ווו פּאַרטייִישע זשורנאַליסטן האָבן ניט געפעלט, ווי די אָפּטיילונג פּאַר אויסערלעכע ענינים, פּאַרטיי־פּראַגעס, אָבער די אָפּטיילונגען פון ווירט־שאַפט, טעאַטער, קונסט, ספּאָרט האָבן אין דער דאָזיקער הינזיכט שטאַרק אונטערגעהינקט.

כ׳דערמאָן זיך אַז אויף אַ רעדאַקציע־פאַרזאַמלונג האָט וויקטאָר באַ־ראָווסקי, דער פאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר קאָסמאַן, ציטירט עט־לעכע מוסטערן פון אַ ספּאָרט־קאָרעספּאָנדענץ, פון וועלכע מיר האָבן אַלע געלאַכט. די סיבה איז געווען אַ פּשוטע, אָדער אַפילו אַ לעכערלעכע: עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען דער באַרימטער ציקליסטן־געיעג וואַרשע — פּראָג (דערנאָך איז דערפון געוואָרן: וואַרשע — פּראָג — בערלין) — אַן אינטערנאַציאָנאַלע ספּאָרט־אימפּרעזע, מיט וועלכער דאָס גאַנצע לאַנד האָט אין משך פון עטלעכע וואָכן געלעבט, זיך פּאַסיאָנירט. אַ קלייניקייט! ווער וועט זיין דער ערשטער אויף דער מעטע — אַ דייטש, אַ טשעך צי אונדזערער, אַ פּאָליאַק! נו, אַזאַ אימפּרעזע דאַרף מען באַדינען, צושטעלן גוטע רעפּאָרטאַזשן פון וועג, אַרום געיעג, דער עולם זאָל זיך פּאַסמאַ־קעווען. האָט אָבער די „טריבונאַ לודו״ ניט געהאַט די זשורנאַליסטן פאַר דעם צוועק. מע האָט זיך לאַנג באַראַטן און לסוף באַשטימט אויסצוטיילן צו דעם ראָמאַן שידלאָווסקי... פון דער אויסערן־אָפּטיילונג — ער זאָל עס באַדינען די דאָזיקע אימפּרעזע. שידלאָווסקי איז געווען אַ פעיִקער, ענער־גישער, פלינקער זשורנאַליסט, מיט אַ זייער לייכטער פעדער — זי איז ביי אים געפלאָסן — אויף יעדער באַשטעלונג. ווי אַ גוטער פּאַרטיי־חבר האָט ער די דאָזיקע אויפגאַבע אָנגענומען מיטן בעסטן ווילן. ער איז אַוועק אין וועג צוזאַמען מיט די ציקליסטן. עס זענען פון אים רעגולער געקומען בילדלעך פונעם וועג, אינטערוויוען, רעפּאָרטאַזשן — אָבער וואָס איז דאָ צו רעדן? קיין ספּאָרטלער איז ער ניט געווען — זייערע ווערטלעך, זייערע באַמערקונגען, זייער שפּראַך האָט ער ניט געקענט — זענען זיינע רעפּאָר־טאַזשן געווען ווי פון אַן אַנדערער וועלט. אַ סך מאָל האָט זיך געגלוסט

לאָכן פון זיי. איר ווייסט — האָט דער קלוגער באַראָווסקי באַמערקט — איך קען ניט שלעכט מאַרקסיזם־לעניניזם, אָבער אויפן סמך פון בלויז דעם דאָזיקן וויסן וואָלט איך קיין ספּאָרט־קאָרעספּאָנדענץ ניט געקענט שרייבן...

ס׳איז אויך געווען פאַרקערט — און דאָס האָט זיך גוט געפילט אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג. מע האָט געקענט זיין אַ גוטער ווירט־שאַפט־קענער, אָבער אין דעם פאַל האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן דער מאַנגל אין מאַרקסיסטישן וויסן — האָט מען דאָך געשריבן פאַר אַ פּאַרטיי־אָרגאַן, וועמענס וויסנשאַפטלעכע באַזע איז געווען דער מאַרקסיזם.

די „טריבונאַ לודו״, ווי דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, האָט זיך אויף אַלץ געקענט דערלויבן. קיין פינאַנציעלע פּראָבלעמען זענען ניט געווען, כאָטש רעקלאַמעס, אויסער מלוכישע, האָט די צייטונג ניט געהאַט. האָט זיך פון צייט צו צייט געמערקט אין וועלכער אַנדערער צייטונג אַן „אויפגייענדיקער שטערן״ — אויב ער איז נאָר געווען פּאָליטיש ניט קאָמפּראָמיטירט — ניט געווען פאַרמישפּט, ניט קיין באַקאַנטער קעגנער פון די פריִערדיקע יאָרן, האָט מען אים אָן שוועריקייטן אַריבערגעפירט אין צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן. פון דעם זשורנאַליסטס זייט זענען קיין מניעות ניט געווען. אַרבעטן אין דער „טריבונאַ לודו״ האָט זיך געלוינט, ס׳איז געווען אַ כבוד און מע האָט געהאַט דאָרט באַזונדערע מעגלעכקייטן. די קוואַלן פון ידיעות זענען געווען מער צוגענגלעכע, ברייטערע, אָפן, קודם־כל פאַר די צענטראַלע פּאַרטיי־אינסטאַנצן.

אָט, למשל: אין צפון־טייל פון פוילן האָט זיך אויף די פעלדער באַמערקט אַן ערדוואָרעם, אַ זשוק, אַ באַזונדערס געפערלעכער פאַר די קאַרטאָפל, סטאָנקאַ האָט מען אים גערופן. דער אַזוי גערופענער קאָלאָ־ראַדאָ־זשוק. מע האָט וועגן דעם געמאָלדן די צענטראַלע פּאַרטיי־אינסטאַנצן. צום צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן איז עס שוין דערגאַנגען ווי אַ ידיעה וועגן שעדלעכן קאַרטאָפל־וואָרעם, וועלכער איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אַעראָפּלאַנען פון מערב־דייטשלאַנד. דער שוין פון פאָרויס ספּעציעל דאָרט דעלעגירטער זשורנאַליסט פון דער „טריבונאַ לודו״ האָט וועגן דעם דער ערשטער ראַפּאָרטירט. אויפן סמך פון דעם דאָזיקן רעפּאָרטאַזש האָבן די איבעריקע צייטונגען צעבלאָזן דעם טומל אַרום דעם קאָלאָראַדאָ־זשוק

איבער די פוילישע קאַרטאָפל־פעלדער. אין אַ היפשע פּאָר יאָר אַרום האָב איך ביי סאָלזשעניצין אין זיין „אַרכיפּעלאַג גולאַג" געלערנט וועגן קאָלאָראַדאָ־זשוק, וועלכן דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם האָט אַראָפּגעוואָרפן אויף די סאָוויעטישע קאַרטאָפל־פעלדער... האָט מען, ווייזט אויס, געדאַרפט אַראָפּוואַרפן קאָלאָראַדאָ־זשוקעס אויך אויף די פוילישע קאַרטאָפל־פעלדער — נו, דאָס מאָל, פאַר פוילן, האָט עס געמוזט טאָן דער מערב־דייטשער אימפּעריאַליזם — ער איז דאָך געווען נאָענטער...

כ'וועל דערמאָנען אַן אַנדערן ענין: אַ לאַנגע צייט זענען פאָרגעקומען אין פוילישן טייל פון באַלטיק טיפע ים־פאָרשונגען, ביז מע האָט פעסטגעשטעלט דאָס אָרט פון דער פאַרזונקענער דייטשישער מעכטיקער קריגסשיף „גנייסענאַו". די שיף האָט אויסער איר שטאָל געהאַט אויך איינריכטונגען פון ניט קיין קליינעם ווערט. איר עלעקטרישע איינריכטונג האָט געקענט געבן קראַפט פאַר אַן אָרטשאַפט מיט הונדערט טויזנט איינוווינער. ווען אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן אויפצוהייבן די שיף פון די טיפענישן פון ים — און אַלץ איז צוגעגרייט געוואָרן בסוד־סודות — האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי, וועלכער איז, פאַרשטייט זיך, געווען גוט באַהאַוונט אינעם ענין, צו וויסן געגעבן דער „טריבונאַ לודו", וואָס האָט אַהין אַרויסגעשיקט איר קאָרעספּאָנדענט. ער האָט אינפאָרמירט וועגן יעדן כלל און פרט פון דער קריגסשיף, וועגן יעדער פאַזע פון דער אונטערנעמונג. ביזן דערשיינען פון דער ידיעה האָבן אַנדערע צייטונגען וועגן גאַנצן ענין קיין השגה ניט געהאַט.

און דאָך האָט די דאָזיקע צייטונג ניט געוועקט קיין באַזונדערן אינטערעס ביים פאָלקס־מענטש. אַפילו די זעלטענע סענסאַציעס וואָס זי האָט געבראַכט, האָט מען ניט צוגעשריבן קיין גרויסן ווערט. די פאַרטיי־צייטונג, ווי די פאַרטיי אַליין — איז ניט הויך קוואָטירט געוועזן.



כ'האָב ניט באַוויזן ריכטיק צו באַקענען זיך מיט דער אָפּטיילונג, ווען ס'איז מיר צוגעטיילט געוואָרן אַן אויפגאַבע: אַרויסצופאָרן אין אַ גרויסן אייזנבאַן־קנופּ אין קיעלצער געגנט און שרייבן אַ רעפּאָרטאַזש ווי אַזוי די

באַן־אַרבעטער לייזן געוויסע פאַך־פּראָבלעמען. עמעצער האָט אָוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג די פראַגע פון קאַלכשטיין, וואָס זאַמלט זיך אין די לאָקאָמאָטיוון, די אָנזאַמלונג פון קאַלכשטיין פאַרענגערט די רערן, פאַרשווערט די וואַסער־צירקולאַציע און באַדראָט מיט אויפרייסן די מאַשין.

כ׳שטעל זיך פאָר, אַז קאָלומבוסעס אַנטדעקונג איז עס ניט געווען. זייט סטיווענסאָן האָט מיט איבער הונדערט יאָר אַנטדעקט די דאַמפמאַשין איז, אַוודאי, וואַסער, פאַרע, קאַלכשטיין געווען דאָס טעגלעכע ברויט פון יעדער באַנסטאַציע. וואָס זשע איז דאָ פּלוצלינג אויפגעקומען אַזאַ פּראָבלעם ?

אויף מיין פראַגע ווי אַזוי וועל איך, דער קליינער מענטש פון דרויסן, אַריינדרינגען אין דאַזיקן פאַך־ענין און וועגן אים שרייבן, האָט מען מיך באַקענט מיט אַן אינזשעניר, אַ מומחה אין באַן־ענינים. אין זיין קורצן שמועס מיט מיר האָט ער אַלץ געמאַכט צו בלאָטע. די אַרבעטער וועלן מיר שוין אַלץ ווייזן, אויפקלערן, און דאָס וואָס כ׳וועל דאָך ניט פאַרשטיין, דערפאַר וועט ער שוין זאָרגן, ווען ער וועט איבערלייענען מיין רעפּאָרטאַזש, און גלייכשטעלן.

געוואָרפן אַזוי אויף די טיפע וואַסערן פון פאַכמענישע פראַגעס בין איך דאָך געווען אַ ביסל באַזאָרגט. לייכט געמאַכט דאָס געמיט האָט דער פאַקט וואָס כ׳בין געפאָרן מיט נאָך אַ חבר פון מיין אָפּטיילונג, אמת, ער מיט אַן אַנדערער אויפגאַבע, אָבער אַרויספאָרן איבערן געביט איז פאַר אים ניט געווען קיין נייעס. ער האָט געוווּסט ווו און ווי מע שטעלט דעם ערשטן פוס, ווי מען רירט אָן ענין.

די אַדמיניסטראַטיווע זייט פונם ענין האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ זייער פּשוטע. קיין ספּעציעלע אויסגאַבעס זענען דערביי ניט פאַראַן. אין יעדער שטאָט און גרעסערער אָרטשאַפט האָט די פּאַרטיי אַ גאַסטהויז פאַר אירע פונקציאָנאַרן, שליחים — און אונדזער לעגיטימאַציע פון דער צייטונג האָט גלייך געעפנט די טירן — אַ ריין בעט, אַ מעגלעך צימער, וואָס שפּאָרט דיר איין די האָטעל־אויסגאַבעס, איז דאָ, די אַנדערע הוצאות זענען אויפן סמך פונעם צוגעטיילטן טעגלעכן וויקט.

גייט מען שוין אין אַ פאַבריק אָדער אין אַן אַנדערער אינסטיטוציע

פאַרשן אַן ענין, שרייבן אַ רעפּאָרטאַזש, איז גוט, קודם־כּל, אַריינצוציין אין שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג, זיך אַדורכשמועסן דאָרט וועגן די פּראָבלעמען אין דער געגעבענער פאַבריק. דאָס איז גלייך אַ בריק צום פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער פאַבריק, וואָס מאַכט די זאַך גאָענטער.

גיי איך אַלזאָ צו די הויפּטוואַרשטאַטן פון דער קיעלצער באַנעץ, צו פאַרשן דעם ענין פון דער פאַרקאַלכונג אין די לאָקאָמאָטיוון.

ניט לייכט איז זיך אַריינצובאַקומען אין אַזעלכע אַרבעטסערטער, אַפילו אין אַ סך ווייניקער וויכטיקע איז עס אויך ניט לייכט, אָבער באַ־וואָפנט מיט דער לעגיטימאַציע פון מיין צייטונג, אין דעם פאַל — דער צענטראַלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, איז עס בכלל ניט שווער.

אַריבער די שוועל, ווערט מען אַרומגענומען מיט דער אַרבעט־אַט־מאָספער — מאָדעלעריי, גיסעריי. אַ קלאַפּן, אַ רעש פילט אויס די לופט. דער ריטעם וואָס הערשט אויפן אַרבעטסאָרט טיילט דיך גלייך אויס פון די אַנדערע — באַמי זיך בלויז ניט צו שטערן, ניט טרעטן אויף יענעמס פיס — און מען וועט דיך אַפילו ניט באַמערקן. דאָס גיין איבערן אַרבעטאָרט קומט פאַר אַן שטרויכלונגען — ווערסט געפירט דורכן פּאַרטיי־סעקרעטאַר. ער באַמיט זיך צו זיין באַהילפיק, האָט ער דאָך צו טאָן מיט עמעצן פון צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן, און ער, בדרך כּלל, ווייסט ווו און וואָס געפינט זיך און גיט שטיל זיינע אויפקלערונגען. כאָטש ס'איז ניטאָ די געפאַר אַז אַ זייטיקער זאָל, אין טומל, הערן וואָס ער זאָגט. אַרבעטער האָבן ניט גערן אַז אַ זייטיקער, מעג עס זיין דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר, זאָל רעדן וועגן זייער אַרבעט.

באַן־אַרבעטער זענען אַרבעטער פון אַ באַזונדערס הויכן ניוואָ. אין פלוג, מאַכט אַזאַ אַרבעטער דעם איינדרוק אַז ער ווייסט פון גאָרניט אַחוץ זיין אַרבעט, אָבער ווען דו רייסט אים אָפּ אויף אַ ווייל פון זיין אַרבעט, ווישט ער אָפּ מיטן אַרבל דעם שוויס פון פּנים און עס קוקן אויף דיר אַ פּאָר קלוגע אויגן, עס פאַלן קלאָרע, טרעפלעכע ווערטער.

דער ענין פון פאַרקאַלכונג האָט שוין זייט לענגערע חדשים באַשעפ־טיקט די צייטונגען. די אַרבעטער האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט יעדער

אויף זיין שטייגער. די איינע האָבן ווייטער געקלאַפּט מיט האַמער און העמערלעך פרייַ צו מאַכן, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, די רערן פון אָנגעזאַמלטן קאַלכשטיין, די אַנדערע האָבן געלאַכט.

— ס׳איז פאַראַן אַ כעמישע מישונג, סאָדאַפּאָס הייסט זי, דו גיסט זי אַריין אין וואַסער — און ביסט פּטור פונעם קאַלכשטיין — האָבן זיי געטענהט און געמאַכט דעם גאַנצן ענין צו נישט.

— סאָדאַפּאָס איז שעדלעך פאַרן געזונט — האָבן געטענהט די אַנדערע און ניט געוואָלט צו דעם געמיש זיך צורירן.

דער אַרבעטער מיט וועלכן כ׳האָב גראָד געשמועסט האָט געלאַכט פון דער דאָזיקער געזונטהייט־באַוואָרעניש:

— ווי געזונט, וואָס געזונט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געכאַפּט אַ גוטן שלוק וואַסער אויסגעמישט מיט סאָדאַפּאָס, געהאַלטן עס אין מויל אַ ווײַלע און עס רויִק צוריק אויסגעשפּיגן...

אַ קורצע צייט שפּעטער איז דער גאַנצער ענין וועגן קאַלכשטיין אַראָפּ פון די שפּאַלטן, ווי ער וואָלט קיין מאָל ניט עקסיסטירט.

אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער, האָב איך געהערט אַ מיינונג פון וויצע־מיניסטער וואַנג, אַ זייער קלוגן חברהמאַן (ער איז שוין לאַנג אַ שוכן־עפר):

— פון צייט צו צייט מוזן מיר אויסטראַכטן קאַמפּאַניעס, אַקציעס — ריכטיקע, צי ניט ריכטיקע — אויב מיר ווילן פאַרבלייבן אויף אונדזערע אַרבעט־פּאָסטנס...

# אמת און נויטווענדיקייט

„וועסט פאָרן איבערן לאַנד, באַזוכן פאַבריקן, זיך באַקענען נענטער מיט דערווירטשאַפט" — האָבן געקלונגען אין מיינע אויערן די ווערטער פון קאָסמאַנען. כ'האָב זיי גענומען ערנסט.

צאָלרייך און ברייט זענען די פאַבריקן, צעוואָרפן איבער אַלע טיילן פון פוילן — אַלטע פאַבריקן, נייע, אין אַ ברייטער גאַמע פון צווייגן און אַנטוויקלונג. אין אַ צענדליק וואָיעוואָדשאַפטן האָב איך זיי באַזוכט — פון צפון ביז דרום, פון עלבלאָנג און דאַנציג אין צפון ביז זשעשאָוו און קראָקע אין דרום — פון לובלין אין מזרח ביז פויזן אין מערב — ווו ס'האָט מיר נאָר אונטערגעזאָגט דער געדאַנק, בין איך געפאָרן, באַזוכט.

געווען צווישן זיי ניט וויניק פּרעכטיקע אינדוסטריעלע איינהייטן — ניט איין גרויס אינדוסטריעל לאַנד אין מערב וואָלט זיך מיט זיי געגרייסט. זיי זענען געווען איינגעאָרדנט לויט די לעצטע כּללים פון דער טעכניק. האָסט באַוווּנדערט ווי די בויער האָבן געוווּסט צו זאָרגן וועגן יעדן פּרט און כּלל. אַ סך מאָל האָסטו געפונען פּרטים דערפירטע ביזן קלענסטן דעטאַל, וועלכע מע האָט ניט שטענדיק געפונען אין די פאַבריקן אין די מערב־לענדער. דאָס ליגט אין וועזנטלעכן אונטערשיד צווישן דער סאָציאַ־ליסטישער און דער פּריוואַטער ווירטשאַפט. מיט דער צייט, מיטן גאַנג איבער די פאַבריקן, שמועסן מיט די מענטשן דאָרט, ווערט קלאָר דער מהות פון דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט.

בעת אַ פאָרטראָג וועגן עקאָנאָמיע אויפן יורידישן פאַקולטעט פון וואָרשעווער אוניווערסיטעט, האָט אונדז פּראָפעסאָר מיעטקאָווסקי אַרויס־געלייגט דעם ענין אָפן און נאַקעט:

— אין פוילן — האָבן געטענהט די סטודענטן — בויען מיר און לייגן אַריין אונדזער געלט אין דער בויונג, דערפאַר זענען אונדזערע קעשענעס און די מאַגאַזינען ליידיק...

— ניין — האָט דער פּראָפעסאָר גלייכגעשטעלט — אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, שפּאַניע בויט מען ניט ווייניקער ווי אין פּוילן, אָבער די געשעפטן זענען פּול. די סיבה איז וואָס דאָרט בויט דער פּריוואַט-קאַפּיטאַל, זיי לייגן עס אַריין דעם קאַפּיטאַל, און דאָ בויען מיר, פון אונדז נעמט מען דאָס געלט! און מע טאָר ניט פאַרגעסן, אַז ווען עס בויט דער פּריוואַט-קאַפּיטאַל, איז פאַראַן אַן אייגנטימער און ער זאָרגט גוט פאַר יעדן אַריינגעלייגטן גראָשן זיינעם און פון זיינע שותּפים. ווען דער אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל איז פון דער מלוכה, דאָס הייסט אַלעמענס, און עס איז ניט פאַראַן קיין באַזונדערער בעל-הבית, איז ניטאָ ווער ס'זאָל זאָרגן און ניט ווייניק געלט ווערט צעטרענצלט אַן אַ פאַרוואָס.

גייענדיק איבער די פאַבריקן, באַטראַכטנדיק די אַרבעט-פּראָצעדור, פון אָנהייב ביזן סוף, ווערט בולט די צווייטע דערשיינונג, וועלכע האָט ניט ווייניקער צעשטערונג-קראַפט. אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט ווערט דער עיקר אויפמערקזאַמקייט געלייגט אויף דעם ווי אַזוי דעם פּראָדוקט בעסער צו פאַרקויפן. אין דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט לייגט מען מער אַכט אויף דער פאַבריק, אויף דער פּלאַנירונג, אויף אַלע באַגלייט-דערשיינונגען, אָבער ווען דער פּראָדוקט איז געשאַפן, איז ער אַלעמענס — ניט מיינער — ניט פאַראַן קיין בעל-הבית, וואָס זאָל פון אים אַרויסציִען דעם מאַקסימום, דערמעגלעכן די באַרייכערונג, דעם וווּקס...

די וועלכע ווערן געשיקט קיין אויסלאַנד פאַרקויפן דעם פּראָדוקט, גיבן אים אַוועק פאַר אַ שמעק-טאַבאַק אָדער האַנדלען איין מאַשינען פאַר זייער פאַבריק, וועלכע טויגן צו גאָרניט און ווערן סתּם אַוועקגעשטעלט. דער עיקר, דער געשיקטער האָט באַקומען אַ שיינע סומע פון דער זייט, מיט וועלכער ער פאַרגעסט ניט זיך צו טיילן מיט די איבער אים געשטעלטע חברים, ווען ער קומט צוריק פון זיין שליחות...

און דערביי זענען פאַראַן גרויסע, פּרעכטיקע פאַבריקן, איינגעאָרדנט מאָדערן-שיין — צום שטוינען!

כ'דערמאָן זיך אין אַ מעכטיקער בוימוואָל-פאַבריק, ערגעץ אין דרום-מערב-פּוילן, אין אַנדריכאָוו. דאָס איז געווען אַ פאַבריק מיט אַ רייכער

פאַרגאַנגענהייט. זי איז געבויט געוואָרן אויף די חורבות פון דער אַלטער פאַבריק וואָס איז דורך די נאַציס צעשטערט געוואָרן. אָבער מע ווייסט אַלץ וועגן דער אַלטער פאַבריק. ווען מע האָט געגראָבן טיף, כּדי צוצו־גרייטן די יסודות פאַר דער נייער פאַבריק, האָט מען געפונען אַ מעטאַלן שאַכטעלע, און דאָרט איז געווען זאָרגפעליק פאַרפּאַקט דער היסטאָרישער דאָקומענט, פאַרצייכנט, געחתמעט, און אַריינגעלייגט אינעם גרונטשטיין. דאָרט איז געווען פאַרשריבן די דאַטע, וועלכע הויכע פאָרשטייער פון דער קייזערלעכער און קעניגלעכער הערשאַפט עס זענען דאָרט געווען, אַלץ. אַז געבויט, זאָל זיין מיט אָרדענונג, פונעם גרונט! אָבער די דייטשן האָבן די דאָזיקע פאַבריק פאַרניכטעט ביזן גרונט, אָפּגעווישט. האָט מען אַלץ אָנגעהויבן פון ס'ניי, און ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ גאָר מאָדערנע פאַבריק, און דאָס מאָל אויף אַ פאַרגרעסערטן שטח, אויף 25 העקטאַר! — ביי אַ מלוכה שפּילט אַ העקטאַר ערד קיין ראָלע ניט!

בלויז די שפּינעריי האָט פאַרנומען איבער צוויי העקטאַר. ווען אין איין עק שפּינעריי איז געשטאַנען אַ לאַסטוואָגן, האָט מען אים פון צווייטן עק כּמעט ניט געזען.

דער קאָמבינאַט האָט שוין געאַרבעט, אָבער ער איז נאָך ניט געווען אויסגעפּאַרטיקט. ביי דער אויספּאַרטיקונג אַליין האָבן געאַרבעט זעקס הונ־דערט אַרבעטער. דער קאָמבינאַט האָט געהאַט זייער מאָדערנע טעכנישע איינ־ריכטונגען. די קלימאַטישע באַדינגונגען זענען געווען אויסגעצייכנטע. דורך לעכער אונטער די מאַשינען איז דער שטויב פון דער לופט, וועלכער איז איינגעזויגט געוואָרן דורך ספּעציעלע אַפּאַראַטן, געפירט געוואָרן דורך קאַנאַלן, אָפּגעשיידט די וואָל, געריייניקט און צוריקגעשיקט דורך ספּעציעלע רערן פאַר ווייטערדיקער באַאַרבעטונג. פרישע, ריינע לופט איז צוריקגע־שיקט געוואָרן אין דער פאַבריק־האַלע, מיט אַ צוגעגעבענער דאָזע פון פייכטקייט. די רוישטאָפן פאַר דער פּראָדוקציע, די פאַבריצירטע מאַטעריאַלן, זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן דורך אַ לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז טיף אַריינגעדרונגען אין דער פּראָדוציר־האַלע. און דאָס איז ניט געווען קיין לאָקאָמאָטיוו געהייצט מיט קוילן. ער וואָלט געקענט אַרויסלאָזן אַ פונק — די העכסטע געפאַר פאַר אַ בוימוואָל־פאַבריק! — דער לאָקאָמאָטיוו איז

געגאַנגגען מיט דער קראַפט פון געפּרעסטער לופט! אַלע פּאָזעס פון דער פּראָדוקציע זענען געווען גוט דורכשטודירט, צוגעפּאַסט צו די לעצטע פֿאָדערונגען און מעגלעכקייטן פון דער טעכניק.

כ׳האָב געקוקט און באַוווּנדערט דעם קאָמבינאַט אין זיין פּראַכט.

מיר האָבן אויסגענוצט די לעצטע טעכנישע דערגרייכונגען אין דער שוייץ, אין דייטשלאַנד — האָט אונטערגעשטראָכן דער אינזשעניר, פאַראַנט־וואָרטלעך פאַרן בוי.

דאָס בילד איז מיר קאַליע געוואָרן ווען כ׳האָב זיך נענטער צוגעקוקט צו דער אָרגאַניזאַציע פון דער פאַבריק, איר אַדמיניסטראַציע, פּלאַנירונג, בילאַנס — עס איז אין זיי געווען אַ הימלשרייענדיקע אומאָרדענונג. כ׳האָב אַלץ פּינקטלעך פאַרצייכנט. כ׳האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן אַלץ קלאָר און דייטלעך, געוואָלט טאָן אַלץ, מיטצוהעלפן, אַז דער דאָזיקער פּרעכטיקער קאָמבינאַט זאָל אין הסכם מיט זיין אולטראַ־מאָדערנער איינריכטונג, אַרויף אויפן דרך־המלך.

כ׳האָב געמאָסטן און געוואויגן יעדעס וואָרט, געלויבט דאָס גוטע, געטאַדלט דאָס שלעכטע, זיך שווער געראַנגלט מיט יעדן וואָרט און זאַץ, און לסוף אָפּגעגעבן דעם אַרטיקל מיין פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— נו?

— גוט — האָט ער אַ זאָג געטאָן און געוויזן דעם אויפגעשטעלטן גראָבן פינגער, פעסט אַ שאָקל טוענדיק מיט דער פויסט.

כ׳בין אַוועק אַ צופרידענער פון מיין אָפּגעטוענער אַרבעט.

עס זענען פאַרביי טעג — און כ׳האָב מיין אַרטיקל ניט געזען אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג. כ׳האָב זיך געגעבן לעקציעס וועגן באַשיידנקייט און געוואָרט געדולדיק, ביז...

אַ שיינע פּאָר טעג שפּעטער איז מיר אויף אַ וואַרשעווער גאַס אַנטקעגנגעקומען אַן אינזשעניר פון יענעם קאָמבינאַט. ער האָט מיך אַרומגעכאַפּט. מיט ביידע הענט האָט ער מיר געקלאַפּט איבער די פּלייצעס.

כ׳האָב זיך קוים אָפּגעריסן פון אים, גענומען פרעגן וועגן קאָמבינאַט:

— האָסט אונדז געהאָלפן! — האָט ער אויסגעשריגן און מיך וואַרעם געטרייסלט מיטביידע הענט.

— ווייסט — האָט ער ווייטער געצויגן — מע האָט אונדז אַרויסגעצ־רופן אין דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג פון צענטראַל־קאָמיטעט. מיר זענען איצט דאָ, אַ דעלעגאַציע, צו באַזייטיקן די שוועריקייטן וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט און גערעדט, און אַזוי לאַנג ניט געקענט רירן פון אָרט...

כ׳האָב זיך מיט אים, כּלומרשט, מיטגעפרייט אָבער, דעם אמת געזאָגט, בין איך געווען אַ ביסל רעזערווירט, עפּעס איז מיר ניט געווען קלאָר. שוין איבער אַ צוויי וואָכן ווי כ׳האָב איבערגעגעבן מיין אַרטיקל, אָבער אויף די שפּאַלטן פון דער צייטונג האָב איך אים ניט געזען, ווי זשע האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט דער גאַנצער ענין? כ׳בין אַפילו געווען זשענירט, גע־מיינט אַז מיין אַרטיקל איז אַריינגעפאַלן אין פינצטערן קאָרב.

כ׳בין אַריין צו מיין פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר און געפרעגט, שוין אויפפאָדערנדיק:

— וואָס איז מיט מיין אַרטיקל? פאַר וואָס איז ער ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן?

דער רעדאַקטאָר האָט געמאַכט אַ באַרוּיִקנדיקן זשעסט מיט דער האַנט, מיך געבעטן זיצן און גענומען מיר אויפקלערן דעם ענין:

— האָסט אַוודאי באַמערקט, אַז מיר האָבן די לעצטע טעג געגעבן אַ גרעסערן אַרטיקל פונעם מיניסטער פאַר אינדוסטריע. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער שלעכטער אַרבעטס־פּלאַנירונג אין די פאַבריקן. מיר האָבן אויך פּובליצירט אַן אַרטיקל פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער קראָקעווער וואָיע־וואָדשאַפט, וועלכער האָט געטאַדלט די שלעכטע אָרגאַניזאַציע אין די פאַבריקן. געווען אויך אַרטיקלען וועגן שלעכטן פאַרזאָרג אין די האַנדלס־צענטראַלעס. דיין אַרטיקל — האָט ער ווייטער געצויגן — האָט אָנגעוויזן אויף ערנסטע פעלערן אין אַ ניי־אויפגעבויטן קאָמבינאַט, ברענגנדיק ווידער אַ מאָל נעגאַטיווע ביישפּיל פון אונדזער ווירטשאַפטלעכן פראָנט. וויפל אַזעלכע נעגאַטיווע מאַטעריאַלן, מיינסטו, קענען מיר געבן? וועט ניט

דעמאָלט דער אַרבעטער גערעכט זיין, ווען ער וועט נאָכן אָנלייענען זיך וועגן די אַלע פעלערן, וועגן דער אומבאַהאָלפנקייט אין דערווירטשאַפט, אויפשטיין און זאָגן דער רעגירונג, דער פּאַרטיי: איר קענט ניט רעגירן, גייט צו אַלדע גוטע יאָר! מיר האָבן דיין אַרטיקל איבערגעשיקט דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג ביים צענטראַל־קאָמיטעט. זיי דאַרט, וועלן שוין אַרויסציִען די געהעריקע קאָנסעקווענצן. וואָס ווילסטו? וואָס קען מען בעסער" ?

כ'האָב פאַרשטאַנען פון וואַנען דער אינזשעניר האָט זיך גענומען אין וואַרשע. פאַרשטאַנען פאַר וואָס ער האָט מיר געדאַנקט. כ'האָב אַפילו דערנאָך געזען מיין אַרטיקל אויף די שפאַלטן פון דער צייטונג, כאָטש אומבברחמנותדיק אַרומגעשניטן, געריי[ני]קט פון יעדן נעגאַטיוון אַקצענט. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז דער אָרגאַן פון צענטראַל־קאָמיטעט איז ניט פאַר די „בליצן" פון דעם אָדער יענעם זשורנאַליסט — און אין „טריבונאַ לודו" זענען געווען גרויסע זשורנאַליסטישע טאַלענטן, כאָטש צו דערמאָנען סטאַשעק בראָדזקי, זאָפיאַ אַרטימאָוויסקאַ און נאָך אַ סך, אַ סך מענטשן מיט אַ געבענטשטער זשורנאַליסטישער פעדער.

ניין, עס גייט ניט אין שרייבן דעם אמת טיף און שיין, ווי דער זשורנאַליסט זעט עס און פילט. עס גייט קודם־כל אין אינטערעס פון דער פּאַרטיי, פונעם סיסטעם — זיי דאַרפן זיין „געדעקט" — גוט צי שלעכט, טראָץ די פאַקטן, ווי זאָגט זיך עס — אויב די פאַקטן שטימען ניט — איז ערגער פאַר די פאַקטן.

דערשיינען טאַקע די דאָזיקע אַרטיקלען וועלכע זענען גלאַטיק געשריבן אין די אָנגענומענע ראַמען: ניט אַרויסבייגן זיך! זיי זענען צו זיך אַלע ענלעך, און גיבן ניט קיין אָפּשפּיגלונג פון דערווירקלעכקייט. נעמט דער פילבאַרער לייענער די צייטונג אין האַנט, וואַרפט אַן אויג אויף די אַרטיקלען און האָט גלייך זיין מיינונג, ווי מע האָט עס באַצייכנט אין פוילן: „מאָוואַ — טראַוואַ"! (ווערטער — גראָז).

אייגנטלעך, וואָלט איך, אין געגעבענעם פאַל, געדאַרפט זיין צופרידן: מיין אַרטיקל איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די ריכטיקע הענט, געוואָרן

ערנסט באַהאַנדלט. ווייט ניט אַלע אַרטיקלען האָבן דעם זעלבן גורל. וואָס־זשע וויל איך נאָך?

„וועסט גיין איבער די פֿאַבריקן, איבערן לאַנד, וועסט זיך באַקענען מיט דער ווירטשאַפֿטלעכער לאַגע" — קאָסמאַנס ווערטער זענען געווען אויפֿריכטיקע, אמתע. די זאַכן האָבן זיך בלויז קאָמפּליצירט, ווען כ'האָב געוואָלט ברענגען צום לייענער אַ פֿול אויפֿריכטיק בילד פֿון דער לאַגע. ס'איז תּמיד אויסגעקומען „אַ ביסל" צו ענדערן...

# דער שליסל צום פֿאַרשלאָסענעם

אין די פֿאַבריקן קען מען זען און הערן אַ סך, אָבער ווייט ניט אַלץ. מע דאַרף ניט זיין נאַיִוו. אין אַ רעזשים פֿון פֿאָלקס־דעמאָקראַטיע געפֿינט מען זיך מער ווי אין יעדן אַנדערן רעזשים פֿאַר אַ צוויי־פּנימדיקער לאַגע: די אָפֿיציעלע און די רעאַלע.

קומסטו אַריין אין דער פֿאַבריק, זעסטו מאַשינען לויפֿן, אַרבעטער אַרבעטן, עס קלאַפּט, און עס הוזשעט. פֿאַרן באַזוכער פֿון דרויסן איז עס אַן אָפּגעשלאָסענער איינס. ווען זיך דאָרט דרייען גאַנצע טעג, אַרומגיין איבער די אָפּטיילונגען — שווער עפּעס צו דערגיין. בלויז ווען מען טרעפֿט צופֿעליק אַ באַקאַנטן אָדער אַ פֿאַרביטערטן, ווייט־אַוועקגעשטעלטן אַרבע־טער, וועלכער זוכט אַ געלעגנהייט זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרץ, צו דערציילן די אַזוי גערופֿענע סודות פֿון חדר — וועסטו עפּעס געוווירן ווערן. גאַנץ בולט ווערן די זאַכן ווען פֿאַלסט אויף אַ באַזייטיקטן דירעקטאָר, אין די לעצטע טעג פֿאַר זיין אַוועקגיין, אָדער אויף אַ ניט דערשאַצטן לייטער פֿון וועלכער עס איז אָפּטיילונג.

זיצסטו מיט אַזאַ איינעם ביי אים אין דער היים, ביי אַן אָוונטברויט אָדער ביי אַ קאַווע, פֿליסט דער שמועס פֿריי, אָן שום באַגרענעצונגען, פֿאַלן אַוועק די שאַבלאָן־שמועסן, וואָס געפֿינען אַזוי אָפּט זייער אָפּשפּיגל אין דער פּרעסע: ווי אַזוי צו העכערן די נאָרמעס, פֿאַרגרעסערן די פּראָדוקציע, בעסערע צוזאַמענאַרבעט צווישן די פֿאַרשידענע אונטערנע־מונגען, וועגן דער „ברידערלעכער הילף פֿונעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד", טעמעס וועגן וועלכע מען רעדט, אָבער אינטערעסירן קיינעם ניט.

פּריוואַט, אין דער היים, שווימען אויף לגמרי אַנדערע פּראָגעס: אָרגאַ־ניזאַציאָנעלער אומזין פֿאַראורזאַכט פֿון „אויבן", באַשעפּטיקטע ספּעצן פֿון אויסלאַנד, אין וועלכע קיינער גייטיקט זיך ניט. פֿלִיענדיק פֿון פּעקין קיין

מאָסקווע, האָט מיר אַ דייטשער אינזשעניר, פון מיזרח־דייטשלאַנד דערציילט, האַלטנדיק זיך ביי די זייטן פון געלעכטער, ווי מען האָט געשיקט אין זייער פאַבריק, אין דייטשלאַנד, אַ רוסישן אינזשעניר, ער זאָל זיי לערנען אָרדענונג... מע שמועסט וועגן בודזשעטן אויפגעפּרעסענע צווישן אימפּאָרט און עקספּאָרט — בכלל ניט אָפּהענגיקע פון דער געגעבענער פאַבריק. הערסט וועגן אַ שיף וועלכע איז פאַרקויפט געוואָרן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד פאַר אַכציק פּראָצענט פונעם ווערט פון די מאַשינען, וועלכע מען האָט פאַר איר געקויפט אין... סאָוועטן־פאַרבאַנד. מע רעדט וועגן טיילן, געקויפטע אין אויסלאַנד, אין וועלכע קיינער בייטיקט זיך ניט. מע פּראָדוצירט זיי — בעסערע! — אין פּוילן. מע רעדט וועגן אָפּמאַכן מיט ברידער־רעפּובליקן, וואָס זענען אַנגעוואָרפן געוואָרן פון „אויבן", פאַר וועלכע מע וועט קיין גראָשן ניט צוריקזען. מע דערציילט וועגן די „פאָרשטייערס", וועלכע קומען פון די אַראַבישע מדינות, אַראָגאַנטישע און חוצפּהדיקע: מע דאַרף זיי אַרומפירן איבערן לאַנד, איבער די שענסטע האָטעלן, באַזאָרגן מיט מתנות און ביי דער געלעגנהייט מיט עפּעס מער און שיינס... פאַקטן, קעגן וועלכע מען קען גאָרניט טאָן.

— אָט, נעם מיך — האָט צו מיר ביי אַזאַ געלעגנהייט אַ זאָג געטאָן אַ דירעקטאָר פון אַ פאַבריק מיט אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער — מאַך אַ פאַרגלייך מיט אַ דירעקטאָר פון אַן ענלעכער פאַבריק אין מערב־דייטשלאַנד. ער זיצט אַפילו ניט אין דער פאַבריק. זיין ביוראָ איז ערגעץ אין אַ ווילע, אין אַ גאָרטן, אַרומגענומען מיט הויכע שטאַכעטן, אַ צוים, און ניט יעדער איינער קען צו אים צוקומען. ער זיצט דאָרט ווי דער אומבאַגרענעצטער הערשער, מאַכט זיינע פּלענער וואָס ער פירט אַדורך אין דער פאַבריק און אויסער איר, מיט דער הילף פון זיינע דירעקטאָרן, הויכע באַאַמטע, אינזשענירן. אין זיינע פּלענער שטערט אים ניט קיינער. ער איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן ווי אַ דירעקטאָר און קיינער וועט אים קיין וואָרט ניט זאָגן — סיידן, ער וועט זיך שווער פאַרוויקלען אין אַן עסק, גורם זיין פאַרלוסטן, קאָמפּראָמיטירן די פירמע — אָבער נאָרמאַל אַרבעט ער די גאַנצע צייט רויִק און זיכער... פאַרשטייט זיך אַז זיין לוין, בעסער געזאָגט זיין הכנסה, איז ניט צו פאַרגלייכן מיט מיינער...

— נו, און איך — האָט ער ווייטער פאָרגעזעצט — איך זיץ ניט אין קיין ווילע, כ׳זיץ אין שטויב און רעש, אין דער פאַבריק, צוזאַמען מיט די אַרבעטער און אַרבעט ווי זיי, אַפילו מער פון זיי; ווען זיי זענען שוין לאַנג אַוועק אַהיים קענסטו מיך נאָך דאָרט טרעפן. כ׳זיץ און ברעך מיר דעם קאָפּ ווי אַזוי צו הייבן די פּראָדוציר־מעגלעכקייטן פון דער אונטער־נעמונג, ווי אויסצופירן דעם פּלאַן, וועלכן מען האָט מיר אָנגעוואָרפן פון אויבן. און ניט איין מאָל ווערן מיינע באַשלוסן צו נישט געמאַכט דורך אַ ווונק פון די הויכע פענצטער.

דער דירעקטאָר איז שוין געווען ווייט אין שמועס. ער האָט פאָרגע־זעצט אָן צו זשענירן זיך:

— אָט וועל איך דיר דערציילן וועגן אַ טראַגי־קאָמישן מצב, אין וועלכן כ׳האָב זיך געפונען אָט, דאָ ניט לאַנג, פאַרן סוף פונעם בודזשעט־יאָר. פון דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג פון צענטראַל־קאָמיטעט האָב איך באַקומען אַ דירעקטיוו צו באַפרייען צען פּראָצענט פון מיין אַרבעטער־באַשטאַנד; מע האָט אויבן באַשלאָסן צו רעדוצירן די אַרבעטסקאָסטן. נו, אַ באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט. ווער וועט פרעגן, נאָכפאָרשן? כ׳האָב גלייך פאָרויס געזען דעם נעגאַטיוון רעזולטאַט וואָס דאָס וועט האָבן אויף אונדזער אונטערנעמונג. ס׳האָט מיך אויפגערודערט, כ׳בין געווען קעגן, אַרויסגעטרעטן שאַרף. מע האָט מיך גלייך באַרויִקט, געגעבן אָנצוהערן וואָס עס הייסט זיך קעגנשטעלן אַ פּאַרטיי־באַשלוס. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער לאַגע אין וועלכער כ׳געפין זיך, באַטראַכט מיינע מעג־לעכקייטן און... אויסגעפירט דעם באַשלוס צו דער צופרידנקייט פון אַלע הויכע פּאַרטיי־באַאַמטע.

אין צוויי וואָכן אַרום איז דאָס אויספירן אַ געוויסע אַרבעט געוואָרן זייער דרינגענדיק. כ׳האָב ניט געהאַט די געהעריקע צאָל אַרבעטער דערצו און אָנגעפרעגט אין צענטראַל־קאָמיטעט: וואָס טאָן?

— אָנגאַזשיר די פעלנדיקע צאָל אַרבעטער — האָט געקלונגען דער ענטפער...

— אַזוי פשוט איז עס ניט געווען. די געאיבטע אַרבעטער פון מיין פאַבריק האָב איך אָנגעווירן, זיי האָבן אין צווישנצייט געפונען אַנדערע

אַרבעטספּלעצער. שטעלט איר זיך פאָר אַז אַזעלכעס קען טרעפן אַ דירעק־טאָר אין אַ מערב־אייראָפּעיִשער פאַבריק? אויך פאַר אַזעלכע פּראָבלעמען שטיי איך און ברעך זיך דעם קאָפּ, שלאָף ניט גאַנצע נעכט, און איר ווייסט? מיין לוין איז ניט קיין סך גרעסער פון מיינס אַן אינזשעניר...

זיצסטו אַזוי און הערסט זיך צו, זאַפּסט איין אין זיך פאַקטן, מיינונגען. צו מאָרגנס גייסט דו ווידער איבער דער פאַבריק, אירע אָפּטיילונגען, צווישן די מאַטאָרן און טראַנסמיסיעס, קוקסט אויף די מענטשן, וועלכע אַרבעטן, פירן אויס די אויף זיי אַרויפגעלייגטע אויפגאַבעס. איצט קוקסטו אויף זיי מיט אַ בליק, אַ ביסל צוגעדעקט דורך די ווערטער פון דירעקטאָר, און טראַכסט וועגן שרייבן ווי עס פאַרלאַנגט פון דיר דיין פּאַרטיי־צייטונג: וועגן סאָציאַליסטישן וועטגעיעג, וועגן בוי פון סאָציאַליזם, וועגן דעם ליכטיקן מאָרגן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט...

נאָכן אָפּזיין אַ פּאָר טעג אין אַזאַ פאַבריק, קומסטו אַהיים מיטן אָנגע־זאַמלטן מאַטעריאַל. שטעלסט צונויף פאַקטן וואָס גיבן אַן אויבנאויפיקן בליק איבער דער פאַבריק, אַ קליינינקן טייל פון אירע פּראָבלעמען, גיסט עס זאָרגפעליק אַריין אין פּאַרטייִישן טיגל, שלייפסט עס, עס זאָל אַרויס מיט הארץ און ברען. דאָס אַרטיקל ווערט ענלעך צום פּראָטאָטיפּ פון אַרטיקל פון ווירטשאַפטלעכן אינדוסטריעלן געביט. די זאַכלעכע שמועסן, וועלכע דו האָסט געהערט — דערמאָן ניט, פאַרגעס. אויב טראַכסטו אַ רגע: ווי וועט עס דער אַרבעטער פון דער דאָזיקער פאַבריק אויפנעמען? — זיי רויִק, ער וועט ניט אַרויסטרעטן קעגן דעם. ער וועט, אפשר, נאָכן איבערלייענען אַ הייב טאָן מיט די אַקסלען, אָדער אַ מאָל זיך צעלאַכן...

מע קען ניט זאָגן, ניט אַלע מאָל קענען זאַכן באַהאַלטן ווערן. פאַראַן תמיד אַזעלכע וועלכע שרייען, פאָדערן יושר, ווערן ניט מיד שרייבנדיק צו „זייער" צייטונג...

— פאַר אַרויס קיין דאַנציג — האָט מיר אַ זאָג געטאָן קאָסמאַן — אין אַ מעטאַל־פאַבריק. איינער פון אירע אַרבעטער האַלט אין איין שרייבן און שרייבן צו אונדז. ער האָט טענות צו דער פאַבריק, צו דער דירעקציע, וואָס וויל ער? גיב אַ קוק!

כ'האָב גענומען אין האַנט די בריוו, גענומען לייענען. עס האָט מיר

אַ שלאָג געטאָן די שפּראַך פון די דאָזיקע בריוו. געשריבן אין פּויליש, האָבן זיי מיר דאָך געקלונגען דייטש. דאָס האָט מיך ניט געוווּנדערט — זענען דאָך אין יענעם געביט, אין דאַנציג, געבליבן ניט ווייניק דייטשן, וועלכע האָבן, אין בויט, געפונען וועלכע עס איז פּוילישע אָנגעהעריקייט, כּדי צו באַרעכטיקן זייער פאַרבלייב אין פּוילן, בעת די אַנדערע זענען מיט צוואַנג אַריבערגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

דער נאָמען גופא פון דעם דאָזיקן קאָרעספּאָנדענט, בערגער, איז ניט געווען דווקא אַ פּוילישער, דאָס האָט געקענט זיין אַ דייטשישער אָדער גאָר אַ ייִדישער. כ'בין שוין געווען אין צוג ווען דער נאָמען האָט גענומען ווירקן, אַרויסרופן אין מיין מוח פאַרשידענע אַסאָציאַציעס. כ'האָב געקענט אין די פאַר־מלחמה יאָרן, אין בעלגיע, אין אַנטווערפּן, אַ פּאַרטיי־חבר, וועלכער איז אין די יאָרן 1935—1936 מיט דער דייטשישער פּליטים־כוואַליע געקומען קיין אַנטווערפּן. כ'האָב נאָך אַ מאָל געלייענט דעם נאָמען: בערגער. יאָ, יענער האָט געהייסן בערגער. דער פאָרנאָמען: לעאָן. יאָ, יענער האָט אויך געהייסן לעאָן! איז עס דער זעלבער? ווי קומט דער לעאָן בערגער, געבוירן און דערצויגן אין בערלין, אָן אַ שפּור פּויליש, קיין פּוילן? אינטערעסאַנט, און דער ענין איז גראָד אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט?!

אין די שעהען פון מיין רייזע האָב איך ווידער אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געלייענט זיינע בריוו. זייער דייטשישע פּינקטלעכקייט האָט מיך וואָס אַ מאָל מער איבערצייגט, אַז דאָס מוז זיין דער דאָזיקער לעאָן בערגער — ניט קיין אַנדערער. בלויז ער האָט געקענט אַזוי פּינקטלעך איבערגעבן אַ זאַך! כ'דערמאָן זיך: ער האָט אַ מאָל געדאַרפט געבן אַ רעפעראַט און איז אין דער לעצטער מינוט קראַנק געוואָרן. ער האָט מיך געבעטן אים פאַרטרעטן. כּדי מיר פאַרלייכטערן די אויפגאַבע, האָט ער מיר צוגעשיקט די טעזן פון זיין רעפעראַט. זיי זענען געווען קלאָר, פּרעציז געצייכנט, פּונקט ווי מיר האָבן עס געלערנט אין שול: אַריינפיר, אַנטוויקלונג, פאַרענדי־קונג — כ'האָב געקענט דעם רעפעראַט געבן ווי כ'וואָלט אים אַליין צוזאַמענגעשטעלט, ווי כ'וואָלט אים שוין פאַרגעלייענט עטלעכע מאָל. יאָ, דאָס איז זיין סטיל. אינטערעסאַנט, וועט ער עס טאַקע זיין?

ווען כ'בין געקומען אין דער פאַבריק און ביי דער געהעריקער אָפּטיי־לונג געבעטן זיך זען מיט „אונדזער קאָרעספּאָנדענט", האָט עס אויף אַ ווייל אַרויסגערופן פאַרוווּנדערונג, אָבער מע איז גלייך אַוועק אים רופן. כ'האָב אים מיט מיין אָפענער אינטערוועניץ ניט געקענט שאַדן. שטייט אַ מענטש אין פאַרבינדונג מיט דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג — גוט צו שלעכט, אַריינמישן זיך, שטערן, טאָר מען ניט. ס'קען בלויז שטאַרקן זיין פּאָזיציע אויפן אַרבעטסאָרט.

כ'האָב זיך צוגעזעצט וואַרטן. כ'האָב אים געזען אָנקומען פון דער זוייטנס. יאָ — כ'זאָל אַזוי לעבן און געזונט זיין — ס'איז געווען לעאָן, לעאָן בערגער, טאַקע דער וועמען כ'האָב געקענט פון די אַלטע צייטן. כ'בין אויפגעשטאַנען, אַ בייג געטאָן מיטן קאָפּ, אַ פּינטל געטאָן מיט די אויגן, אָבער באַהערשט אויסגעשטרעקט די האַנט צו אים. כ'האָב ניט געוואָלט זיך אַרומכאַפּן מיט אים: זאָל מען ניט מיינען אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט אַ גרייטער שותפות. כ'בין געבליבן מיט אים אַ ווייל, אַריינגעגאַנגען דערנאָך מיט אים אין בופעט, געבעטן קאַפע, אָבער דעם אמתן שמועס האָבן מיר אַפילו ניט אָנגעהויבן. כ'האָב זיך פאַרצייכנט זיין אַדרעס און באַשטימט צו קומען צו אים אַהיים, אויף אָוונטברויט.

אַרום אַכט אַ זייגער, אָוונט, בין איך געווען ביי אים אין דער היים. ער האָט געוווינט אינעם אַרבעטער־פערטל, אין אַ דירה מיט עטלעכע צימערן. די משפחה זיינע איז געווען אַ צאָלרייכע.

זיין פרוי, אויך פון בעלגיע, האָב איך ניט געקענט, זי האָט געשיינט צו זיין ניט קיין גרויסע בעל־הביתטע. זי האָט אַוודאי געהאַט גענוג אַרבעט אַרום די קינדער.

כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט מיט לעאָנען אין אַ ווינקל, ער — אויף אַ קאַנאַפּע, איך — אין אַ פאָטעל, און מיר האָבן גענומען שמועסן. גערעדט האָבן מיר דייטש, ווי אַ מאָל אין בעלגיע. וואָס האָב איך געדאַרפט ער זאָל זיך ברעכן די צונג אויף פּויליש? פונעם דערציילטן און פונעם ניט דערציילטן וועגן די לעצטע פּאָר יאָר וואָס כ'האָב אים ניט געזען, האָט זיך באַקומען דאָס פאָלגנדיקע בילד:

נאָך אַ פּאָר יאָר ווי אַ דייטשישער עמיגראַנט, האָט ער זיך, ביי דער

זייט פון זיין משפחה, וועלכע האָט געלעבט אין אַנטווערפּן, אויסגעלערנט דיאַמאַנט-שנײַדן. ער האָט זיך איינגעאָרדנט, געפירט אַ נאָרמאַל לעבן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט, איז געקומען די צווייטע וועלט-מלחמה. ער האָט מיטגעמאַכט ווידערשטאַנד, אונטערערד. ער איז זיך צונויפגעגאַנגען מיט אַ חברטע וועלכע איז דורך איר מאַן איבערגעלאָזט געוואָרן, אַ פאַר־שטויסענע אין אַ שווערער קראַנקייט. לעאָן האָט זיך מיט איר פאַרנומען, ביז אירע לעצטע טעג. נאָכן קריג האָט ער זיך פאַראייניקט מיט זיין איצטיקער פרוי, וועלכע איז געבליבן אַליין מיט עטלעכע קינדער, נאָך דעם ווי דער מאַן איז פון איר אָוועקגעריסן געוואָרן. לעאָן האָט זיך מיט איר פאַרבונדן און אָנגעהויבן אַ נאָרמאַל לעבן. עס זענען צוגעקומען נאָך קינדער — איז קיין רייד ניט געווען אַז זי זאָל אַרויסגיין אַרבעטן, איז אים, דעם איינציקן לעבנס-פאַרזאָרגער, דאָס לעבן אויסגעפאַלן שווער. ער האָט געטראַכט און געטראַכט, און געקומען צום פשוטן אויספיר: ער איז אַ זון פון פוילישע עלטערן, אַ קאָמוניסט, אין פוילן בויט מען סאָציאַליזם — וועט ער דאָרט אַריבערפאָרן. און ער איז דאָרט אַריבערגעפאָרן מיט קינד און קייט. ער האָט אויסגעוויילט ווי זיין וווינאָרט דאַנציג, מיט דער אויס־רעכענונג אַז ס'וועלן דאָרט אָוודאי זיין אַ סך דייטש-רעדנדיקע. ער איז דאָרט אָנגענומען געוואָרן אין דער גרויסער מעטאַל-פאַבריק, אין איר מאַגאַזין.

ס'האָט, אין פלוג, אויסגעזען שיין און גוט: זיין אין אַ לאַנד ווו מען בויט דעם סאָציאַליזם. אַרבעטן, צולייגן אַ האַנט מיט אַלע צוזאַמען, וואָס קען זיין בעסער? יאָ, עס וואָלט געקענט זיין בעסער, אָבער לעאָן איז ניט געווען ווי אַלע. ער האָט געהאַט אַן אַנדערן צוגאַנג צו דער אַרבעט. ער האָט געאַרבעט ווי אַלע אַנדערע, אָבער אַ ביסעלע מער — מער אחריות, מער צוגעלייגט האַרץ און קאָפּ...

לעאָן האָט גערעדט אַ פאַרביטערטער.

— וואָס איז, לעאָן — האָב איך אים איבערגעריסן — מע האָט דיך ניט געלאָזט אַרבעטן?

— ניין, דאָס קען איך ניט זאָגן — און לעאָן האָט גענומען אַרויס־לייגן: — ווייסטו וואָס פאַר אַן אומאָרדענונג כ'האָב געטראָפן אין מאַגאַזין

ווען כ׳בין אָנגעקומען ? הויפנס מאַטעריאַלן, טיילן אָן אַ סדר, אויסגעמישט, צעזייט און צעשפרייט — אַ ריכטיקע „פוילישע ווירטשאַפט״ — האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן אויפן אויער — נו, ווייסטו דאָך, האָב איך גענומען קעמפן צו מאַכן אָרדענונג...

— ווי איז עס צוגעגאַנגען ?

—אַלע האָבן מיר געקלאַפט אויפן אָקסל, געזאָגט בראַוואָ, בראַוואָ, גוט, גוט, אָבער ווען ס׳איז געקומען צו דער אַרבעט, בין איך געבליבן אַליין...

און לעאָן האָט געאַרבעט, דערפירט דעם מאַגאַזין צו אַן אָרדענונג, אַזוי אַז אַלע האָבן געמוזט צוגעבן :

— אַ גוטע אַרבעט !

— איז דאָך גוט, האָסט באַוויזן וואָס מע קען טאָן...

— וואָס הייסט ? ניט נאָר אויסגעסאָרטירט, יעדן טייל געגעבן זיין נומער, זיין אָרט, הער, כ׳האָב אויסגעאַרבעט אַ קאַטאַלאָג. יעדער טייל איז געווען קאַטאַלאָגירט, איינגעטיילט לויט זיין אָנגעהעריקייט, לויט סעריע און נומער. אָן צו זוכן ווייסט מען איצט גלייך ווו עס געפינט זיך, וויפל...

— נו, האָסט באמת געמאַכט אַ גוט שטיקל אַרבעט...

— יאָ, מיין אַרבעט איז גוט אָפּגעשאַצט געוואָרן. כ׳בין אַפילו באַלוינט געוואָרן מיט אַן אויסצייכענונג און געלט...

— וואָס־זשע ווילסטו נאָך ?

— ... כ׳וויל... כ׳וויל מע זאָל זיך באַנוצן מיט דעם וואָס כ׳האָב געשאַפן. מע זאָל זיך באַנוצן מיטן קאַטאַלאָג, היטן די איינגעשטעלטע אָרדענונג.

— ס׳איז דאָך אין אַלעמענס אינטערעס...

— אַזוי מיינסטו ? זאָלסט זען ווי מען כאַפּט טיילן, די ניט ריכטיקע, ווי מען וואַרפט זיי צוריק, דאָרט ווו מען דאַרף ניט... עס וועט ניט לאַנג דויערן, און ס׳וועט ווידער זיין דער זעלבער באַלאַגאַן... כ׳האָב...

— ביטע, צום טיש — האָט זיין פרוי איבערגעריסן אונדזער שמועס...

אַרום טיש זענען שוין געזעסן פינף קינדער פון פאַרשידענער גרייס, אין עלטער פון 7 ביז 16 — סימפּאַטישע, שיינע קינדער. זיי האָבן זיך

געהאַלטן ביים טיש ווי גוט דערצויגענע קינדער — געקוקט איינער אויפן צווייטן, זיך באַמיט נאָכצוטאָן. דאָס עסן איז געווען אַ פּשוט, פאָלקסטימ־לעך עסן: זופּ, פלייש מיט צוגאָבן: קאַרטאָפל און אַנדערע גרינסן. די פרוי האָט אויסגעטיילט, מע האָט געמיטלעך געגעסן, עס זענען געפאַלן ווערטער אויף פּויליש — פריי, סימפּאַטיש.

צום מייגסט האָט זיך געלאָזט הערן די שטימע פון דער פרוי: — די ווױנונג איז ניט גענוג גרויס פאַר דער משפּחה, דער חודשדיקער געהאַלט פאַרשאַפט אַ ביסל זאָרגן. שול, געזעלשאַפטלעכע פראַגעס זענען טייל מאָל ניט קיין לייכטע, אָבער ניט געפערלעך.

— דער מענטש איז ניט פון זייף — ער נוצט זיך ניט אָפּ — האָט זי דעפינירט איר לעבנס־חכמה...

ווען אַלע האָבן שוין פאַרלאָזט דעם טיש, איז נאָך לעאָן לאַנג מיט מיר געבליבן. מיר האָבן געטרונקען טיי, געשמועסט:

— כ׳האָב אַריינגעלייגט אַ סך געזונט און מי — האָט לעאָן ווייטער געצויגן — איינצופירן אָרדענונג, צו מאַכן די אַרבעט לייכטער, גינסטיקער פאַרן אַרבעטער, פאַר דער פאַבריק, אָבער עס גייט קיינעם ניט אָן. כ׳האָב אין אָנהייב געמיינט אַז מיין קאַטאַלאָג וועט הייס אָנגענומען ווערן דורך די אַרבעטער, דורך דער פאַבריק־לייטונג — איז עס דאָך אין זייער אינטערעס איינצושטעלן אַ בעסערע אָרגאַניזאַציע פון דער פּראָדוקציע, און אַ גוטע אָרגאַניזאַציע פון די מאַגאַזינען קען דאָך אַזוי פיל מיטהעלפן...

אַ פאַרטרוימטער האָט מיר לעאָן פאַרטרויט:

— ווייסט, כ׳האָב אַפילו געגלויבט אַז מיין קאַטאַלאָג וועט האָבן אַן אָפּקלאַנג אין אַנדערע פאַבריקן. כ׳האָב זיך שוין געזען אין אַנדערע פאַבריקן, וועלכע לאַדן מיך איין אויסצוברייטערן דעם קאַטאַלאָג צו זייערע באַדערפעגישן. אָבער ווו? ווער? כ׳טראַכט שוין ניט וועגן דעם. כ׳באַמי זיך בלויז צו דערהאַלטן די אָרדענונג אין מיין פאַבריק. כ׳גיב אָפּ אַ סך צייט צו רעדן מיט די צעך־מייסטערס, מיט די אַרבעטער, צו לערנען זיי אָרדענונג, באַציִונג צו אַרבעטטיילן — כ׳טרעף זיך אָן אויף אַ טויבע וואַנט...

— כ׳האָב פריִער אַפּעלירט צו זיי — האָט לעאָן פאַרגעזעצט — אין

אינטערעס פון סאָציאַליסטישן בוי, אַנגעוויזן וואָס דאָס וועט ברענגען דעם לאַנד — כ׳האָב געפילט אַז דאָס דערגייט ניט צו זיי. כ׳אַפּעליר איצט צו זיי אין זייער אייגענעם אינטערעס, אַז ס׳וועט זיי לייכטער מאַכן די אַרבעט, הייבן זייער אַרבעט־נאָרמע, פאַרבעסערן זייער לוין — דאָ און דאָרט טוט ווער אַ לייכטן מאַך מיט דער האַנט אָדער אַ דיסקרעטן פינטל מיטן אויג...

— און די פאַבריקס־אָנפירונג ?

— אין פלוג זענען עס בעסערע באַאַמטע, מער דערפאַרן, יעדעס וואָרט אויסגערעכנט, — חס־וחלילה זיך ניט קאָמפּראָמיטירן. זיי בלייבן, אין אַלגעמיין, ביי דער איינגעשטעלטער רוטין, פון נייע מעטאָדן ווילן די אַרבעטער ניט הערן — זיי אויך ניט...

לעאָן האָט מיר דערנאָך דערציילט וועגן די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער פאַבריק, זיך אָפּגעשטעלט אויף זייערע פּראָדוקציע־אויפגאַבעס, זייערע אַרבעטס־דערגרייכונגען, פאַרלוסטן. ער האָט גערעדט וועגן דער ניט ראַציאָנעלער פאַרטיילונג פון די אַרבעטס־כּוחות, פאַרלוירענער אַרבעטסצייט. לעאָן האָט גוט געקענט די פאַבריק, אירע אַרבעטער און פּראָדוקציע — פאַר מיינע אויגן האָט ער געצייכנט אַ בילד פון פאַרוואָרלאָזונג, גלייכגילטיקייט.

— איר זיצט דאָרט, אין וואַרשע, און צייכנט בילדער פון גיגאַנטישער אַרבעט, קאַמף. כ׳וויל ניט רעדן פון אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער, כ׳קען זיי ניט, דאָ איז עס ניט פריילעך. ווייסט, ווען מיר האָבן אויף די קאָמוניסטישע פאַרטיי־קעמערלעך, דאָרט, אין מערב־אייראָפּע, דיסקוטירט וועגן סאָציאַליסטישן בוי, האָבן מיר עס געזען מיט די אויגן פון אונדזער באַגייסטערונג — עס איז געווען אונדזער טרוים. טרוימען זענען זיס און ליב. דיווירקלעכקייט נעמט אַרום אַלץ — די פאַבריק, די אַרבעט, די מענטשן — די ווירקלעכקייט זעט אַנדערש אויס.

אויפן וועג צו מיין האָטעל האָב איך דורכגעטראַכט אַלע פאַקטן וועלכע לעאָן האָט מיר איבערגעגעבן — וועגן זיין קאַטאַלאָג, וועגן זיין פאַבריק. ס׳האָט זיך מיר געצייכנט אַ פולשטענדיק בילד — אַלץ איז געווען קלאָר און גאַנץ אין מיין מוח — אַן אַרטיקל פאַרטיק צום דרוקן — כ׳האָב דאָס

אַרטיקל ניט געשריבן. מיין צייטונג האָט פאַר דעם טיטל ניט געטראָגן דעם מאָטאָ: „דרוקט אַלץ וואָס איז פּאַרטיק צום דרוקן"...

לעאָנען האָב איך דורך יאָרן פאַרלוירן פון אויג. דורך אַ צופאַל איז צו מיר דערגאַנגען, אַז אין יאָר 1956, ווען גאָמולקאַ איז געקומען צו דער מאַכט און אַ סך בירגער האָבן געקענט פאַרלאָזן פּוילן — ייִדן קיין ישׂראל, געוועזענע דייטשישע בירגער קיין דייטשלאַנד — איז לעאָן מיט זיין פאַמיליע אַריבער קיין מיזרח־דייטשלאַנד. כ'האָב אַפילו געהערט אַז זיין זון איז אַ העכערער אָפיציר אין דער פאָלקס־מיליץ, מע טאָר אין זיין אָנוועזנהייט קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן וועגן סאָציאַליסטישן סיסטעם.

לעאָן איז פון קינדוויז אָן געוואַקסן אין דייטשישן גייסט — אָרדענונג מוז זיין. די פּאַרטיי האָט אים דערצויגן אין אינטערנאַציאָנאַלן גייסט. ער האָט זיך באַמיט עס צוצופּאַסן אין לעבן — ס'איז ניט געגאַנגען. די „פּוי־לישע ווירטשאַפט" האָט ער ניט געקענט פאַרדייען...

און אין דער דייטשישער פאָלקס־רעפּובליק? שטייט ער דאָרט מיט זיין וואָג אין האַנט און מעסט די פּינקטלעכקייט פון סאָציאַליסטישן יושר? צי איז ער דאָרט גליקלעך?

לעאָן, ווי עס האָט מיר גאָר לעצטנס איבערגעגעבן זיין שוועסטער, וועלכע לעבט אין ירושלים, איז געשטאָרבן אין מיזרח־בערלין סוף 1985, אין אַ גוטן עלטער, געטריי זיין פּאַרטיי ביזן סוף. נאָך אין זיינע לעצטע בריוו צו איר האָט ער געשריבן וועגן פּוילנדיקן קאַפּיטאַליזם, וועגן פאַר־כאַפּערישן אימפּעריאַליזם. זיין זון, דער אָפיציר פון דער פאָלקס־מיליץ, איז אָבער ניט מער אין דער מיליץ — ער האָט שוין הינטער זיך אַ האַלב יאָר תּפֿיסה פאַר זיין קאַמף קעגן „סאָציאַליסטישן" פאָלקס־דייטשלאַנד...

# אויפן דאָרף

1952 איז געווען זייער אַ שווער יאָר פאַר פוילן. ניט געווען קיין צוקער, קיין פלייש, ווורשט איז געווען אַ זעלטנקייט.

— מע קען קויפן ווורשט — איז זיך צעגאַנגען אַ שמועה אין רע־דאַקציע. ווען כ׳בין אַריין אין בופעט איז דער זאַל געווען איבערפולט, די גאַנצע רעדאַקציע איז שוין געווען אין דער ריי...

אין צענטראַלן פאַרטייהויז אין וואַרשע האָט מען געדונערט פאַרן צונויפגעטריבענעם אַקטיוו:

— דאָס דאָרף סאַבאָטירט די שטאָט!

— די פויערים צאָלן ניט קיין שטייערן!

— די פויערים פילן ניט אויס זייערע פאַרפליכטונגען!

דאָס איז ניט געווען דער נידעריקער פאַרטיי־אַקטיוו, וועלכן מען האָט צונויפגעטריבן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. דאָס מאָל האָט מען צונויפ־גערופן אַ גאָר ברייטן אַקטיוו, פונעם שטאַרקסטן וואָס די פאַרטיי האָט געהאַט. עס זענען געווען צווישן זיי ריכטער, וויסנשאַפטלער, הויכע פּאָליטישע טוערס — דאָס אייבערשטע פון שטייסל אין דער פאַרטיי. נאָך שטורמישע רעדעס און באַראַטונגען איז דער דאָזיקער אַקטיוו, דער גאַנצער, אָן אַן אויסנאַם, צעשיקט געוואָרן איבערן לאַנד — ווער צו די העכערע אינסטאַנצן, ווער צו די נידעריקערע, כּדי אויפצוטרייסלען דאָס דאָרף, דערמאָנען עס אין זיינע פליכטן, אויפוועקן צו מעשׂים.

אויך מיר זענען צעשיקט געוואָרן איבער די פאַרשידענע וואָיעוואָד־שאַפטן, מיט דער אויפגאַבע צו גיין אין די פוסטריט פונעם אַקטיוו, ראַ־פּאָרטירן וועגן זיין אַרבעט — און זאָל עס האָבן אַ ברייטן אָפּקלאַנג אין דער פּרעסע. בלויז אַ קליינער קערן איז געבליבן אין רעדאַקציע — אַ

מין גענעראַל־שטאַב, וועלכער האָט באַדאַרפט קאָנצענטרירן דאָס פּאַר־טייִש־פּאַטריאָטישע וואָרט און פאַרשפּרייטן עס איבער שטאָט און לאַנד.

כ׳בין אַוועק מיטן אַקטיוו אין דער קיעלצער וואָיעוואָדשאַפט. קיעלץ איז געווען באַקאַנט ווי דאָס זיצאָרט פון דער שוואַרצסטער קירכן־היעראַר־כיע, אַ נעסט פון קעגנערשאַפט צו דער מאַכט. נאָר דאָרט, ווו ס׳האָט געהערשט דער ביסקופּ קאַטשמאַרעק, האָט געקענט פּאָרקומען דער גרויזאַ־מער פּאָגראָם אין 1946, ווו נאָך אוישוויץ און די רציחות פון די היטלער־באַנדעס, האָבן פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס געקענט פריי ווילדעווען אַ גאַנצן טאָג און אויסמאָרדן 43 ייִדן: מענער, פרויען און קינדער.

קיין קיעלץ בין איך געגאַנגען מיט ווידערווילן, אָבער כ׳בין געגאַנגען. כ׳האָב געוואָלט זיין אין דער דאָזיקער שטאָט ווען ס׳וועט זיך אויף איר אַ וואָרף טאָן די הויכע פּאַרטיימאַכט און די פּאָליצייַ וועט לאָזן פילן איר שווערע האַנט.

אַ צאָלרייכער פּאַרטיי־אַקטיוו איז צוזאַמענגעטריבן געוואָרן פון דער שטאָט און סביבה. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אינעם גרויסן זאַל פון שטאָטראַט. מאַסן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון צענטראַלן פּלאַץ. דער זאַל, אין וועלכן ס׳האָט געדאַרפט פּאָרקומען די פאַרזאַמלונג, האָט זיך געפונען אין שאָטן פון מעכטיקע קלויסטער־טורעמס. עס זענען געגאַנגען מאַסן — אַן אימה האָט אַרומגענומען דעם עולם. מע איז געגאַנגען אָן צו פרעגן. דאָס איז געווען אַן עולם מיט ניט קיין ריין געוויסן, וואָס האָט מורא, אָבער ער גייט — גיין מוז ער!

דער זאַל האָט זיך שנעל אויסגעפילט ביזן לעצטן אָרט — זיצנדיק און שטייענדיק. געעפנט די פאַרזאַמלונג האָט דער שטאָטישער פּאַרטיי־סעקרעטאַר און איבערגעגעבן דאָס וואָרט דעם פאָרשטייער פונעם צענטער. דאָס איז געווען אַ ריכטער פון די גאָר הויכע אינסטאַנצן. אַ מאַן אַרום די פופציק, אין אַ גוט צוגעשניטענעם גרויען אָנצוג, מיט אַ גרוילעכן קאָפּ האָר, מיט אַן ענערגיש פּנים. ער האָט גערעדט שאַרף און זיכער. אָן זיך אַ וואַקל צו טאָן, האָט ער גלייך אַ נעם געטאָן אַלע, ווי מען זאָגט עס אין פּויליש, „פּאַר דער מאָרדע".

— ווי איז דאָס מעגלעך — האָט ער געדונערט — אַז די פויערים צאָלן

ניט קיין שטייערן — ווען האָבן עס פויערים ניט געצאָלט קיין שטייערן ? וואָס קומט דאָ פאָר ? פאַר וואָס לאָזט מען די זאַכן פאַרביי אַזוי גלאַטיק ? מע שטעלט ניט צו דער רעגירונג קיין תבואה, קיין רינדער — ווייסט דען ניט דער פויער וועגן דאָזיקן חוב ? האָט ער עס ניט געטאָן שטענדיק ?

דאָס איז געווען אַ האַרבע רעדע און ווי אַ באַווייז האָט ער לסוף גענומען פאָרלייענען אַ רשימה פון געגנטן, ווירטשאַפטן, וועלכע שטייען אָפּ מיט זייער שטייער־אָפּצאָל, מיט אויספילן זייערע פאַרפליכטונגען לגבי דעם פלייש־צושטעל. דאָס זענען געווען קאָנקרעטע ציפערן — זיי האָבן ווי אַ האָגל געשמיסן די פּנימער פון די פאַרזאַמלטע.

— זיי באַדראָען די ווירטשאַפט, דאָס לאַנד — האָט דער רעדנער פאַרענדיקט מיט אַ דונערנדיקן מעמענטאָ — מיר ווייסן, מיר קענען זיי אַלע !

ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין רעדע, איז קיין דיסקוסיע ניט געווען. קיינער האָט ניט גענומען קיין וואָרט. אַרום פאַרזיצטיש איז פאָרגעקומען אַ קורצער ווערטער־אויסטויש צווישן רעדנער און פאָרזיצער, וועלכער איז שנעל איבערגעגאַנגען צו די זיצנדיקע אַרום. עס זענען אויסגעטיילט געוואָרן גרופּעס, עס זענען פאַרטיילט געוואָרן ליסטעס — קלאָר, מען טרעט גלייך צו צו דער אַרבעט.

כ׳בין צוגעשטאַנען צו אַ גרופּע וועלכע האָט מיר אויסגעזען צו זיין צוזאַמענגעשטעלט פון טיכטיקע פאַרטיי־טוערס. זיי האָבן אַדורכגעקוקט די ליסטע פון די פויערים, וועלכע צאָלן ניט קיין שטייערן און האָבן זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווירטשאַפט פון 15 מאָרג. דאָרט וועט די גרופּע אַריבער־פאָרן, אַ קוק טאָן.

דער אויטאָ פון וואָיעוואָדישן פאַרטיי־קאָמיטעט איז געפאָרן דורכן גלאַטן שאָסיי און, צו מאָל, ווי אויף די כוואַליעס פון ים, דורך אַ צעשניטן פעלד. דער שאָפער, אַן אָרטיקער, האָט געקענט יעדעס ווינקל, יעדע ווירטשאַפט. דער אָרטיקער פאַרטיי־סעקרעטאַר פאָרט מיט אונדז אין אויטאָ. ער רעדט די גאַנצע צייט. צי וויל ער ניט אַז די אַנדערע זאָלן נעמען רעדן און דערציילן דאָס וואָס מען דאַרף ניט. ער דערציילט אַ לאַנגע

געשיכטע וועגן זיין קאַמף אין דער דאָזיקער געגנט בעת די אָקופּאַציע־יאָרן, ווען די אַרומיקע וועלדער זענען פול געווען מיט פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען.

דער וועג, אַ לאַנגער און שווערער דורך שאָסיי און פעלד, איז שנעל פאַרביי. מיר זענען אָנגעקומען. מיר גייען אַרויס פון וואָגן. אַ דינער רעגן בלעקעצט פון אַ גרויען הימל. אַ שאַרף ווינטל טראָגט עס אויף פּנים און פעלד.

אַ רוי קלאַפּן אין טיר וועקט אויף אַ פאַרשלאָפענע פויערטע. מיר גייען אַריין אין דער כאַטע. די כאַטע האָט ניט קיין באַזונדערן רייץ. די ווענט זענען ליידיק. אַ קליין פּייערל באַלייכט יעזוסעס פּנים וואָס פאַרגייט אין ליידן. אין שטוב איז אומעטיק און קיל — ניטאָ קיין פייער אין קיך. ערגעץ ווו אויף איר שטייט אַ פאַרקאָפּטשעט טעפּל. פון די ווינקלען בלאָזט אומעט. דורכן פענצטער קוקט אַריין אַ רוי פעלד, ניט פאַראַקערט, שטיקער ערד באַדעקט מיט ווילדגראָז.

די פּוסטע שטוב שיינט צו זיין אַ דערגאַנצונג צום פאַרלאָזענעם פעלד.

וואָס קומט דאָ פאָר? פון דער פינצטערניש שניידט זיך דורך די גרויעווירקלעכקייט. די פויערטע איז אַליין. ניטאָ מער דער מאַן — אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע. ניט געבליבן קיין קינד, קיין רינד, געבליבן זענען נאָך אים די 15 מאָרג ירושה. דינגען אַרבעטסקראַפט, שאַפן אַרבעטס־מיטלען, זאָמען פאַרן פאַרזיי — ווער וועט העלפן, אויסבאַרגן געלט, אָרגאַ־ניזירן, זאָרגן פאַר אַלץ פון אָנהייב ביזן סוף? פאַר אונדז זיצט אַ צעבראָ־כענע פרוי מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אַ באַזיצערין פון 15 מאָרג ערד, וועלכע גיבן גאָרניט. פאַרפאַכטן די ערד האָט זי מורא — מע וועט עס ביי איר לסוף קאָנפיסקירן, אַוועקנעמען — די ערד וואָס איר מאַן האָט מיט אַזוי פיל מסירת־נפש צוזאַמענגענומען. לויטן געזעץ טאָר מען ביי איר די ערד ניט קאָנפיסקירן — אַזאַ צאָל מאָרגעס איז דערלויבט דורכן געזעץ. איר אייגנטום איז אויך פאַרזיכערט דורך דעם וואָס איר מאַן איז אומגעקומען אין דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אָבער זי האָט ניט קיין צוטרוי. זיצט אַזוי אַן איינזאַמע פויערטע און מאַכט איר לעבנס־סך־הכל. ניטאָ וואָס אָפּצופרעגן פון אירע רייד: איינזאַמקייט, אומבאַהאָלפנקייט, אָרעמקייט,

אין וועלכע עס פלעכטן זיך צונויף די פאַרשידנסטע סאָציאַלע און פּאָלי־טישע עלעמענטן — קריג, עלטער, אַ פאַרענדערטער סביבה. אויף דער טרוקענער, סטאַטיסטישער פּאַרטיי־ליסטע שטייט געשריבן: „אַ פויערשעווירטשאַפט פון 15 מאָרג, צאָלט ניט קיין שטייערן״...

מיר האָבן פאַרלאָזט די דאָזיקע פויערשע ווירטשאַפט מיט שווערע טריט, מיט אַ שווער געמיט.

ס׳איז געווען מיטאָג־שעה. דער פאָרזיצער פון דער גרופּע האָט אונדז איינגעלאַדן אין אַ דערבײַיִקער שענק. מיר האָבן געטרונקען אַ גלעזל בראָנפן, פאַרביסן מיט אַ שטיקל הערינג, אַ הייסע קרויטזופּ. מיר האָבן געגעסן שטיל און פאַרטראַכט.

נאָכן עסן איז נאָך געבליבן גענוג צייט. מיר האָבן ווידער אַ מאָל דורכגעקוקט די ליסטע און דאָס מאָל אויסגעוויילט אַ פויער וועלכער האָט זיך פאַרפליכטעט צוצושטעלן אַ צאָל בהמות־פלייש פאַר דער מלוכה און ער האָט ניט אויסגעפילט זיין התחייבות. ער וויל אַוודאי בעסער פאַרקויפן דאָס פלייש אויפן שוואַרצן מאַרק, ווו די פרייזן זענען גינסטיקע. אַ קולאַק. מיר וועלן אַהינפאָרן אַ קוק טאָן.

מיר פאָרן, מיר קומען צו צו אַ באַשיידענע פויערשער כאַטע. פאַר אונדז שטייט אַן אייגנטימער פון אַ פּאָר קי. די שטאָל איז ריין, גוט דער־האַלטן. דער פויער — ריין געקליידט, קוקט אויף די געקומענע מענטשן מיט אַן אינטעליגענטן בליק, פריי. ער האַלט זיך רויִק, בעט אונדז אַריין אין שטוב. מיר נעמען אַראָפּ ווער דעם זשאַקעט, ווער דעם פּאַלטן, מיר זעצן זיך צו. ער ביט אונדז אָן אַ גלעזל בראָנפן, עס פאַר־בינדט זיך אַ שמועס. אויפן טיש קייקלט זיך גלייך אַרויף די פראַגע: וואָס איז מיט זיין פאַרפליכטונג? פאַר וואָס האָט ער ניט צוגעשטעלט דאָס פלייש וואָס ער האָט צוגעזאָגט?

דער פויער האָט זיך צוגעהערט, אָנגעהויבן מיט איינצלנע ווערטער, דערנאָך געערעדט פּאַמעלעך, פריי, אָן אַן איבעררייס — גאָרניט ווי אַ פויער. ער האָט געערעדט וועגן צושטאַנד אויפן מאַרק, געמאַכט דעם חשבון פון פרייז פאַר פּאַשע, פונעם פרייז פאַר די צוגעשטעלטע בהמות. זיין פאַרפליכ־טונג איז פאַר אים געווען אַ שווערע. יאָ, ער האָט געוואָלט מאַכן אַן

אַנשטרענג, העלפֿן דער מלוכה — ער האָט עס ניט באַוויזן. אין משך פֿונעם שטייערן־יאָר האָט ער אַליין פֿאַרצערט דאָס צוגעזאָגטע. יאָ, ער האָט געוואָלט אַרויסווייזן זיין גוטן בירגערלעכן ווילן. זיינע מעגלעכקייטן ווי אַן איינצלנער, פּריוואַטער פֿויער האָבן ניט געסטייעט ער זאָל קענען פֿאַרווירקלעכן זיין התחייבות. ער זיצט איצט אין מורא, עס דראָט אים אַ שטראָף פֿאַר ניט צושטעלן די צוגעזאָגטע נאָרמע. די פֿויערים אַרום, אַ סך רייכערע פֿון אים, האָבן זיך מתחייב געווען צוצושטעלן אַ לעכערלעכן מיני־מום אָדער כּמעט גאָרניט, לאָכן איצט פֿון אים וואָס ער איז געווען אַזאַ פֿלייסיקער...

ער זיצט איצט פֿאַר אונדז אַ פֿאַרשעמטער און אין האַרץ עקבערט די מורא, צי וועט מען איצט ביי אים ניט אָוועקנעמען עטלעכע בהמות פֿון זיין מאָגערער סטאַדע...

זענען מיר, הייסט עס, ווידער אַריין צו אַ פֿויער, געגלויבט צו אַנטדעקן דאָרט אוצרות, וועלכע ער היט אויס פֿאַר דער סאָציאַליסטישער פֿאָלקס־מאַכט, און ווידער זיך געטראָפֿן מיט אַ שטילער נויט אין קעגנזאַץ צום האָפֿערדיקן בילד פֿון ווילשטאַנד, וואָס מע צייכנט אין הויכע פּאַרטיי־פּענצטער, אויפֿן סמך פֿון סטאַטיסטישע טאַבעלעס, וואָס מע שטעלט צונויף ווייט פֿון דער ווירקלעכקייט...

# פאָרעם און אינהאַלט פון אַ פּאַרטיי־צייטונג

אין אַ לאַנד, ווו אַלץ איז באַלייגט און באַפּאַנצערט מיט פּסוקים פון דער מאַרקסיסטיש־לעניניסטישער תורה, מוז מען שלום מאַכן מיט דער פראַזע פון לעניניסטישן אַרסענאַל: „די פּרעסע איז אַ מיטל אין די הענט פון הערשנדיקן קלאַס" — פאַרשטייט זיך אַז אַזוי האָט לענין פאָרמולירט די בורזשואַזע פּרעסע. איצט האָט זיך די לאַגע געענדערט. די בורזשואַזיע איז ניט מער ביי דער מאַכט, די פּרעסע איז איצט אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט. אַלץ וואָס איז דאָרט געשריבן מוז זיין אין זיין אינטערעס, אין אינטערעס פון זיין פּאַרטיי און רעגירונג. אַלץ וואָס קען שאַדן, זיך שלעכט אויסווירקן אויף דער דאָזיקער מאַכט, טאָר ניט געפינען קיין אָרט אויף די צייטונגס־שפּאַלטן צי אין אַנדערע אויסגאַבעס.

צו דעם צוועק זענען אויסגעשטעלט געוואָרן פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן אין יעדן פאַרלאַג, אין יעדער צייטונג, און דער עיקר — אין דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג. לאָמיר טאַקע צוריקגיין צום פאַראַנט־וואָרטלעכן רעדאַקטאָר פון דער „טריבונאַ לודו", לעאָן קאַסמאַן.

קאַסמאַן איז געווען אַ קלוגער, דערפאַרענער פּאַרטיי־חבר, אַ שטילער, באַשיידענער מענטש, אָרנטלעך ביז נאַיִוקייט. כ'וואָלט געקענט פאַרלענ־גערן די רשימה פון זיינע מעלות, אָבער איינס מוז איך דערביי באַמערקן: קיין זשורנאַליסט איז ער ניט געווען! איבער דער גאַנצער צייט פון מיין אַרבעט אין דער דאָזיקער צייטונג האָב איך קיין איין אַרטיקל פון אים ניט געזען. ער איז ניט אַרויסגעפאָרן אין דער פּראָווינץ, אין וועלכער עס איז פאַבריק, כּדי צו שרייבן וועגן אירע פּראָבלעמען, — שרייבן איז ניט געווען זיין אויפגאַבע, ניט מיט דעם ציל האָט מען אים געשטעלט אין שפּיץ פון דער צייטונג. ער איז געווען פּאָליטיש פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר — קיין אַנדערע אויפגאַבעס האָט ער ניט געהאַט.

יעדער אינדערפרי, אַרום צען אַ זייגער, איז פאָרגעקומען אַ „ליע־

טוטשקע" — אַ רוסישע באַצייכענונג פאַר אַ פליִענדיקער זיצונג, אַרומ־צורעדן די לעצט־דערשינענע צייטונג. געווען מענטשן פון דרויסן, וועלכע האָבן באַקומען גאַנץ פרײַ די צייטונג און געהאַט פאַר אַן אויפגאַבע זי איבערצולייענען שנעל און איבערווייזן דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר זייערע באַמערקונגען. דאָס זענען אַוודאי געווען הויכע שישקעס אין און אַרום דעם צענטראַל־קאָמיטעט. פאַרשטייט זיך, אַז דער הויפּט־רעדאַקטאָר האָט שוין אויף דער „ליעטוטשקע" גוט געקענט דעם אינהאַלט פון דער צייטונג און אויך מיר, די מיטאַרבעטער.

כ'דערמאָן זיך אין איינער אַזאַ „ליעטוטשקע", בעת וועלכער מע האָט באַהאַנדלט אַן אַרטיקל געווידמעט דעם יאָרטאָג פון דער פּאַריזער קאָמונע. אינעם דאָזיקן אַרטיקל איז, ווי ס'געהער צו זיין, געווען אַ ציטאַט פון לענינען — „אומבאַדינגט ציטירן לענינען, סטאַלינען" — האָט מען אונדז אָנגעזאָגט. לעניס אַרטיקל וועגן דער פּאַריזער קאָמונע איז געווען דער פּרווושטיין פאַר יעדער אָפּשאַצונג פון דער דאָזיקער געשעעניש. צו דער צרה אָבער האָט דאָס מאָל אינעם דאָזיקן ציטאַט, כאָטש ריכטיק געגעבן, געפעלט אַ צווישן־צייכן, אַ קאָמאַ, צי אַ פּינטעלע, ווײ, ווײ, וואָס עס האָט זיך דאָרט אויף דער זיצונג אָפּגעטאָן, וואָס מע האָט אַלץ ניט געזאָגט וועגן דאָזיקן פּינטעלע!

דער מחבר פונעם אַרטיקל האָט דורכגעפירט אַ זעלבסטקריטיק — ער האָט ניט ריכטיק ציטירט, דער רעדאַקטאָר — ווייל ער האָט דעם פעלער אַדורכגעלאָזט, דער קאָרעקטאָר — ער האָט דעם פעלער ניט באַמערקט. מיט איין וואָרט: דער מעכטיקער צענטראַל־אָרגאַן פון דער פּאַרטיי האָט זיך אַ טרייסל געטאָן אויף אַ פּינטעלע. אויף דעם פּינטעלע איז מען אָפּגע־זעסן אַ פּאָר שעה.

כ'האָב זיך שטילערהייט געפרייט וואָס מיינע הענט האָבן אין דעם „פאַרברעכן" ניט געשטעקט — אָבער ניט אויף לאַנג.

ווי אַ גוטער ערנסטער פּאַרטייער האָט קאָסמאַן יעדן טאָג דורכשטו־דירט די „פּראַוודאַ". ער האָט אין איר געזען דעם קלאַסישן מוסטער פאַר אַ גוטע פּאַרטיי־צייטונג. צוריקקומענדיק אַ מאָל פון אַ רייזע איבער אַן אינדוסטריעלער געגנט האָט מיך קאָסמאַן אַריינגערופן צו זיך, געהאַט מיט

מיר אַ לאַנגן שמועס. ער האָט געוואָלט הערן פון מיר ווי די אַרבעטער נעמען אויף די „טריבונאַ לודו". ווי געוויינטלעך איז פאַר אים געלעגן די „פּראַוודאַ". ער האָט מיר אַ וויַיז געטאָן אויפן לייטאַרטיקל, וועלכער פאַרנעמט דאָרט אַ געדיכטע קאָלאָנע.

— כ'וואָלט זייער געוואָלט — האָט ער אַ זאָג געטאָן — אַז אויך אונדזער צייטונג זאָל יעדן טאָג האָבן אַ לייטאַרטיקל!

אין מיין נאַיִווער אויפריכטיקייט האָב איך עס אָפּגעפרעגט:

— חבר קאָסמאַן, קיינער לייענט עס ניט! אַ קורצע ידיעה, אַ רעפּאָר־טאַזש, לייענט מען נאָך, אָבער אַ לייטאַרטיקל? — ווער קוקט זיך אום אויף דעם?

דאָס האָט זיך אים שווער געלייגט אויפן שׂכל. ער איז געבליבן שטיל אַ ווײַלע און דערנאָך געמורמלט:

— באמת? — אַזוי גלייבסטו?

דער פּאַרטייִש־איבערגעגעבענער קאָסמאַן איז געווען אָפּגעריסן פון דער ווירקלעכקייט. ער האָט געלעבט פון דער שפּייז וואָס עס האָט אים דערלאַנגט די פּאַרטיי. ער האָט די דאָזיקע שפּייז זאָרגפול ווייטער דער־לאַנגט די מאַסן דורך זיין צייטונג. ער האָט זיי געגעבן דאָס וואָס די פּאַרטיי האָט פאָרגעשריבן, און דאָס — אין אַלע לעבנס־געביטן: טעאַטער, קונסט, וויסנשאַפט — אַלץ צוגעטיילט אין גוט־אָפּגעוווגענע דאָזעס.

קאָסמאַן האָט, ווייזט אויס, געהאַט פון אויבן די אָנווייזונג צו געבן אָפטער לייטאַרטיקלען. אין הסכם מיט דער דאָזיקער אָנווייזונג איז אויך מיר אויסגעפאַלן צו שרייבן אַ לייטאַרטיקל וועגן ווירטשאַפטלעכן פּראָגנט. כ'האָב לאַנג געגרייט, געפּיעשטשעט און געצערטלט מיין אַרטיקל, און ווי ס'פירט זיך, אונטערגעבעט מיט אַ ציטאַט פון סטאַלינען — ווי דען? ווער נאָך ווי ער האָט געוווּסט וואָס ריכטיק איז אין עקאָנאָמיע? כ'האָב דעם ציטאַט געמאָסטן און געוויגן, קאָנטראָלירט יעדעס וואָרט און פּינטעלע, און — וואָס קען נאָך בעסער זיין? — כ'האָב דעם ציטאַט אַרויסגענומען פון אַן אַרטיקל געגעבן אין... „טריבונאַ לודו" דורכן מיניסטער פאַר שווער־אינדוסטריע. ניט געפערלעך — אַ ציטאַט פון סטאַלינען האָט מען געקענט ציטירן ad nauseam.

דער אַרטיקל איז שוין געווען אויסגעזעצט ווען מען האָט מיך גערופן און אָנגעוויזן אַז עפּעס אין ציטאַט שטימט ניט. און טאַקע, ס'האָט ניט געשטימט. אין די „געזאַמלטע ווערק פון סטאַלין" זענען די ווערטער געווען אַנדערש פאָרמולירט: דער ציטאַט אין מיניסטערס אַרטיקל איז גענומען געוואָרן פון אַן אַנדערער איבערזעצונג, און ווי באַקאַנט, צוויי איבערזעצערס האָבן נאָך קיין מאָל ניט איבערגעזעצט די זעלבע זאַך מיט די זעלבע ווערטער...

ווי גוט, וואָס כ'האָב געהאַט פאַר מיין פאַרטיידיקונג דעם טעקסט פון מיניסטערס אַרטיקל. מיר האָבן עס גלייכגעשטעלט — דער מיניסטער און איך, מיין וויניקייט, האָבן ניט געזינדיקט! כ'האָב געקענט אומבאַפּלעקט מיטהעלפן צו רעאַליזירן קאָסמאַנס חלום — ס'זאָלן זיין לייטאַרטיקלען.

געווען זענען אויך ניכטערע רעדאַקטאָרן, צווישן זיי איזאַ ביכאָווסקאַ. מע האָט איר פון צייט צו צייט איבערגעגעבן אַרטיקלען, וועלכע מען האָט ניט געוווסט ווי זיי אָפּצושאַצן, אין וועלכער אָפּטיילונג זיי אַריינגעבן. אויף איין אַרטיקל האָט זי אָנגעשריבן, ווי איר באַמערקונג, די פּויליש̈ע בוכשטאַבן פּ.ק.אי.ען. אין פּויליש זענען עס די ראשי־תּיבות פון אַ בנין אין וואַרשע — דער „פּאַלאַץ פון קולטור און וויסנשאַפט" (פּאַלאַץ קולטורי אי נאַוקי) וועלכן דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט „געשענקט" דעם פּוילישן פאָלק. דאָס איז אַ מיאוסקייט פון אַ בנין, וואָס איז קאָלאָסאַל, באָמבאַסטיש, אָן טעם און חן, און די ראשי־תּיבות פּע.קאַ.אי.ען טייטשט יעדער וואַרשע־ווער אײנוווינער אויס: „פּאָצאָ קאָמו אי נאַ צאָ" (ווער דאַרף עס און צו וואָס) — איזאַ איז געווען באַקאַנט פון איר מוטיקן קאַמף בעת דער דייטשי־שער אָקופּאַציע. זי האָט אויך איצט ניט מורא געהאַט צו זאָגן וואָס זי מיינט. אַליין האָט זי זעלטן ווען געשריבן, האָט זי שוין געשריבן, איז איר אַרטיקל געווען זאַכלעך, שאַרף.

געשריבן אַ סך האָט זיגמונט וויסאָצקי. ער איז געווען אַ יונגער, פעיִקער בחור, אַן אויפגייענדיקער שטערן אין דער ווירטשאַפטלעכער אָפּטיילונג. ער איז געווען שטאַרק פאַרטאָן אין זיין אַרבעט. מיט די אָקסלען האָט ער אונטערגעהאַלטן צוויי טעלעפאָנען, צוגעשטעלטע צו זיינע אויערן און געשריבן. יעדע מינוט האָט ער גענדאַרפט באַקומען אַן אויפקלערונג, אַ

דערגאַנצונג, אַ וואָרט פון אַ פאַבריק, פון אַן אַנשטאַלט. מע האָט פאַר אים געציטערט ער זאָל ניט שרייבן אַ שלעכט וואָרט.

דער מעכטיקער זיגמונט איז אָבער געווען זייער אָרעם. קיין פאַרטיי־חבר איז ער ניט געווען. ער האָט ניט געוווּסט אַז זשורנאַליסטישע פעיִקייטן זענען ניט אַלץ, זיי שיצן ניט פאַר ווינטן פון דרויסן, זיי שיצן ניט פאַרן אויג און אויער פונעם „גרויסן ברודער", וועלכער קוקט און הערט אַלץ.

אין אַ שיינעם טאָג איז זיגמונט „אַרויסגעפלויגן" פון דער אַרבעט מיט אַ שנעלקייט אַז ער האָט זיך ניט באַוויזן אומצוקוקן. ער האָט וועמען דערציילט אַ שטאַרק געפעפערטן אַנטי־סאָוויעטישן וויץ.

כ'האָב אים דערנאָך געטראָפן ווי אַן אָפּגעשלאָגענעם, אַנאָנימען זשור־נאַליסט אין דער עקאָנאָמישער אָפּטיילונג פון דער פוילישער פרעסע־אַגענץ. ער האָט אַוודאי געוווּסט ווי עס אָפּצושאַצן. אין סאָוועטן־פאַרבאַנד וואָלט ער נאָך אַזאַ פאַל אַ סך ווייטער פאַרפלויגן — אויפן צפון!

דערפאַר האָט געניאַ זיך אַרומגעטראָגן, ווי איר עלטערער חבר, קאָסמאַן, מיט אַ „דערהויבענעם חלום".

— מיר דאַרפן אַ „פּאָדיאָם" — האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן, גייענדיק אַ מאָל מיט מיר דורכן קאָרידאָר, עאוגעניאַ לאָזשינסקאַ — געניאַ, ווי מיר האָבן זי גערופן.

כ'האָב אין יענעם מאָמענט ניט געוווּסט וואָס איז דאָס אַזעלכעס אַ „פּאָדיאָם". אַ שכנותדיק וואָרט אין דער פוילישער שפּראַך באַטייט: אונטערנעמען, נו, מסתמא אַ וואָרט וואָס איז פאַרשלעפּט געוואָרן פון רוסישן פאַרטיי־זשאַרגאָן. אַנדערש געזאָגט, הייסט עס: מאַכן אַ טראַסק, עפּעס גרויס. געניאַ האָט געחלומט פון פאַרטייִישער גבורה און איז אַרומגע־גאַנגען מיט דעם געדאַנק ווי אין אַ היפּנערפלעט.

געניאַ האָב איך געקענט נאָך פון פאַריז, פון דער דאָרטיקער פוילישער צייטונג „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ". געניאַ איז דאָרט ניט פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר דער אָדער יענער אָפּטיילונג פון דער צייטונג. ניין, אין פאַריז איז די גאַנצע פאַרטייִישע כשרות, אפשר די גאַנצע פוילישע מלוכה־אָריענטאַציע, ווי איינגעשטאַנען אין איר האַנט. די פוילישע דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער־שאַפט, די אַמבאַסאַדע האָט געשיינט צו זיין צו איר באַפעל. אין דער

רעדאַקציע האָט זי געשוועבט צווישן הימל און ערד, געאָטעמט מיט פּאַרטייִשער הייליקייט.

ווען זי איז אין די יאָרן 1948—1949 צוריקגעקומען קיין פּוילן, האָט זי דאָרט זיכער, געטראָפן ניט ווייניק אַזעלכע וויכטיקע טוערס ווי זי, מיט וועלכע זי האָט זיך געמוזט פּאַרמעסטן. זי איז לסוף צוגעטיילט געוואָרן צום צענטראַלן פּאַרטיי־אָרגאַן, ווו זי איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן ווי דער פּאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פון דער פּאַרטיי־אָפּטיילונג.

צי זי איז צופרידן געווען מיט איר איצט אָרומגעשניטענער פּאָליטי־שער אויפגאַבע — ווייס איך ניט. זי האָט ווייטער געטאָן איר אַרבעט מיטן געוויינטלעכן ברען, מיט פאַרגלאָצטע אויגן.

אין איר אָפּטיילונג זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַרטיקלען, קאָרעס־פּאָנדענצן וועגן דער פּאַרטיי־טעטיקייט אין די פאַרשידענע וואָיעוואָד־שאַפטן, אין שטאָט און דאָרף. עס איז דאָרט גלאָריפיצירט געוואָרן די פּאַרטיי־פירונג, וואָס איז שטענדיק געווען קלוג און גוט, מיטן חבר סטאַלין אין שפּיץ. זי האָט געהיט דאָס פּאַרטיי־פייער. זי האָט אויף דעם געבלאָזן, כדי צו שטאַרקן דעם פלאַם, הייבן דעם שווונג, שאַפן דעם „פּאַדיאָם״, וועגן וועלכן זי האָט אַזוי געחלומט. זי האָט געטריי געפּאָלגט די הויכע פּאַרטיי־קרייזן, וועלכע זענען געווען צו קאַלטע, עס זאָל פון זיי אויפגיין אַ פלאַם פון באַגייסטערונג.

און געניאַ האָט געהויכט און געבלאָזן אויפן פּאַרטיי־פייער — זיך ביי דעם געוואַרעמט. מיט דער צייט האָב איך זי פאַרלוירן פון די אויגן.

נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה זענען אַ סך פון אירע רעדאַקציע־חברים אַוועק קיין פראַנקרייך, שוועדן, דענעמאַרק, ישׂראל. זיי האָבן ניט געקענט בלייבן אין פּוילן. זיי זענען פאַרשטויסן געוואָרן אין דער פרעמד. פאַרן פאַרלאָזן דאָס לאַנד זענען זיי דורך זייער סאָציאַליסטיש פּאָטערלאַנד, פּוילן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פרעמדע — מע האָט פון זיי אַוועקגענומען, באַהאַלטענערהייט אַז קיינער זאָל ניט זען, זייער פּוילישע בירגערשאַפט, און דערמיט אויך דאָס רעכט אויף פּענסיע — נאָך אַלע יאָרן פון אַרבעט און קאַמף. געניאַ האָט געשטוינט, ניט געקענט גלייבן: אין דער פּוילישער

סאָציאַליסטישער קאָנסטיטוציע איז דאָך דאָס אַלץ פֿאַרזיכערט! — אָבער געניאַ איז געבליבן אין פּוילן.

זיצט זי נאָך אַלץ דאָרט און חלומט וועגן אַ „פּאָדיאָם״ פֿון דער פּאַרטיי פֿאַר אַרבעט און רעכט? ווי ס'האָבן מיר איבערגעגעבן חברים, לעצטנס געקומענע פֿון פּוילן, האָט זיך געניאַ ווייטער פֿעסט געהאַלטן ביי אירע באָלשעוויסטישע פּרינציפּן — לאַנג זיך געהאַלטן — ביז 1986, און זי האָט זיך אַרויסגעוואָרפֿן פֿון פֿענצטער.

# בליצן דורך אַ גרויען הימל

גרוי און מאָנאָטאָן פליסט דאָס לעבן אין דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג. די אַנדערע צייטונגען — און עס זענען פאַראַן ניט ווייניק — זענען בלויז אַ בלאַסער אָפּשיין פון איר. ניט פאַראַן, ווי אין די פרייע לענדער, אַ דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג, וואָס זאָל אַרויפצווינגען אָן ענדערונג. אין די פרייע לענדער, ווען די צייטונג געפעלט ניט דעם לייענער, ווערט זי ווייניקער געלעזן, ווייניקער געקויפט, און אירע רעדאַקטאָרן מוזן טראַכטן וועגן ענדערן, פאַרבעסערן. עס קומט אויף די געפאַר אַז דער לעזער וועט פון איר אַוועק צו אַן אַנדערער צייטונג. און אַ צייטונג איז ווי אַ ציגאַרעט — האָט מען זיך צוגעוווינט צו איר, איז זיך שווער אָפּצוגעוווינען.

די פּרעסע אין די אַזוי גערופענע סאָציאַליסטישע לענדער פירט זיך לויט גאַנץ אַנדערע פּרינציפּן און מעגלעכקייטן. די צענטראַלע פּאַרטיי־צייטונג איז אַ מוז — מע וועט זי תּמיד קויפן, אָדער באַקומען צוגעטיילט. צי זי ברענגט פּראָפיט, צי ניט — גייט קיינעם ניט אָן, און זיכער ניט די וועלכע גיבן זי אַרויס. זי וועט אַרויסגיין צי מען וויל צי מען וויל ניט. מע וועט זי שוין קויפן, אָפּנעמען. זי נייטיקט זיך ניט אין רעקלאַמע, נאָך ווייניקער ווי די אַרטיקלען פון טעגלעכן געברויך. מיט די אַרטיקלען פון טעגלעכן געברויך איז בכלל ניט פאַראַן קיין דאגות — זאָל נאָר זיין, וועט מען שוין קויפן! די וווּרשטפאַבריק דאַרף זיך רעקלאַמירן? זאָל זי נאָר צושטעלן ווורשט אויפן מאַרק — מע וועט עס אויסכאַפּן אָן רעקלאַמע! און טיי, און קאַווע, און שיך, און... און... און... צו וואָס רעקלאַמעס?

לאַנגע יאָרן סאָציאַליסטישע, אָדער רוף עס פאַלקסמאַכט, האָבן דער־צויגן בירגער מיט גאַנץ אַנדערע באַגריפן. מע לאַכט דאָרט אָפּ וואָס אין די מערב־לענדער איז די פּרעסע, טעלעוויזיע, ראַדיאָ פול מיט רעקלאַמע,

כדי איבערצוצייגן מענטשן זיי זאָלן קויפן. אין די סאָציאַליסטישע לענדער איז עס פאַרקערט. דער קויפער דאַרף איבערצייגן די פאַרקויפערס זיי זאָלן צושטעלן די סחורה. מע לאָזט איבער אַ כאַבאַר דער פאַרקויפערין מיט דער אונטערטעניקער ביטע אַז אויב ס׳וועלן נאָר קומען, לאָמיר זאָגן, וואַשמאַשינען, זאָל זי אַזוי גוט זיין און אָנקלינגען אויף דעם און דעם נומער... און קודם־כל: צו וואָס רעקלאַמע? — עס זענען דען פאַראַן אַנדערע פירמעס? עס איז דען פאַראַן סחורה וואָס וואַרט? פאַרקערט, אויף יעדער ערנסטער זאַך: אַן אויטאָ, אַ דירה, דאַרף מען זיך אינטערעסירן, נאָכלויפן, פאַרשרייבן און וואַרטן, וואַרטן לאַנגע חדשים און אַפילו יאָרן...

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ מעשׂה, ניט קיין וויץ, וואָס עס האָט מיר דערציילט אַ חבר, וועלכער האָט געוווינט אויף די אַזוי גערופענע קרעסן, דער מיזרח־טייל פון צווישן־מלחמהדיקן פוילן. ווען די סאָוויעטן זענען, אין הסכם מיטן דייטש־סאָוויעטישן אָפּמאַך פון 1939, אַריין אין די דאָזיקע געביטן צו „באַפרייען" די מערב־אוקראַיִנישע און ווייסרוסישע „ברידער", האָבן זיי זיך גענומען דורכפירן אַ רעגיסטראַציע פון די אָרטיקע פאַרטיי־מיטגלידער, וועלכע זענען דאָרט, ביז איצט, געווען טעטיק אומלעגאַלערהייט. זענען געקומען די דאָזיקע חברים זיך רעגיסטרירן. דער סאָוויעטישער רעגיסטרירער האָט פּינקטלעך אויסגעפרעגט דעם נאָמען, משפחה־נאָמען, ווי לאַנג אין דער פּאַרטיי, באַשעפטיקונג אאַז״וו. אויף דער פראַגע: באַשעפטיקונג, האָט איינער אָנגעגעבן: אַ סוחר. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ טומל. דער רעגיסטרירער האָט זיך פאַרלוירן.

— אַ סוחר אַ פּאַרטיי־מיטגליד?

— יאָ — האָט דער דאָזיקער אמתער, כּשרער פּאַרטיי־חבר גענומען אויפקלערן — כ׳האָב געהאַט אַ געשעפט מיט קליידער — אָנצוגער, מאַרינאַרקעס, הויזן. איז געקומען דער קריזיס און גורם געווען אַ פאַראַרעמונג, קיינער האָט ניט געקויפט... דער חבר האָט נאָך געוואָלט אויפקלערן וועגן דער פּויפּעריזאַציע און ראַדיקאַליזאַציע, וואָס דאָס קלייןבירגערטום האָט דורכגעמאַכט, דערציילן וועגן זיין וועג צו דער פּאַרטיי, אָבער דער רעגיסטרירער האָט אַן אויפגעבראַכטער אים איבערגעריסן:

— וואָס ? געווען מאַרינאַרקעס, הויזן, און קיינער האָט ניט געקויפט ! וואָס ? וריאָש ! (דו זאָגסט ליגן) — האָט ער אַ געשריי געטאָן און געפסלט זיין גאַנצע דעקלאַראַציע.

אָבער מיטן גאַנצן חוזק צו רעקלאַמע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווייזט אויס, אַז ס׳איז עפּעס ניט היימלעך אָן איר, ס׳פעלט עפּעס. זעט מען טאַקע דאָ און דאָרט אָן אָנגעמאַלעוועטע רעקלאַמע אויף אַ גאַנצער וואַנט וועגן אַ פּולפּעדער, אַ סטילאָ, וועלכע גייט קיינעם ניט אָן. די רעקלאַמע האָט אויך ניט קיין פּרעטענסיעס צו ווענדן זיך צו אַפּעלירן. פּשוט, געווען אַ פרייע וואַנט, אָן אַ באַלקאָן, אָן אַ פענצטער — האָט מען זי פאַרמאַלעוועט, פאַרפּוצט — אַ געמאַלעוועטע וואַנט אָדער פאַרקאָן איז תּמיד שענער ווי אַ פּוסטע אָרעמע וואַנט. קען מען אַ מאָל זען אַ רעקלאַמע וועגן אַריינלייגן געלט אין דער שפּאָרקאַסע — הערסט אַ מעשׂה ? ווער האָט אָפּגעשפּאָרט געלט ? און אַז ער האָט, וועט ער עס אָפּגעבן אין באַנק, אין דער שפּאָר־קאַסע ?

דער קויפער האָט קוים געלט פאַר זיין טעגלעכן געברויך, סחורה איז ניט פאַראַן אַזוי פיל אַז מען זאָל זי דאַרפן רעקלאַמירן, און אין דער סאָציאַליסטישער ווירטשאַפט גייט קיינעם ניט אָן, ניט דעם פּראָדוצענט, ניט דעם פאַרקויפער, צי ער פאַרקויפט יאָ צי ניט — ס׳איז דען זיינס ? — שאָקלען זיי זיך אָפּ פונעם גאַנצן ענין.

רעקלאַמעס מע זאָל קויפן די פּאַרטיי־צייטונג וועסטו ניט זען — עס לייגט זיך אַפילו ניט אויפן שׂכל. יאָ, טרעפסט אַ מאָל אַ רוף אין דער צייטונג זי צו אַבאָנירן, אָבער דאָס איז בלויז כּדי אויסצופילן אַ פריי געבליבן אָרט צווישן די שפּאַלטן פון דער צייטונג, אָבער ווער דאַרף עס ? ס׳וועט סיי ווי העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס...

ביי דעם אַלעם, מיט דער גאַנצער גרויקייט אירער, לאָמיך זיין ערלעך צו דער „טריבונאַ לודו״ — ווען כ׳בין געווען אין מאָסקווע, האָב איך אין צייטונג־קיאָסק פון מיין האָטעל, „מעטראָפּאָל״, גאַנץ פרי, געזוכט די דאָזיקע צייטונג. כ׳האָב זי ניט געפונען, זי ווערט דאָרט פּשוט אויסגעכאַפּט... די גרויקייט און מאָנאָטאָנקייט פון „פּראַוודאַ״ און „איזוועסטיאַ״ איז שווער איבערצושטייגן.

פליסט אַזוי די גרויקייט און מאָנאָטאָנקייט פון דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג אין פוילן אומגעשטערט, אָן אַן ענדערונג. אָבער עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע צייטונגען, און ניט ווייניק, אמת, מיט קלענערע מעגלעכקייטן, אָבער זיי זענען פאַראַן — זיי מוזן זיין! עס זענען קודם־כל פאַראַנען 17 וואָיעוואָדשאַפטן און 5 הויפּטשטעט מיט איבער פיר הונדערט טויזנט איינוווינער, און יעדערע האָט איר פּאַרטיי־אַפּאַראַט און איר צייטונג, וועלכע דערשיינט אין דער הויפּטשטאָט פון דער וואָיעוואָדשאַפט. אַזאַ צייטונג צייכנט זיך ניט אויס מיט קיין באַזונדערער פאַרביקייט, זי אַנטהאַלט על פּי רוב איבערגעדרוקטע אַרטיקלען, רעדעס פון צענטראַלע, אָרטיקע פּאַרטיי־טוערס, מעלדונגען פון פאַבריקן און אינסטיטוציעס, לאָקאַלע מעלדונגען — ניט קיין אויסערגעוויינטלעכע זאַכן! אַנדערע צייטונגען ווי פּאַרטיייִשע — זענען ניט פאַראַן. ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ פּראָווינץ־צייטונג פון אַ באַזונדערער פּאַרטיי, וועלכע האָט איר פעסטונג אין ערגעץ אַ פּראָווינץ־שטאָט, ווי עס געשעט לאָמיר זאָגן אין פראַנקרייך, בעלגיע א״אַ, זי זאָל נעמען שטעלונג צו אינטערנאַציאָנאַלע פראַגן, צי אַפילו צו לאַנדפראַגן. אין דער צייטונגסוועלט אין פוילן שפּילן די פּאַרטיייִשע פּראָווינץ־צייטונגען קיין שום ראָלע ניט, כאָטש געוויסע ווערן אַ באַסטיאָן פון אַ מער אַגרע־סיווערן, פעיִקן אַפּאַראַטשיק, וועלכער לאָזט זיך דורך איר הערן בקולי־קולות און רוקט זיך פון דאָרט אַרויס אויף אַ צענטראַלן פּאָסטן אין פּאַרטיי־אַפּאַראַט.

יאָ, עס איז אויך פאַראַן אַ נעץ פון פאַבריקבלעטלעך, וועלכע פּרעטענ־דירן צו שפּילן אַ ראָלע אין לעבן פון דער פאַבריק. זיי אינטערעסירן ניט קיינעם. מיט זשורנאַליסטיק האָבן זיי בכלל ניט קיין שייכות.

אָבער עס זענען נאָך פאַראַן אין דער הויפּטשטאָט אַ פּאָר גרעסערע טאָגצייטונגען — צייטונגען וועלכע דאַרפן זיין, ווי דער „גלאָס פּראַצי״ — דער צענטראַל־אָרגאַן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען — ווי זייער פּראָטאָטיפּ — דער „טרוד״ אין מאָסקווע, דער אָרגאַן פון דער אַרמיי „זשאָלניעזש וואָלנאָשטשי״ — ווי די „קראַסנאַיאַ זוועזדאַ״ אין מאָסקווע, ווי דער צענטראַל־אָרגאַן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי — ווער ווייסט פון אַזעלכעס? — דער „דזיענניק דעמאָקראַטיטשני״ נו, עס מוז דאָך זיין —

ווען נישט, וועט מען נאָך, חלילה, זאָגן אַז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי לאָזט קיינעם ניט צו. און עס איז פאַראַן די אָוונט־צייטונג — דער „קוריער וויעטשאָרני״, וועלכע האָט כּמעט ניט קיין אַרטיקלען — בלויז קעפּלעך, אונטערגעבעט מיט קורצע נאָטיצן, בילדער, אַ סענסאַציע פון טאָג, מעל־דונגען, און אַנאָנסן פון אַרבעט־זוכנדיקע. פאַראַן אַ טעגלעכע צייטונג „זשיציע וואַרשאַווי״ — די צייטונג פון געוויינטלעכן בירגער. די דאָזיקע צייטונג האָט ניט קיין קאָרעספּאָנדענטן אין אויסלאַנד, אָבער אַ גוט אויס־געבויטן שטאַב פון מיטאַרבעטער אין די פאַרשידנסטע געביטן — וויסנשאַפט, טעאַטער, מוזיק, קונסט אאַז״וו. די לעצטע צוויי זענען די צום מיינסט פאַרשפּרייטע אין פּוילן.

ווי מאַנאָטאָן און איינהייטלעך די פּרעסע זאָל ניט זיין, איז איר פאַרנעם — אַגענטורן, אינסטיטוטן — אַ גאָר רייכער. פאַראַן וואָכן־צייטונ־גען, חודש־זשורנאַלן, ביולעטינען וועלכע דעקן כּמעט אַלע געביטן פון לעבן: פּרויען־צייטונגען, ספּאָרט, טוריסטיק, יוסטיץ, ליטעראַטור, טעאַטער, פילאָסאָפיע, רעליגיע, — אַלץ! און זיי אַרבעטן רעגולער, אָן אויפּטרייס־לונגען, שווימענדיק איבער די שטייענדיקע וואַסערן פון פּאָלקס־פּוילנס אָרעמער ווירקלעכקייט — און האָסטו דערלערנט דאָס ווען פון דער צענטראַלער פּאַרטיי־צייטונג — האָסטו זיי אַלע דערלערנט.

זעלטן, זעלטן הערט זיך אַ גרילץ — אַ זשורנאַליסט, אַ קאָרעספּאָנדענט רייסט זיך אַרויס מיט אַ וואָרט, וואָס פּאַסט ניט אַריין אין אָפיציעלן נוסח, ווי ס׳איז געשען מיט מיין חבר טאַדעק. געשיקט דורכן ראַדיאָ, האָט ער ראַפּאָרטירט „לעבעדיקערהייט״ ערגעץ אויף דער גרענעץ צווישן מיזרח־און מערב־בערלין. אַ וואָרט פון אים איז דורך דער מערב־דייטשישער פּרעסע אויסגעטייטשט געוואָרן ווי אַן ענדערונג אין פּוילנס צוגאַנג צו דער דייט־שער גרענעץ־פראַגע. צי האָט מען עס טאַקע אַזוי געקענט טייטשן? — דאָס איז ניט וויכטיק. מיין חבר האָט מען גלייך צוריקגערופן און ער איז מער ניט געשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד. ער איז תּיכּף פאַרהאַנגען געוואָרן פון זיין אַרבעט, אָבער, שאַ, שטיל, מע האָט אים ווייטער געצאָלט זיין געהאַלט, — גאָרניט קיין שלעכטן געהאַלט — אָבער קיין וואָרט פון אים האָט שוין ניט געזען די ליכטיקע שיין.

פֿריי איז דער זשורנאַליסט אין פּוילן צו ראַפּאָרטירן, און צו שרייַ־בן — וואָס די פּאַרטיי וויל...

כ׳האָב אַ לענגערע צייט ניט באַמערקט קיין אַרטיקל פֿון זאָפֿיאַ אַרטימאָוויסקאַ אויף די שפּאַלטן פֿון דער „טריבונאַ לודו“. כ׳האָב גענומען נאָכפֿאָרשן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט אין אירס אַן אַרטיקל זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָס האָט זיך ניט אַריינגעפּאַסט אין דער פּאַרטיי־ליניע. זי איז געווען איינע פֿון די פֿעיִקסטע זשורנאַליסטינס — אָבער ניט וויכטיק, ניט דאָס רעכנט זיך. זי איז באַזייטיקט געוואָרן פֿון דער „טריבונאַ לודו“, איבערגעפֿירט געוואָרן אין אַ נייעס־אַגענטור. זי האָט דאָרט אוודאי קאָרעגירט, רעדאַגירט און האָט דאָ און דאָרט אַפֿילו אָנגעשריבן אַן אַנאָנים אַרטיקל — און ווייטער באַקומען איר הויכן געהאַלט. איר נאָמען האָב איך אין דער פּרעסע מער ניט געזען.

עס קומט אָבער פֿאָר אַ שטילער, פּערמאַנענטער קאַמף. דאָס מענטשלעכע געוויסן, דער פֿרייער ווילן, די אייגענע מיינונג ברעכט זיך פֿון צייט צו צייט דורך. עמעצער פֿאַרלירט זיין פּאָסטן, פֿאַלט אַראָפּ נידעריק, נידעריקער, אָבער, שאַ־שטיל, די שפּיל גייט ווייטער.

בלויז אין מאָמענטן פֿון אויפֿברויז ווערן די קייטן צעריסן, די צוימען אָפּגעשוועקט און דאָס וואָרט פֿליסט פֿריי, אומבאַגרענעצט. אַזוי איז געשען אין די אָקטאָבער־טעג פֿון 1956, ווען דער סטאַליניסטישער יאָך אויפֿן פּוילישן רוקן איז לויזער געוואָרן. דעמאָלט זענען דערשינען צייטונגען, אַרטיקלען, געווען פֿאַרזאַמלונגען, מיטינגען, דיסקוסיעס — און געווען וואָס צו לייענען, וואָס צו הערן. אַ פֿרייער גייסט האָט געשוועבט איבערן לאַנד, ניט דער גייסט פֿון קאָמוניזם, וועגן וועלכן עס רעדן מאַרקס און ענגעלס אין זייער „מאַניפֿעסט“.

אַזוי איז אויך געשען שפּעטער אין די הויכטעג פֿון דער „סאָלידאַריטעט“־באַוועגונג — עס האָט געלויכטן מיט גאווה און פֿרייד אויף יעדן פּנים.

ביז — ביז די נייע כוואַליע איז ביסלעכווייז געצוימט געוואָרן דורכן „גרויסן ברודער“, דורך זיינע מיטהעלפֿער, מיט אַרגומענטן וועגן פּאָליטיש־געאָגראַפֿישע באַדינגונגען — און אַלץ האָט זיך איינגעשטעלט צוריק

צום פריִערדיקן. די פרייע צייטונגען זענען פאַרשוווּנדן, פאַרזאַמלונגען האָבן אויפגעהערט. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָט מען צוריק אַרויפגעלייגט דעם פאַרענגטן יאָך...

די צייטונגען זענען צוריק געוואָרן ווי זייער פּאַפּיר — גרוי, מאַט, נודנע. ניין, ס׳איז ניט קיין באַזונדער פאַרגעניגן דאָרט צו אַרבעטן.

נאָך אַ יאָר אַרבעטן אין דער „טריבונאַ לודו״, האָט מיר צוגעשפּילט דאָס מזל: כ׳בין אַריבערגעשיקט געוואָרן אַרבעטן אין ראַדיאָ, אין דער אָפּטיילונג פון די אוידיציעס פאַר אויסלאַנד. דאָס איז ווידער געווען אַ באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי.

— שרייבן אויף פּויליש — האָט מען מיר אויפגעקלערט — קענען אויך אַנדערע זשורנאַליסטן. דו וועסט אונדז בעסער צו נוץ קומען אין דער אָפּטיילונג פון פרעמדשפּראַכיקע אוידיציעס פון פּוילישן ראַדיאָ.

כ׳האָב ניט געהאַט קיין סיבה זיך קעגנצושטעלן, כ׳האָב דעם פאָרשלאָג אַפילו גערן אָנגענומען. כ׳בין דאָך געקומען העלפן בויען דעם סאָציאַליזם — כ׳בין אַוועק צו מיין נייער באַשטימונג.

## צוטרוי — אָבער...

מיין באַגלייטבריוו האָט מיך געפירט גלייך אין קאַבינעט פון עדוואַרד אוזדאַנסקי, דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר די פּרעמדשפּראַכיקע אוידיציעס פון פּוילישן ראַדיאָ פאַר אויסלאַנד. ער איז געזעסן ביים טיש, באַלייגט מיט צייטונגען, זשורנאַלן, דאָקומענטן און, אומבאַדינגט, מיט פיר טעלע־פאָנען, אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין זיין אַרבעט, צוגעדעקט מיט דער וויכטיקייט און קדושה פון זיין אויפגאַבע. ווי אַן אַלטער חבר, נאָך פון די ערשטע יאָרן פון דער אַנטשטייונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פּוילן, גלייך נאָכן סוף פון ערשטן וועלטקריג, איז ער איצט אַוועקגע־שטעלט געוואָרן אין שפּיץ פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע. צו אים האָט עס מיך רעקאָמענדירט לעאָן קאָסמאַן, זיין פּאַרטיי־חבר פון יענע יאָרן. קאָסמאַן האָט אים שוין, אַוודאי, טעלעפאָניש איבערגעגעבן אַלע פּרטים וועגן מיר, אַזוי אַז קיין לענגערער שמועס איז ניט נייטיק געווען. אַ האַנטדרוק, אַ פּאָר פאָרמעלע ווערטער — און אוזדאַנסקי האָט מיר גלייך אַ זאָג געטאָן:

— וועסט אונדז דאָ זייער צו נוץ קומען. וועסט גיין אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע און איבערנעמען די אויפזיכט איבער דער שפּאַנישער רעדאַקציע — וועגן איר ווייסן מיר גאָרניט.

כ׳וועל אַלזאָ אַרבעטן אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע. וואָס דאָס איז אַזעלכעס, האָב איך נאָך קיין מאָל ניט געהערט. וועגן פּוילישן נאַציאָנאַלן ראַדיאָ ווייסט מען אַלץ, מע ווייסט ווער ס׳איז דער דירעקטאָר, ווער ס׳איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר יעדער אָפּטיילונג, מע ווייסט ווי ס׳הייסן די זשורנאַליסטן — אַלץ איז אָנגעגעבן אין די אוידיציעס. אַנדערש איז מיט דער פּרעמדשפּראַכיקער אָפּטיילונג. דער פּשוטער בירגער ווייסט ניט פון אַזאַ אָפּטיילונג. אַלץ איז אומבאַקאַנט. מע ווייסט ניט ווער ס׳איז

דער דירעקטאָר, ווער ס׳איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ רעדאַקציע — מען ווייסט ניט די נעמען פון די זשורנאַליסטן, שוין אָפּגערעדט פון די טעכנישע אַרבעטער: זיי ווערן קיין מאָל ניט אָנגעגעבן, אַפילו ניט דורך אַ פּסעוודאָ־נים!

איז וואָס פאַר אַ ווונדער וואָס כ׳האָב ביז איצט ניט געהערט דעם נאָמען אוזדאַנסקי?

אַרויס פון זיין קאַבינעט, אינפאָרמירט וועגן מיין קומענדיקער אַרבעט, האָב איך זיך געלאָזט אויף אַ שפּאַציר איבער די קולוואַרן, איבער די פאַרשידענע רעדאַקציעס. כ׳בין גלייך אַריין אין אַ באַקאַנטער אַטמאָס־פער — זשורנאַליסטן, און ניט ווייניק פון זיי, אייגענע חברים, וועלכע כ׳האָב געהאַט פאַרלוירן פון אויג, — מע טאָר דאָך ניט פרעגן! — האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט, מיר גלייך אונטערגעטראָגן ווער, וואָס, ווי אַזוי. די קאָנטורן פונעם דאָזיקן קעניגרייך האָבן זיך גענומען צייכענען פאַר מיר.

ווער ס׳איז אוזדאַנסקי — ווייס איך שוין. וואָס איז דאָס די קאָנטראָל־רעדאַקציע, אין וועלכער כ׳וועל דאַרפן אַרבעטן? מוז איך אָנהייבן דאָס קאַפּיטל „פּוילישער ראַדיאָ, אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד" און אין אַ פּאָר שטריכן אָנגעבן זיין געבוי.

דער פּוילישער ראַדיאָ שיקט אַרויס זיינע אוידיציעס, אין פּויליש פאַרשטייט זיך, פאַר פּוילן. ער האָט אויך אַן אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד. די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט אַרומגענומען (צו מיין צייט) 14 רעדאַקציעס, וועלכע האָבן רעדאַגירט, געשיקט זייערע אוידיציעס אין זייער שפּראַך: אַ פראַנצייזישע, אַן אַמעריקאַנער, ענגלישע, דייטשישע, איטאַליענישע, שפּאַ־נישע, שוועדישע, פינישע, גריכישע, סלאָווענישע, סערבישע, רוסישע, יידישע, און אַפילו אַ פּוילישע — פאַר פּאָליאַקן אין אויסלאַנד. 14 אוידי־ציעס, וועלכע ווערן געשיקט קיין אויסלאַנד! — דאָס קאָסט אַ מאַסע געלט. ווער צאָלט דערפאַר? צי וואָס דאַרף פּוילן אוידיציעס אין אַזוי פיל שפּראַכן קיין אויסלאַנד? בלויז אויף לאָזן הערן איר קול וואָלטן דען ניט גענוג געווען אַ דריי־פיר שפּראַכן? כ׳האָב זיך מיט דער פראַגע ניט באַשעפטיקט, ניט געפאָרשט. איז עס אַזאַ מין „פריי־אייראָפּע" פונעם סאָוועטן־פאַר־

באַנד, דאָס מאָל אויף די פּלייצעס פון פּוילן און אַנדערע לענדער פון מיזרח־בלאָק ? — כ׳וועל לאָזן די פראַגע פאַר אַנדערע. דער עיקר : אין פּוילישן ראַדיאָ, אין דער אָפּטיילונג פאַרן אויסלאַנד, זענען פאַראַן 14 רעדאַקציעס, וועלכע גרייטן צו זייערע אוידיציעס אין פרעמדע שפּראַכן, כּדי געשיקט צו ווערן אויף די כוואַליעס פון עטער, קיין אויסלאַנד. צו קאָנטראָלירן די דאָזיקע אוידיציעס איז פאַראַן אַ קאָנטראָל־רעדאַקציע. אין דער דאָזיקער רעדאַקציע וועל איך עס אַרבעטן — קאָנטראָלירן די שפּאַנישע רעדאַקציע.

לאָמיר זשע צוגיין נענטער, אַ קוק טאָן אויף דער קאָנטראָל־רעדאַקציע. זי האָט געהאַט איר זיצאָרט אין אַ גרעסערער ווילע, צי גאָר אַ פּאַלאַץ פון איינעם פון פּוילנס געוועזענע זייער רייכע אויף דער שענסטער וואַרשעווער אַלעע — די אויאַזדאָווער. די רעדאַקציעס אַליין זענען געווען ווייט פון דאָרט, אויף אַן אַנדערער גאַס. דאָ איז געווען בלויז די קאָנטראָל־רעדאַקציע און די אַרויסשיק־סטאַציע. דער בנין איז געווען גרויס. אין אונטערשטן שטאָק איז אַפילו געווען אַ בופעט און אַן עסזאַל. אונדזער רעדאַקציע איז געווען צעשפּרייט איבער אַ פּרעכטיקן סאַלאָן. יעדער האָט געהאַט זיין טיש, זיין טעלעפאָן און געקענט אַרבעטן באַקוועם, אומגע־שטערט.

קאָנטראָל־רעדאַקציע הייסט קאָנטראָלירן. שוין דער נאָמען רופט אַרויס ניט קיין אָנגענעמע אַסאָציאַציעס : קאָנטראָלירן, פאָרשן, געהיימע דינסט — ניין. גאָרניט פון דעם אַלעם. אין וואָס זשע איז באַשטאַנען די קאָנקרעטע אַרבעט דאָרט ?

די אוידיציעס זענען צוגעגרייט געוואָרן אין די באַזונדערע רעדאַקציעס, אין זייער שפּראַך, און איבערגעגעבן דעם געהעריקן קאָנטראָלירנדיקן רעדאַקטאָר, צום שפּעטסטנס, צוויי שעה פאַרן אָנגעבן די אוידיציע אויף דער אַנטענע. איז אין טעקסט געווען עפּעס וואָס האָט ניט געשטימט מיט די פאַקטן, אָדער סתּם נאַרישקייטן, האָט דער קאָנטראָל־רעדאַקטאָר זיך פאַרבונדן טעלעפאָניש מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר, אויסגעגלייכט, אָדער, מיט זיין הסכּמה, באַזייטיקט דעם זאַץ. עס איז אויך געווען אָנגעוויזן זיך צוצוהערן צו דער אוידיציע ווי זי איז געגאַנגען אויף דער אַנטענע

און שרײַבן װעגן איר אַ קורצע אָפּשאַצונג: צי די אַרטיקלען, קאָמענטאַרן און אַנדערע טעקסטן זענען גוט געשריבן, גוט אויסגעפירט, און בכלל, צי איז די אוידיציע געװען גוט, אינטערעסאַנט.

די סעקרעטאַרשע האָט איבערגעשריבן די אָפּשאַצונג אין עטלעכע קאָפּיעס, איבערגעשיקט דעם פאַראַנטװאָרטלעכן פאַר דער אָפּטײלונג, אין די געהעריקע רעדאַקציעס.

איך האָב אַלזאָ באַדאַרפט קאָנטראָלירן די שפּאַנישע רעדאַקציע. װעגן איר און אירע מיטאַרבעטער האָט מיר אוזדאַנסקי ניט געקענט קיין סך זאָגן. זיי זענען אַלע געװען שפּאַניער, פּאָליטישע עמיגראַנטן, געשיקט צו אים דורך דער אויסלענדישער אָפּטײלונג ביים צענטראַל-קאָמיטעט. װאָס זשע האָט ער געהאַט צו פאָרשן, צו װיסן? ער האָט עס אויך שפּראַכלעך ניט געקענט טאָן — זיי האָבן אַלע גערעדט שפּאַניש — אַ שפּראַך, װעלכע אוזדאַנסקי האָט ניט געקענט.

האָב איך, אָן אַ סך צו פרעגן, דעם פאָרשלאָג אָנגענומען. כ׳װעל אַרײַן אין דער דאָזיקער רעדאַקציע, באַקענען זיך מיט די מענטשן, מיט זייער אַרבעט — האָט מען נאָר די שפּראַך מיט זיי צו רעדן — װערן שוין די זאַכן קלאָרער.

# אין דער שפּאַנישער רעדאַקציע

כ׳בין אַריין אין דער שפּאַנישער רעדאַקציע, זיך באַקענען מיט איר פאַראַנטוואָרטלעכן רויז, מיט זיינע מיטאַרבעטער, מיט זייער אַרבעט. רויז איז געווען אַ שיין־געבויטער מאַן, אַרום די 45, אַ ברונעט מיט געקרייזלטע האָר, אַ ביסל גרוי — מיט אַ שטרענג, אינטערעסאַנט פּנים. כ׳האָב שוין געוווּסט ניט ווייניק וועגן אים. ער איז געשטאַנען מיט אַ קאָפּ העכער פון זיינע מיטאַרבעטער. זיין מיינונג איז געווען טאַבו, אָנגענומען געוואָרן אָן צו פרעגן. ער איז געווען אַ שאַרפער, ענערגישער חברה־מאַן, געוווּסט וואָס ער וויל און געגאַנגען דערצו פעסט־אַנטשלאָסן. ס׳האָט זיך צו מיר דערקייקלט, אַז ער איז געווען אויף געהיימער אַרבעט אין פראַנקאָ־שפּאַניע — אַ שווערע, געפערלעכע אַרבעט, ניט אויף יעדן איינעם צוגעשניטן. ער איז געווען אַ קלוגער מענטש. צי מען איז מיט אים מסכּים געווען, צי ניט — מע האָט געקענט מיט אים דיסקוטירן.

ער האָט מיך וואַרעם אויפגענומען, כ׳האָב ביי אים געהאַט אַ וויכטיקע מעלה, כ׳בין געווען אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפער. פאַר אַזעלכע האָבן שפּאַנישע קאָמוניסטן געהאַט רעספּעקט — און די שפּאַנישע שפּראַך האָט אונדז דערנענטערט און פאַרבונדן.

די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון שפּאַנישע פּאַרטיי־חברים, וועלכע זענען נאָכן צוזאַמענבראָך פון רעפּובליקאַנישן שפּאַניע צעזייט געוואָרן איבער די פאַרשידענע לאַגערן אין פראַנקרייך. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען זיי איינגעזאַפּט געוואָרן דורך פראַנקרייך, אָדער דורך די לענדער פון די פאָלקס־דעמאָקראַטיעס — לויט דער פּאַרטייאישער נויטווענדיקייט. וואָס, ווער, ווו — האָסטו ניט געהערט. געאיבטע אין דער קונסט פון פּאַרטיי־קאָנספּיראַציע — האָט זיך קיינער פון זיי מיט קיין וואָרט ניט אַרויסגעכאַפּט וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט.

מעליטאַן, אַ שווער פּאַרוווּנדיקטער, האָט געהאַט אַ לייכטע פעדער. ער האָט געשריבן דערציילונגען, וועלכע די פּוילישע פּרעסע האָט אָפט געדרוקט. ער האָט זיך שנעל איינגעאַרבעט אין זשורנאַליסטיק.

אַ צווייטער איז געווען ראָמאַ, אַ געוועזענער לערער מיט אַ דיכטעריש׳ער נשמה. אין דער רעדאַקציע איז אים צוגעפאַלן דער טייל פאַר ליטעראַטור און קונסט. פון צייט צו צייט האָט ער געשריבן אַ ליד, אַ פּאָעמע, איבערגעזעצט דיכטונג פון פּויליש. זיין איבערזעצונג פון מיצקיעוויטשעס „אָדע צו דער יוגנט" איז אַפילו דערנאָך דערשינען אין שפּאַניע.

אוריאַרטע, פון אַסטוריע, האָט מיט זיך מיטגעבראַכט דעם רעוואָלוציאָנערן ברען פון זיין קוילנגרעבער־געגנט — ער האָט געשריבן וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע אין שפּאַניע. ער איז געווען אַ פּשוטער, אָרנטלעכער מענטש, פרום פּאַרקוקט אויף דער שפּאַנישער פּאַרטיי און אירע פּאַראַנטוואָרטלעכע. דער פּאַראַנטוואָרטלעכער פון דער שפּאַנישער פּאַרטיי אין פּוילן איז געווען סאַנטשעס אַרקאָס. אוריאַרטע האָט חתונה געהאַט מיט אַרקאָס׳ טאָכטער — אַ ליב מיידל — וואָס קען שוין זיין כשרער ?

געווען נאָך אַ פּאָר שפּאַנישע מיטאַרבעטער — בדרך כלל, אינטעליגענטע פּאָלקסמענטשן, און שרייבן אַן אַרטיקל, מאַכן רעדאַקציע־אַרבעטן, איז ניט קיין אויסערגעוויינטלעכע אַרבעט, ווי זאָגט דער פראַנצויז : „ניט ווי אויסצוטרינקען דעם ים".

די צוזאַמענאַרבעט מיט דער רעדאַקציע איז געגאַנגען גלאַט, אָן אַ סקריפּע צו טאָן. כ׳בין אַריין אין זייער סביבה, אַריינגעדרונגען טיפער אין זייערע אוידיציעס. די דאָזיקע ניט קוואַליפיצירטע חברה האָבן געשאַפן גאָרניט קיין שלעכטע אוידיציעס, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן דריי מאָל אין מעת־לעת אויפן עטער. אמת, עס איז ניט געווען אויפן ניוואָ פון „פריי אייראָפּע", דערצו זענען ניט געווען די פאַכמענישע, וויסנשאַפטלעכע כוחות — מע האָט עס פון זיי ניט געקענט פאָדערן, דערוואַרטן.

די ניייעסן פון פּוילן, די קאָמענטאַרן אַרום אויסערן־פּאָליטישע פראַגן, האָבן זיי באַקומען פון דער צענטראַלער רעדאַקציע און איבערגעגעבן מיט דער בעסטער זאָרג. די ספּיקערין, מאַריאַ אַנכעלעס, רויזס פרוי, האָט גוט געלייענט, און דער טעכנישער רעדאַקטאָר, ווידאַל, האָט גוט געזאָרגט פאַר

דער אויספירונג, פאַר דער מוזיק. ער האָט פאַר דער שפּאַנישער באַפאַרבונג פון דער אוידיציע אַריינגעגעבן ניט וויניק שפּאַנישע מוזיק: דרום־אַמעריקאַנישע און „קאַפּריטשיאָ עספּאַניאָל״ פון רימסקי־קאָרסאַקאָוו האָט אויך ניט אויסגעפעלט... די מוזיק — די שפּאַנישע, די פּוילישע, האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין די אוידיציעס. די מאַטעריאַלן וועלכע זיי האָבן געשריבן וועגן שפּאַניע האָבן זיך טייל מאָל געגייטיקט אין אַ קאָרעקטע. שרייבנדיק וועגן זייער לאַנד, אויף די פליגל פון זייער שפּראַך, האָבן די רעדאַקטאָרן טייל מאָל אָנגענומען צו פיל שווונג, אַריבער די גרענעץ פון אַריינמישן זיך אין אַ פרעמדער מדינה. ס׳איז דעמאָלט אויסגעקומען זיי צו דערמאָנען אַז די אוידיציע גייט אונטערן קעפּל: „דאָ רעדט וואַרשע״... ווי שפּאַניער האָבן זיי טייל מאָל אַזעלכע איבערטרייבונגען ניט באַמערקט, אָבער זיי האָבן די באַמערקונגען חבריש אָנגענומען.

ס׳האָט זיך מיט זיי גוט געאַרבעט און כ׳האָב זיך צו זיי זייער דערנענטערט.

זומערצייט, ווען כ׳בין מיט מיין משפּחה אַרויסגעפאָרן אויף אָפּרו צום באַלטישן ים, קיין צאָפּאָט, האָב איך מיטגענומען אויף צוויי וואָכן רויזן מיט זיין פרוי. כ׳האָב פאַר זיי געפונען אַ צימער אין דער זעלבער ווילע וווּ מיר האָבן געוווינט.

ווי אַן אויסלענדער האָט רויז זיך געדאַרפט איינמעלדן אין שטאָטאַמט. כ׳בין מיט אים געגאַנגען אַדורכפירן די פאָרמאַליטעט. מע האָט פון אים פאַרלאַנגט פּאַפּירן און פּאַפּירן, ווי זאָגט מען עס אין פּוילן: „ניט געשטאָרבן איז דער הייליקער ביוראָקראַציי״! כ׳האָב כּלומרשט אַלץ פאַרשריבן און צוגעזאָגט צוריקצוקומען מאָרגן. ווען כ׳האָב וועגן דעם אַלעם דערציילט רויזן, האָט ער זיך געכאַפּט ביים קאָפּ — ווי וועט ער, אַפילו אין צוויי וואָכן, זיך פאַרשאַפן די אַלע פּאַפּירלעך? כ׳האָב אים באַרויִקט. מיר זענען דאָרט מער ניט צוריקגעגאַנגען.

רויז איז געווען אַ שווערער מאָגן־קראַנקער. אין אַ צוויי יאָר אַרום איז ער געשטאָרבן, אין וואַרשע. ער איז באַערדיקט געוואָרן אויפן פאַרוואָנזקער בית־עולם, אין דער אַלעע פון די פאַרדינסטפולע.

מאַריאַ אַנכעלעס איז נאָך געבליבן אין וואַרשע אַ פּאָר יאָר. זי האָט

מיר דערציילט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס איז אין דער צווישנצייט פּאַרלאָפן: איר זון האָט זיך פאַרליבט אין אַ יידיש מיידל אין וואַרשע. דער טאַטע פונעם מיידל האָט שטאַרק ניט געוואָלט אַז פון דעם שידוך זאָל עפּעס ווערן. ער איז אַוועק צו מאַריאַ אַנכעלעס בעטן אַז זי זאָל ניט דערלאָזן צום שידוך. ער האָט צום סוף אַרויסגעצויגן דעם שטאַרקסטן אַרגומענט:

— אָבער מיר זענען יידן!

— מיר שטערט עס ניט — האָט אים מאַריאַ אַנכעלעס געזאָגט — צו נישט מאַכנדיק די „געפאַר" וועלכע לויערט אויף איר...

מאַריאַ אַנכעלעס איז אַ פּאָר יאָר דערנאָך, מיט אַלע אַנדערע חברים, אַוועק צוריק אין פראַנקאָ־שפּאַניע. רויִז איז פאַרבליבן אויפן פּאָוואָנזקער בית־עולם, אין דער „אַלעע פון די פאַרדינסטפולע". דאָרט ליגט ער אַ רויִקער אין זיין אייביקן שלאָף... מע וועט אפשר זאָגן אַז מע דאַרף ניט מקנא זיין — מיין חבר העגריק טאָרונטשיק, אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר, אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפער, איז אויך געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין דער אַלעע פון די פאַרדינסטפולע. אין 1967, נאָכן זעקסטאָגיקן קריג, בעת דער גרויסער אַנטיסעמיטישער כוואַליע אין פוילן, האָט זיין חבר פון שפּאַניע, דער גענעראַל פּראַנעק קשעגזשאַרטשיק, פאָרגעשלאָגן מע זאָל טאָרונטשיקן אַרויסנעמען פון דער אַלעע און איבערטראָגן ערגעץ אַנדערשוואו. דער פאָרשלאָג איז דעמאָלט אָפּגעוואָרפן געוואָרן — אויף ווי לאַנג?

מיין ווייטערדיקער פאַרבלייב אין דער שפּאַנישער רעדאַקציע, נאָך אַ קנאַפּ יאָר צייט, איז געוואָרן רוטין. ווען כ'האָב באַקומען דעם פאָרשלאָג איבערצוגיין אין דער דייטשישער רעדאַקציע, האָב איך אים גערן אָנגענומען.

# אין און אַרום די רעדאַקציעס

די אַרבעט אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע איז פֿאַר מיר קיין נייעס ניט געווען. כ׳האָב מיט דער צייט זיך באַקענט מיט די פֿאַרשידענע רעדאַקציעס. זיי האָבן זיך אונטערגעשיידט אין שפּראַך, סטיל, מענטשן־צוזאַמענשטעל, אָבער דער מהות פֿון די אוידיציעס איז, בסך הכּל, געווען דער זעלבער.

די דייטשישע רעדאַקציע האָט געהאַט לרוב פּוילישע מיטאַרבעטער, געקומענע פֿון די מערב־געביטן, פֿון פּויזנער קאַנט צי אויבער־שלעזיע. קענען די דייטשע שפּראַך איז ניט קיין זעלטנהייט אין פּוילן. בלויז דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר, עמיליאַ מיללער, איז געקומען פֿון דייטשלאַנד און אַנדריי קאַמינסקי פֿון דער שווייץ. די אוידיציעס פֿון דער דייטשישער רעדאַקציע זענען געווען גוט צוגעגרייט, אויסגעפּירט טעכניש־פּערפֿעקט.

שטאַרק אונטערגעשיידט זיך האָט די פֿראַנצייזישע רעדאַקציע. זי האָט זיך בולט געמאַכט מיט איר באַזונדערן סטיל און איר מענטשן־מאַטעריאַל. אין דער סאָוויעטישער פּראָפּאַגאַנדע רעדט מען אַ סך וועגן דער פֿרידלעכער צוזאַמענאַרבעט מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אָבער די דאָזיקע לאָזונג שטערט ניט צו טאָן אַלץ כּדי אַרייַנצודרינגען אין די טיפֿסטע קעמערלעך פֿון יענע לענדער; מיליטערישע, וויסנשאַפֿטלעכע, ווירטשאַפֿטלעכע. פֿאַלן אַזעלכע מענטשן אַדורך אין זייער „אַרבעט", קען מען זיי דערנאָך געפֿינען אין די מיזרח־אייראָפּעיִשע לענדער, ווו זיי קומען זייער צו נוץ מיט זייער פֿרעמדער שפּראַך... ניט ווייניק פֿון זיי האָב איך געטראָפֿן אין פּוילישן ראַדיאָ פֿאַר אויסלאַנד, אויך אין דער פֿראַנצייזישער רעדאַקציע.

די אַרבעט אין דער פֿראַנצייזישער רעדאַקציע איז געפֿלאָסן אויף רויִקע וואַסערן. דערצויגן אויפֿן מערב, זענען די מיטגלידער פֿון דער דאָזיקער רעדאַקציע געווען ווייניקער שטייף, ניט באַגרענעצט. זיי האָבן

געקוקט מיט אָפענע אויגן אויפן אַרום, אין וועלכן זיי האָבן זיך נישט אַריינגעמישט און געווען פאַר זיי פרעמד. זאַכן ערנסטע, קאָמפּליצירטע פאַר דער סביבה, זענען פאַר זיי געווען בלויז משונהדיק. ווי האָט עס אויך געקענט אַנדערש זיין ? אויף זייער דערציִונג האָט ניט געווויגן דער מאַנגאַ־לישער יאָך אין משך פון דריי הונדערט יאָר.

דורכלייענען אַזעלכע אוידיציעס, זיך צוהערן צו זיי פון צייט צו צייט פון דער אַנטענע, אַנשרייבן אַן אָפּשאַצונג, האָט ניט געפאָדערט קיין סך צייט. באַמערקונגען פון מיין זייט זענען כמעט ניט געווען, און ווען יאָ, איז עס אין אַ קורצן פריינדלעכן שמועס אויסגעגלייכט געוואָרן. כ׳האָב אין די דאָזיקע רעדאַקציעס — אין דער דייטשישער, אין דער פראַנצייזי־שער — ניט געהאַט קיין גרויסע אַרבעט. כ׳האָב געקענט זיך אָפּרייסן פון מיין אַרבעטסטיש, איבערשפּאַצירן זיך איבער די קולואַרן און סטודיאָס, באַקענען זיך מיט די פאַרשידענע אַרבעט־ווינקעלעך, מיט די מענטשן.

אין די לענדער פון פאָלקס־דעמאָקראַטיע קענסטו זיך פילן פריי, אומשולדיק, אָבער ווייסט קיין מאָל ניט וואָס עס לויערט אויף דיר. אין אויער קלינגט שטענדיק אַ פאַרשטיקטער רוף: זיי וואַכזאַם!

ס׳דערמאָנט זיך מיר אַ סצענע: כ׳גיי איבערן האָל, פון סטודיאָ צו סטודיאָ. דער האָל איז פאַרלייגט מיט דראָטן. אַלע גייען זייער אויפמערק־זאַם. מען הייבט פוס נאָך פוס, חלילה ניט צו פאַרטשעפּען וועלכן עס איז דראָט. דער מלוכה־שעף דאַרף אַרויסטרעטן מיט אַ רעדע צום פאָלק, זיינע ווערטער דאַרפן אויך פאַרשפּרייט ווערן איבער דער וועלט. די טעכניקער מאַכן זאָרגפולע צוגרייטונגען אַלץ זאָל צוגיין גוט, גלאַטיק. דער אינזשע־ניר, סטעצקי, פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער פאַרבינדונג. בייגט זיך אין דרייען, טוט אַכטונג אַז אַלץ זאָל קלאַפּן, דורכגיין אָן שטערונגען, און... ס׳האָט ניט געהאָלפן! ערגעץ ווו איז די פאַרבינדונג איבערגעריסן געוואָרן און אין משך פון עטלעכע סעקונדעס איז דאָס קול ניט אַרויף אויף דער אַנטענע. ווײ, וואָס עס האָט זיך געטאָן! פאַר מענטשן פון די מערב־לענדער זענען אַזעלכע זאַכן פיינלעכע אָבער מעגלעכע. ס׳געשעט, אַ מענטש איז זיך טועה, מע פאַרריכט — און מע גייט ווייטער. אין פוילישן סאָציאַליסטישן רעזשים איז עס ניט געווען אַזוי פשוט. ס׳האָבן זיך גלייך געהערט הויכע

ווערטער וועגן סאַבאָטאַזש, וועגן שונאים פון דער פאָלקסמאַכט, ס׳האָבן זיך באַוויזן די פון דער זיכערקייט, פון אויספאָרשונג־אַמט, מ׳האָט גענומען נישטערן אין דער פאַרגאַנגענהייט, אין דער אָפּשטאַמונג פון פאַראַנטוואָרט־לעכן אינזשעניר. סטעצקי איז פאַרשוווּנדן פון די אויגן. זיין נאָמען האָט מען ניט מער דערמאָנט.

שווער פאַר אַ נאָרמאַלן, געזונטן מוח צו באַגרייפן, אַז יעדע געשעע־ניש קען אויסוואַקסן, אויפגעבלאָזן ווערן צו מלוכה־פאַרראַט, צו אַ פאַר־ברעכן פון דער ערשטער מדרגה. אַ פּאָר מינוט פריִער האָט דער אומגליק־לעכער סטעצקי, דער פרייער, אומשולדיקער סטעצקי, ניט געאַנט וואָס עס לויערט אויף אים.

ווייזט זיך אַרויס, אַז מע האָט צו מיר צוטרוי. כ׳האָב צום ערשט באַקו־מען אַ לויבשײַן, דערנאָך אַן אויסצייכענונג, דערנאָך אַ מעדאַל. ניט שלעכט — אַז מען אַרבעט, איז גוט צו הערן אַז דיין אַרבעט ווערט אָנער־קענט. איצט איז מען געקומען מיר צוטיילן ניט קיין געוויינטלעכן כבוד. דער פאַרטיי־סעקרעטאַר — פאַרשטייט זיך, אַז אונדזער ראַדיאָ־אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ פאַרטיי־אָרגאַניזאַציע — איז געקומען מיט מיר אַ שמועס טאָן, מיר געזאָגט, אַז אויף דער נאָענטער אַלגעמיינער פאַרטיי־פאַרזאַמ־לונג וועט מען פאָרשלאָגן מיך אָנצונעמען פאַר אַ מיטגליד פון פאַרטיי־קאָמיטעט, צי כ׳בין מסכּים? אַוודאי בין איך מסכּים, וואָס דען? כ׳וועל זאָגן „ניין״ דער פאַרטיי?!..

אָבער אויך מיט דער פאַרטייִשער רעקאָמענדאַציע און מיט מיין הסכּמה איז ניט קיין לייכטע זאַך צוגעלאָזט צו ווערן ווי אַ מיטגליד אין דער העכסטער פאַרטיי־אינסטאַנץ. דאָס מוז אַדורכגעפירט ווערן דורך אַן אָפּשטימונג אויף דער אַלגעמיינער פאַרטיי־פאַרזאַמלונג. אויף דער אַלגע־מיינער פאַרזאַמלונג שלאָגט טאַקע די פאַרטיי פאָר אירע קאַנדידאַטן, אָבער לשם דעמאָקראַטיע — מיינט ניט, אַז די פאַרטיי איז ניט קיין דעמאָקראַ־טישע! — קען די פאַרזאַמלונג אָפּוואַרפן, און אויך אַרויסרוקן דאָ און דאָרט, אַ קאַנדידאַט.

פאַרן שטימען געשעט, אַז ווער פון דער פאַרזאַמלונג בעט, כּדי זיך

צו באַקענען מיטן קאַנדידאַט, אַז ער זאָל דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע. אין מיין פאַל איז עס ניט געשען. איז אַוודאי גוט. כ'בין אויסגעוויילט געוואָרן דורך אַן איבערוויגנדיקער מערהייט.

עטלעכע יאָר שפּעטער וואָלט אַזעלכעס נישט געשען...

אָבער דאָס לעבן גייט ווייטער — מע דאַרף זיך בלויז צוהערן צום ראַדיאָ. אַלץ איז דאָרט איינגעשטעלט לויטן באַשטימטן נוסח, ניט אָפּצו־לעבנקען לינקס אָדער רעכטס. פאַראַן טרויערטעג — ווען סטאַלין איז געשטאָרבן איז לאַנגע טעג געגאַנגען טרויער־מוזיק, אַזוי אַז מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו „באָמבאַרדירן" די ראַדיאָ־אָנפירונג מיט בריוו: הערט שוין אויף, עס איז דאָך אוממעגלעך אַזוי צו לעבן! פאַראַן אויך יום־טובים, פריידיקע טעג, ווי דער ערשטער מײַ.

כ'דערמאָן זיך ווי כ'בין אין מיינע פריִע פאַרטיי־יאָרן געזעסן צוגע־שמידט מיטן אויער צום ראַדיאָ צו הערן דעם באַריכט פון דעם מײַ־פּאַראַד אין מאָסקווע. כ'בין געזעסן און געהערט די פרעמדשפּראַכיקע אוידיציעס איינע נאָך דער אַנדערער, געוואָרן מיטגעריסן מיטן יובל, מיטן ענטוזיאַזם וועלכן ס'האָט געטראָגן איבערן עטער די מעכטיקע מאָסקווע ראַדיאָ־סטאַציע, „דער קאָמינטערן". איבערן עטער האָבן אָפּגעהילכט די רעדעס געהאַלטן פון דער לענין־מאַוזאָליי־טריבונע, די הורא־געשרייען, די פאַנפאַרן האָבן געשאַלט איבערן טומל און פרייד פון די אַדורכמאַרשירנדיקע... כ'בין איצט געשטאַנען אין וואַרשע ביי דער „קיך" פון דעם אָ ענטוזיאַזם, געזען ווי אַזוי אַזאַ אוידיציע ווערט צוגעגרייט, אויסגעפירט. עס איז איצט פאַר מיר געלעגן די רעצעפּט פאַרן דאָזיקן מאכל מיט אַלע פּרטים.

געווען אין וואַרשע אַ יונגער מענטש, אַרטור מיענדזיזשעצקי, אַ דיכטער מיט אַ פלינקער פעדער. ביי אים האָט מען באַשטעלט דעם סצענאַר פאַר דער ערשטער־מײַ־מאַניפעסטאַציע. איז דאָרט קודם־כל געווען אַ פייערדיקער אַריינפיר וועגן אינטערנאַציאָנאַלן יום־טוב פון פּראָלעטאַ־ריאַט, וועגן זיין קאַמף, וועגן די ערשטע שווערע יאָרן פון קאַמפן און תּפיסות ביזן איצטיקן טאָג פון פרייהייט און פרייד אין פרייען פוילן. אין הינטערגרונט הערט מען קאַמף־מוזיק, אַרבעטער־לידער, געפּלאַטער פון פאַנען. דער פאַראַד ווערט געעפנט מיט אַ קורצער פלאַמיקער רעדע פונעם

ערשטן פּאַרטיי־סעקרעטאַר. דער סוף פון דער רעדע ווערט אונטערגעכאַפּט מיט הוראַ־געשרייען, מיט „זאָל לעבן״. דער אָרקעסטער הייבט אָן אַ מעכטיקן מאַרש, עס טומלען די ווערבל, עס שאַלן די טרומייטערס, עס גיסט זיך אַריין דער רויש פון די מאַרשירנדיקע קאָלאָנעס. ביי דער טרי־בונע, נאָענט צו די מעגאַפאָנען, שטייען „שרייערס״, וועלכע וואַרפן לאָזונגען: אויפן פאָן פון געטומל ווערט געמאָלדן:

— עס גייט דער אַרבעטער־קוואַרטאַל אָכאָטע!

— עס גייט דער אַרבעטער־קוואַרטאַל וואָליע!

— עס גייט די אויטאָ־פאַבריק זשעראַן!

— עס גייען די אַרבעטער פון מוראַנוווו!

די אויסרופן ווערן פאַרטויבט דורך לידער, איינגעוויקלט אין יובל פון די מאַרשירנדיקע, פונעם אָרקעסטער וואָס שאַלט ביי דער טריבונע. ווען מע מעלדעט אַז עס מאַרשירט אָכאָטע אָדער די אַנדערע געגנטן, רעכנט מען אויס די פאַבריקן וואָס געפינען זיך דאָרט, זייער מסירת־נפשדיקע אַרבעט פאַרן סאָציאַליסטישן אויפבוי. עס ווערן געוואָרפן נעמען פון שלאָגלערס, די הויכע נאָרמעס וואָס זיי דערגרייכן. עס גייען די אַרבעטער־קאָלאָנעס און די לופט איז פול מיטן רויש פון מוזיק, פויקן און טאַנצן, לידער און לאָזונגען.

דער סצענאַר ווערט אַריינגעפּאַסט אין דער מוזיק, וואָס שאַלט פון דער טריבונע און ווערט צעפירט דורך די הילכערס. די אויסגעשרייען, די לאָזונגען, געוואָרפענע אין געשאַפענעם טומל, פילן אויס דעם סצענאַר, געלייענט ביזן לעצטן אות מיט דער הויכער יום־טובדיקער שטימע פונעם ספּיקער.

אין דער ראַדיאָ־סטאַציע דאַרפן די ספּיקערס און די ראַדיאָ־טעכניקערס אויסשניידן און אַריינפּאַסן די געהעריקע קלאַנג־און מוזיק־עפעקטן. דער־שעפטע, דערוואַרטן די רעדאַקטאָרן, ספּיקערס און טעכנישע אַרבעטער די אויסלייזערישע מינוט, ווען די אַרבעט איז געענדיקט און זיי קענען אַהיימ־גיין שלאָפן — אָפּרוען זיך פונעם יום־טוב.

ס׳איז ווי שטענדיק: דער וואָס גרייט צו דאָס מאכל, ווערט עס עסן מיט ווייניקער אַפּעטיט...

מיינע אַרבעטן אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע זענען געגאַנגען מיט זייער אַ נאָרמאַלן וועג. כ'האָב אַפילו פון צייט צו צייט געשריבן אַן אַרטיקל פאַר מיין רעדאַקציע, אָבער ס'איז מיר געבליבן גענוג פרייע צייט. כ'האָב ניט זעלטן שפּאַצירט איבער די סטודיאָס, דערנענטערט זיך צו די טעכנישע אַרבעטער דאָרט. זיי האָבן זיך געטיילט מיט מיר מיט זייערע לעבנס־שוועריקייטן, מיט אַרבעט־פּראָבלעמען, פאַר וועלכע זיי זענען געשטאַנען. אָט איז צו מיר דערגאַנגען אַזאַ פאַל:

די פרוי נאַשיעלסקאַס אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויפלייגן די רעגיסטרירטע טאָן־בענדער פון די אוידיציעס, (יעדער האַלב־שעהדיקע אוידיציע איז באַשטאַנען פון צוויי בענדער), און שיקן זיי אויפן עטער. האָט איין מאָל די פרוי נאַשיעלסקאַ אַרויפגעלייגט דעם צווייטן באַנד אַנשטאָט דעם ערשטן. נו, אַ טעות אין האַנט־באַוועג. זי האָט עס באַמערקט, נאָך איידער די טעגער האָבן זיך געלאָזט הערן, און גלייך אַראָפּגענומען, אַרויפגעלייגט דעם ערשטן באַנד — און אַלץ איז געגאַנגען קאָרעקט. גלאַטיק. יאָ, אויפן עטער איז אַלץ געווען קאָרעקט, גלאַט, אָבער אויפן אָרט, אין סטודיאָ, איז עס אַזוי ניט געווען. ס'האָט זיך שוין ווער געפונען וואָס האָט געזען, פאַרצייכנט, געמאָלדן. מע האָט גענומען פאָרשן די פרוי נאַשיעלסקאַ. ווי אַזוי? פאַר וואָס? ווער זי איז? די זאַך איז געווען פאַר מיר ווילד־פרעמד. וואָס וויל מען פון דער דאָזיקער פרוי? וואָס האָט זי אַזעלכעס געטאָן? ווידער אַ מאָל, געשעט ניט אַז אַ מענטש איז זיך טועה?

דעם צווייטן טאָג איז געווען אַ זיצונג פון פּאַרטיי־קאָמיטעט. נו, בין איך שוין אַ מיטגליד פון פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָב איך אויפן פּונקט „פאַר־שידנס" אַוועקגעשטעלט דעם ענין נאַשיעלסקאַ. כ'האָב איבערגעגעבן דעם פאַקט ווי ער איז געשען, און וואָס מע מאַכט, וואָס מע וויל דערפון מאַכן. כ'האָב געזאָגט מיין מיינונג, גאָרניט לטובת דעם שדים־טאַנץ וואָס מע האָט געמאַכט אַרום דעם.

אויפן קאָמיטעט איז אַריינגעטראָטן אַ שטילקייט. דער סעקרעטאַר, העבריק פּאָדאָלסקי, איז געווען אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר, נאָך פון דער צייט פון איר גרינדונג, ווען ס'איז אַנטשטאַנען דאָס אומאָפּהענגיקע פּוילן. נאָך אַ פּאָר פּראָצעסן, אָפּזיצן אין תפיסות, איז ער אַוועק קיין אַמעריקע. דאָרט

האָט ער ווייטער געפירט זיין פאַרטיי־טעטיקייט צווישן די פוילישע אַרבע־טער. ער איז דאָרט אָפּגעווען אַ 30 יאָר און נאָכן צווייטן װעלטקריג איז ער צוריקגעקומען אין נייעם פאָלקס־פוילן, אַהיים, קיין וואַרשע. ער האָט אַפילו מיטגעבראַכט אַ גאָלדענעם זייגער, אַ מתּנה פון די אַמעריקאַנער אַרבעטער, וואָס איז דערנאָך צוגעטיילט געוואָרן אַ פאַבריק־אַרבעטער, אַ שלאָגלער. פּאָדאָלסקי האָט גערעדט אַ גוטן ענגליש, געקענט אַמעריקע און זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד. אים איז צוגעטיילט געוואָרן דאָס חשובֿע אָרט פון פאַרטיי־סעקרעטאַר.

פּאָדאָלסקי האָט אויסגעהערט מײנע ווערטער מיט פאַרוווּנדערונג. ר׳האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר ווי אויף אײנעם וואָס רירט אָן אַ פראַגע, וועלכע מען דאַרף ניט אָנרירן. האָט מען זי שוין אָנגערירט, האָט ער זי ניט געקענט סתּם אָפּוואַרפן. אַריבערגײן צום טאָג־אָרדענונג. די אַנדערע קאָמיטעט־מיטגלידער האָבן זיך אויך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט — וועמען ווילט זיך אַרײַנמישן אין אַן ענין וואָס שמעקט מיט זיכערקייט־אָרגאַנען? פון דער צווייטער זייט האָט געמאַטערט די פראַגע: איז יעדער מענטשלעכער טעות אַ מלוכה־פאַרראַט? כ׳ווייס ניט צי איז פּאָדאָלסקי אַליין ניט געווען פאַרבונדן מיט די זיכערקייט־אָרגאַנען, צי האָט ער זיך איבערגעשמועסט מיט זיין יוגנט־פרײַנד, אוזדאַנסקי. אַ פאַקט איז, אַז דער ענין נאַשיעלסקאַ איז שנעל אַראָפּ פון דער טאָג־אָרדענונג.

די פרוי נאַשיעלסקאַ איז געווען גערירט, דאַנקבאַר, וואָס זי איז באַפרייט געוואָרן פון אומזיניקן פאַרדאַכט, וואָס האָט געקענט אין יענע סטאַלין־יאָרן האָבן ערנסטע קאָנסעקווענצן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיר איר מאַן טעלעפאָנירט און פאַרבעטן מיין פרוי און מיך, צו אַ קינאָ־אָוונט. אָט פאַר וואָס מענטשן האָבן זיך געפילט דאַנקבאַר און מחויבֿ.

פרוי נאַשיעלסקאַס מאַן איז געווען אַ זשורנאַליסט. אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין 1956, ווי אַ פּוילישער פרעסע־קאָרעספּאָנדענט אין מערבֿ־דייטשלאַנד, האָט ער „אויסגעוויילט די פרייהייט". די וועלכע האָבן אין די פריִערדיקע יאָרן פאַרדעכטיקט פרוי נאַשיעלסקאַ, האָבן אַוודאי גע־טענהט: זעסט, מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווּסט אַז זי און איר מאַן

זענען פרעמדע אַגענטן... זיי האָבן ניט געטראַכט אַז דאָס האָבן זיי אָנגע־צונדן דעם געדאַנק זיך צו באַפרייען פון אַפּוטרופּסים, פון וועלכע מען קען לייכט דערוואַרטן יעדן מין באַשולדיקונג...

כ׳האָב לאַנג געאַרבעט אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע — איבער צוויי יאָר. כ׳האָב שוין געהאַט גענוג. ס׳האָט זיך ביי מיר געשטאַרקט דער ווילן פאַר מער אַקטיווער, זשורנאַליסטישער אַרבעט. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און מיין פאַרלאַנג איז דערפילט געוואָרן. עס האָט זיך באַפרייט דאָס אָרט פונעם סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנער רעדאַקציע. כ׳בין אַהין אַריבער.

# אויף אַמעריקאַנער וואַסערן

ווען כ׳בין געקומען אַרבעטן אין דער אַמעריקאַנער רעדאַקציע איז איר פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר געווען דזשאָן ווייט — אַ קאַנאַדער. ס׳האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און ווייט איז אַוועק. כ׳האָב זיך מיט איין מאָל געפונען באַלאָדן מיט דער אָנפירונג פון דער רעדאַקציע. אין פלוג איז עס ניט געווען קאָמפּליצירט — בלויז איין זאַך האָט די אַרבעט באַשווערט: די נאַציאָנאַלע רעדאַקציעס זענען אַלע געווען געבויט אויפן זעלבן שטייגער, אָבער זייער מענטשן־צוזאַמענשטעל האָט בטבע הדברים אונטערגעשיידט זיך איינער פון אַנדערן.

כדי דאָס קלאָר צו מאַכן, וועל איך פאָרשטעלן אייניקע פון אירע אַרבעטער. — זיי וועלן אויף מיר אַוודאי קיין פאַראיבל ניט האָבן.

קודם־כל טאַקע — דזשאָן ווייט פון קאַנאַדע. אַ הויכער, מיט אַן איידל פּנים, אַ באַברילטער, אַ בוי־אינזשעניר אין די אָנהייב־פּערציקער יאָרן. פאַרוויקלט אין דער אַפּערע, די אַזוי גערופענע פּרעד־ראָז־גרופּע, מיט נאָך אַ פּאָר הויך־אַוועקגעשטעלטע פּאַרטיי־חברים, האָט ער, ווי זיי אַלע, געמוזט אַוועק פון קאַנאַדע. אייניקע פון זיי זענען געקומען אין פּוילן, אין וואַרשע. פּרעד ראָז איז געוואָרן דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „פּאָלאָניאַ״ אין דער ענגלישער שפּראַך. דזשאָן האָט באַקומען אונטער זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט די אַמעריקאַנער רעדאַקציע, דערנאָך די ענגלישע. פון דער אַמעריקאַנער אודיציע איז ער, נאָך מיין אָנקומען, אַוועק אין דער ענגלישער. ער איז געווען אַ געאָרדנטער אינטעלעקטואַל, אַ פּינקטלעכער, מיט אַן ערנסטער באַציִונג צו יעדער אינסטרוקציע, צו יעדן רעדאַקציאָנעלן פּאַפּירל, הגם פרעמד אין דער זשורנאַליסטישער וועלט. אַרומגערינגלט מיט חברה פון אַמעריקע, מיט זייער צוריקהאַלט פון יעדן וואָס איז ניט פון אַמעריקע — האָט ער זיך באַמיט צו בלייבן קאָרעקט,

ער איז ניט געווען אַליין. ער איז געקומען מיט זיין פרוי. ער האָט אפשר פאַרדינט אַ פּאָר גראָשן מער ווי זיין פּוילישער חבר אין ראַדיאָ, ער איז אָבער ווייט געווען פון זיין לעבנס־ניוואָ אין קאַנאַדע. וועגן דעם האָסטו אָבער פון אים ניט געהערט קיין איין וואָרט — ניט פון אים, ניט פון זיין פרוי, וואָס האָט טיכטיק געאַרבעט אין דער טעכנישער רעדאַקציע ביים רעאַליזירן די אַמעריקאַנער אודיציעס.

שוין ביי מיין אָנהייבן די אַרבעט אין פּוילישן ראַדיאָ פּאַר אויסלאַנד האָב איך באַקומען צוגעטיילט פון דער פּאַרטיי אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט: אין מיין פרייער צייט פאַרנעמען זיך מיט די אויסלענדישע חברים. כ׳האָב עס אָנגענומען און אויסגעפירט, כ׳גלייב אַז צום נוצן פון ביידע זייטן: די חברים פון אויסלאַנד האָבן מיט פּוילישע בירגער קיין באַציִונגען ניט געהאַט, קיין מאָל ניט געווען אין אַ הויז פון אַן אָרטיקן מענטש. זייערע טעגלעכע דאַגות, אויב עס זענען געווען אַזעלכע, האָט פּאַר זיי געלייזט די אָפּטיילונג פּאַר אויסלענדישע חברים ביים צענטראַל־קאָמיטעט. פּאַר מיר איז פּאַקטיש געבליבן די קולטורעלע, אינטימע זייט.

איך בין פון דער דאָזיקער צוטיילונג געווען ניט ווייניק צופרידן. קומענדיק קיין פּוילן האָב איך געמוזט רעדוצירן ביז אַ מינימום מיינע פאַרבינדונגען מיטן אויסלאַנד, מיט וועלכן כ׳בין אַזוי פיל יאָרן געווען פאַרבונדן. איצט האָב איך באַקומען אַ הכשר צו טרעפן זיך מיט אויסלענדער.

כ׳האָב אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט און אָפט פאַרבעטן וועמען מיט פרוי און משפחה צו זיך אַהיים אויף אַ זונטיק צום מיטאָג.

כ׳האָב געשמועסט מיט דזשאָנען. אַ מענטש אַן אָרנטלעכער, אַ גלייכער. ער איז זיכער ניט געקומען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צו פאַרבעסערן זיין מאַטעריעלע צי סאָציאַלע לאַגע — ווי אַן אָנגענומענער בוי־אינזשעניר איז אים דאָס געווען פאַרזיכערט. ס׳האָט אים גערירט די נויט פון די אָרעמע שיכטן. די פּאַרטיי אין קאַנאַדע האָט, ווי אומעטום, וועגן זיי אַ סך געשריבן. עס האָט זיך ביי אים דערוועקט אַ ליבע צום גרויסן סאָוועטן־פאַרבאַנד, דעם פינפטל פון ערדטייל, ווו „ס׳איז ניט פאַראַן קיין אַרבעטסלאָזיקייט״. אַ גוטמוטיקער מענטש געווען דער דזשאָן, ווי אַ

סך זיינע חברים. ער האָט נאָכגעפאָלגט די „וווּנדערלעכע" דערגרייכונגען פון סאָוועטן־פאַרבאַנד, וועגן וועלכע די פּאַרטיי־צייטונגען האָבן אַזוי פיל געשריבן. ער האָט עס נאָכגעפאָלגט אין שריפט און בילד — עס ווערט אַזוי שיין דערוועגן געשריבן, און די בילדער זענען אַזוי ווונדערלעך, פול מיט זון און שמייכל.

אַ שיינעם טאָג איז מען צו דזשאַן געקומען און מע האָט אים אַריינ־געצויגן ער זאָל אַרבעטן לטובת דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. וואָס דזשאַן האָט דאָרט געטאָן — ווייס איך ניט — כ'האָב אַפילו ניט געפרעגט. לויט זיין נאַטור שטעל איך זיך ניט פאָר, אַז ער זאָל האָבן פעיִק געווען צו שאַדן זיין אייגן לאַנד. כ'גלייב ניט, אַז אויסער וועלכע עס איז פאַרבינדונג־אַרבעט זאָל ער האָבן עפּעס געטאָן. אָבער אַ פאַקט איז אַ פאַקט! ער איז געווען באַטייליקט אין דער אַרבעט, אַלץ מקריב געווען פאַרן הויכן ציל. ביז ס'איז געקומען צו געריכט־פאַרהאַנדלונגען זענען ניט וויניק אַוועקגעפאָרן — קאַנאַדע איז אַ לאַנד ווו מען בויט ניט דעם סאָציאַליזם, דער מענטש איז פריי און האָט אַ פּאַספּאָרט! ניט וויניק באַשולדיקטע אין דעם דאָזיקן פּראָצעס האָב איך געטראָפן אין פּוילן — מיט זייערע משפּחות. זיי האָבן זיך מאָראַליש גוט געהאַלטן, כאָטש ניט שטענדיק האָבן זיי געקענט אָראָפּ־שלינגען די סאָציאַליסטישעווירקלעכקייט. ווי איזאָלירט זיי זענען ניט געווען פון דער פּוילישער ווירקלעכקייט, האָבן זיי דאָך געזען דעם אונטערשיד צווישן די מערב־לענדער און די לענדער פון סאָציאַליזם, וועלכע האָבן אַלץ טיפער און טיפער געטאָפּטשעט אין דער בלאָטע.

אַ צווייטער סימפּאַטישער טיפּ אין דער רעדאַקציע איז געווען אַנאַ גראָס. זי איז געווען די פרוי פון אַ דערפאָלגרייכן ליטעראַטור־אַגענט, טאָם גראָס. דאָס האָט ער אַרויסגעפירט אויף דער ליטעראַרישער אַרענע פון אַמעריקע און דער וועלט ניט איין איצט באַרימטן שרייבער. ווען די מעק־קאַרטי־העצע האָט זיך אָנגעהויבן איז טאָם געווען אויסער די גרע־נעצן פון אַמעריקע. ער איז שוין דאָרט ניט צוריקגעפאָרן. ער איז אַוועק קיין פּוילן, ווו זיין פרוי, אַנאַ, איז צו אים אַריבערגעקומען מיט די קינדער. טאָם האָט געפּרוווט פאָרזעצן זיין באַשעפטיקונג, אָבער די אַמעריקאַנער שרייבערס האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט — און מיט ביכער פון דער פּוילי־

שער פאָלקס־רעפּובליק האָט מען קיין ביזנעס ניט געקענט מאַכן. ער האָט אַפילו איבערגעזעצט גאַבריִעלאַ זאַפּאָלסקאַס אַ ווערק, אָבער לעבן דערפון האָט מען ניט געקענט. אַנאַ האָט געאַרבעט אין דער רעדאַקציע איבער די איבערזעצונגען פון די פּוילישע מאַטעריאַלן און בכלל איבערן ענגליש פון די רעדאַקציע־טעקסטן. זי איז געווען פון פאַך אַ לערערין און האָט ענגליש גוט געקענט. דערצויגן אין אַן עסטרייכיש הויז, אין ניו־יאָרק, דורך עלטערן מיט אַן אויסטראָ־מאַרקסיסטישן הינטערגרונט, איז זי געווען פריי פון שאָוויניזם. זי האָט געקוקט מיט אָפענע אויגן אויפן אַרום און ווי אַן אינטעליגענטע פרוי איז איר ניט שווער געווען צו דער־בליקן די ווירקלעכקייט.

רעד איך שוין פון דער פרויען־גאַלעריע, לאָמיך אויך דערמאָנען אַן אַנדערע מיטאַרבעטערין, פרוי העלען אינפעלד. זי איז געווען די פרוי פונעם וועלט־באַקאַנטן פּראָפעסאָר לעאָפּאָלד אינפעלד, דעם מיטאַרבע־טער פון פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין. נאָכן צווייטן וועלטקריג האָט אינפעלד פאַרטראַכט, — היות ער שטאַמט פון פּוילן און די פּוילישע שפּראַך און קולטור איז אין אים טיף פאַרוואָרצלט, — צוריקצופאָרן אין זיין היימלאַנד פּוילן און שטעלן זיין וויסן צום נוצן פון זיין לאַנד.

ער איז געקומען קיין פּוילן און דערמיט ניט ווייניק פּראָבלעמען פאַרשאַפט דעם סאָציאַליסטישן פּוילן. שווער געווען אָפּצוזאָגן אינפעלדן זיין הויכע וויסנשאַפטלעכע קאָמפּעטענץ, — אָבער אין נאָענטן סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט מען פון פּראָפעסאָר איינשטיין, בהחלט, ניט געהאַלטן. ער איז ניט געווען קיין סאָוויעטישער וויסנשאַפטלער, אין זיינע ווערק האָט ער סטאַלינען ניט ציטירט, און די קוואַנטן־טעאָריע, וועלכע איז געווען אָנגענומען דורך איינשטיינען, איז ניט געווען גענוג דיאַלעקטיש־מאַטעריאַ־ליסטיש אין לענינס אויגן: ער האָט זי אָרונטערגעריסן אין זיין בוך: „דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם און עמפּיראָ־קריטיציזם". היות לענין איז לענין, און די קוואַנטן־טעאָריע פון פּלאַנק, ווי די רעלאַטיוויטעט־טעאָריע פון איינשטיינען, האָבן זייער סאָלידן וויסנשאַפטלעכן גרונט — האָבן זיך די סאָוויעטישע וויסנשאַפטלעך מיט לענינס אָפּשאַצונג ניט שטאַרק איבער־גענומען. אָבער ווי אין יעדער טאָטאַליטאַרער מדינה — פאַרמשפּט איז

פֿאַרמשפּט, און מען האָט דערפֿון ניט גערעדט. אין פּוילן האָט מען זיך, וואָס אַן אמת, ניט נאַריש געמאַכט צו קוועסטיאָנירן איינשטיינס אויטאָ־ריטעט און אַפֿילו ניט פֿון זיין נאָענטן מיטאַרבעטער, פּראָפֿעסאָר אינפֿעלד — האָט מען אינפֿעלדן געגעבן אַ הויכן וויסנשאַפֿטלעכן פּאָסטן אין דער פּוילישער אַקאַדעמיע פֿאַר וויסנשאַפֿטן, אָבער דאָס האָט אים ווייט ניט געגעבן דאָס אַקטיווע, שעפֿערישע לעבן, וואָס ער האָט דערוואַרט. עס זענען אים צוגעטיילט געוואָרן, לרוב, ערן־פּאָסטנס, פֿאַרשטייערשאַפֿט אין פּוילנס נאָמען אויף וויסנשאַפֿטלעכע קאָנגרעסן אין מאָסקווע, פּעקין — נו, נאָבלעס אָבליזש! פּראָפֿעסאָר אינפֿעלד האָט דערפֿון געהאַט אַ פּאָר לייטישע האַרץ־אַטאַקעס — אָבער צורקצי̇ען זיך האָט ער מער ניט געקענט. אַזוי האָט ער שוין פֿאַרענדיקט זיין לעבן אין פּוילן.

העלען אינפֿעלד איז געווען פּראָפֿעסאָר פֿון מאַטעמאַטיק אין איינער פֿון די קאַנאַדישע הויכשולן. צוליבן מאַנגל פֿון דער פּוילישער שפּראַך — זי איז געווען אַ געבוירענע קאַנאַדערין — האָט זי אין פּוילן ניט געקענט אַרבעטן אין איר פּראָפֿעסיע. זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער רע־דאַקציאָנעלן אַנסאַמבל און, ווי אַנאַ, רעדאַגירט די פֿאַרשידנסטע מאַטעריאַלן, וועלכע זענען צו אונדז דערגאַנגען, איבערגעזעצטע דורך אונדזערע סטו־דענטן, פֿון פֿאַקולטעט פֿאַר אַנגליציסטיק.

— העלען, ווי זענען אויס די איבערזעצונגען? — האָב איך זי איין מאָל אַ פֿרעג געטאָן.

— אָ, איי פּענסי... כ׳שטעל מיר פֿאַר וואָס זיי ווילן זאָגן... — האָט זי דעליקאַט אָפּגעשאַצט די אַרבעט פֿון די איבערזעצערס — און זי האָט ווייטער געדולדיק געהובלעוועט, געשניצט די שורות ביז זיי זענען אַרויס־געקומען פֿאַרשטענדלעך, גלאַטיק.

און אַזוי האָבן אַנדערע מיטאַרבעטער איבערגעגעבן געאַרבעט, זיך באַצויגן צו זייער אַרבעט מיט דער העכסטער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט.

און די רעדאַקטאָריש־זשורנאַליסטישע כּוחות? ווידער אַ מאָל, דאָס זענען ניט געווען קיין זשורנאַליסטן, נאָר, פּשוט, אינטעליגענטע מענטשן. האָט מען באַדאַרפֿט, האָבן זיי אויך געשריבן אָדער רעדאַגירט, אַדיוסטירט. זייער פּאָליטישער בליק איז געווען אַ שאַרפֿער. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען,

געקענט אָפּשאַצן אַ לאַגע. ניט שטענדיק האָבן זיי געקענט דערמיט מסכּים זיין, אָבער לסוף זענען זיי אַרונטערגעפאַלן דעם אַמעריקאַנער כּלל: If you cannot fight him — join him *.

כ׳וועל נעמען דעם ערשטן פון זיי: האַררי יאַריס. זיין נאָמען איז אַ מאָל געווען יאַראָשעווסקי אָדער עפּעס ענלעכעס. אַזוי האָט ער מיר געזאָגט. ריכטיק געדענקט ער ניט — ער איז געווען אַ קליין קינד ווען די עלטערן האָבן אים געבראַכט קיין אַמעריקע. ווי יעדעס קינד האָט ער זיך אַוודאי געשעמט מיט זיין פרעמדן נאָמען, ניט געוואָלט וויסן פון אים. די עלטערן האָבן אָנגענומען דעם נאָמען יאַריס — טאָ זאָל זיין יאַריס — דאָס איז אַ סך בעסער. אָבער ס׳האָט אים ניט געהאָלפן — ער איז אויפגעוואַקסן, געוואָרן אַן אַקטיווער קאָמוניסט. אַמעריקע איז אַ פרייע מדינה, מע קען זיין וואָס מען וויל, אָבער עס זענען געווען די צייטן פון מעק־קאַרטי, אַ צייט ווען מען האָט יעדן אַמעריקאַנער אַריינגעקוקט טיף אין דער נשמה. כ׳ווייס ניט צי האַרריס נשמה האָט געהאַט באַזונדערע צייכנס, אָבער זיינע אַקטן האָבן בפירוש עדות געזאָגט, אַז קיין געבוירענער אַמעריקאַנער איז ער ניט. דאָס איז גענוג געווען — מע האָט אים אויסגעוויזן און ער האָט געמוזט פאַרלאָזן אַמעריקע. אַזוי איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן קיין פוילן, קיין וואַרשע. ער איז געווען אַרום די 40ער יאָרן, אַ מעטער מיט אַכציק די הייך, מיט ברייטע פּלייצעס, געקענט מאַכן אַ געוואָלט אַז די שויבן זאָלן ציטערן. אָבער ניט געפערלעך, ער האָט געקענט זיך באַהערשן, כאָטש קיין לייכטן כאַראַקטער האָט ער ניט געהאַט. זיין קאָמוניסטיש וויסן איז געווען ווייט אַנטוויקלט. מע האָט, ווייזט אויס, אויך אין אַמעריקע אים הויך געשאַצט און אַפילו געשיקט קיין מאָסקווע אויף פאַרטיי־שער שולונג. ער האָט דאַרט ניט ווייניק געלערנט. די סאָוויעטישעווירקלעכקייט, פאַרגליכן מיט דער פון אַמעריקע, וועלכע ער האָט גוט געקענט, איז ניט שטענדיק אויסגעפאַלן אין ראָזע פאַרבן. ער האָט אַוודאי געטראַכט ווי אַ סך פראַנצייזישע, אָדער איטאַליענישע קאָמוניסטן: נו, קאָמוניזם איז קאָמוניזם, עס מוז

---

* דו קענסט אים נישט באַקעמפן — ווער זיין פריינד.

ניט זיין קיין סאָוויעטישער — און איז געבליבן אין זיין אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט.

געווען מיט אים ניט ווייניק שוועריקייטן. ניט איין מאָל האָט ער ניט געקענט מסכּים זיין מיט דער סאָוויעטישער און פּוילישער פּאַרטייִשער איינשטעלונג, געוואָלט אַרויסוואַרפן זאַצן פון אַרטיקלען, רעדעס פון הויכע פּאַרטייִשע פּערזענלעכקייטן, מיט דער טענה אַז דער אַמעריקאַנער צוהערער וועט אַזעלכעס ניט אַראָפּשלינגען. ער איז גערעכט געווען — אוי, איז ער גערעכט געווען! — אָבער ניט שטענדיק האָט מען געקענט אַרויסוואַרפן זאַצן, טייל מאָל שליסלזאַצן פון אַן אַרטיקל אָדער רעדע, וואָס וואָלטן זיך בולט אונטערגעשיידט פון אָפיציעלן טעקסט וואָס איז פאַרשפּרייט אין פּוילן און איבער דער וועלט. און האַררי האָט געקעמפט, ניט מסכּים געווען, אָבער דער כּוח פון סיסטעם מיט זיין באַהאַלטענעם דרוק איז שטאַרקער. אָרעמער האַררי, עס האָט אים לסוף ניט געהאָלפן.

טייל מאָל האָט ער אויסגעפירט זיינס, און דאָס — ניט שטענדיק לטובת דער אוידיציע.

עס וואָלט ניט שלעכט געווען אויסברייטערן דעם קרייז פון אונדזערע מיטאַרבעטער — אַריינציִען שרייבערס, זשורנאַליסטן, וויסנשאַפטלערס פון דרויסן, זאָל זיך שאַפן אַ ברייטערער קרייז פון מענטשן, אויך פון אַנדערע ווי די, וועלכע האָבן כּסדר זיך געהערט פון אונדזערע אוידיציעס. ס׳האָט זיך זעלטן ווען איינגעגעבן.

דער צענטראַלער רעדאַקציע האָט זיך, למשל, איינגעגעבן אַריינצוציִען, ווי אַ מיטאַרבעטער, דעם שרייבער־דראַמאַטורג אַדאַם טאַרן. זיין פּיעסע „אַ געוויינלעכער ענין" וואָס האָט באַהאַנדלט דעם איינפלוס פון ראַסן־דיסקרימינאַציע אין אַמעריקע אויפן גאַנג פון אַ געריכט־פּאַרהאַנדלונג מיט געשווירענע ריכטער, איז געגאַנגען אַ לאַנגע צייט אויף די פּוילישע בינעס מיט גרויס דערפאָלג. טאַרן האָט לאַנגע יאָרן געלעבט אין אַמעריקע און פריי געשריבן ענגליש. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער פּעריאָדישער צייטונג „דיאַלאָגי", וואָס האָט באַהאַנדלט טעאַטער־ענינים. זיין אַרטיקל וואָלט געקענט פּאַראינטערעסירן דעם אַמעריקאַנער צוהערער. האָט אונדז טאַרן געבראַכט אַן אַרטיקל פון דעם געביט. עס איז געווען

געשריבן אין אַ גוטן ענגליש און געגעבן אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן פּוילישן טעאַטער־לעבן. כ׳האָב עס געגעבן האַררין, ער זאָל עס אַדורכקוקן און צוגרייטן פאַר דער אוידיציע. ס׳איז דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען. האַררי האָט עס געפּסלט מכּל וכל. ניט געווען קיין ענגלישער זאַץ וואָס איז אים געפעלן. נו, מילא, זיין געפיל פאַר דער ענגלישער שפּראַך האָב איך האַררין ניט געקענט אָפּזאָגן. ערגער איז געווען מיטן אינהאַלט, מיטן געדאַנקען־גאַנג פונעם אַרטיקל. האַררי האָט געטראַכט ווי אַן אַמעריקאַנער קאָמוניסט און יעדער, אַפילו אַ האָר אַנדערער, וועג פון זיין דענקען, איז אים פרעמד געווען.

דאַכט זיך, די זעלבע פּאַרטיי, די זעלבע אידעאַלן, אָבער די באַדינגונ־גען, אין וועלכע מענטשן וואַקסן, שמידן אויס זייער כאַראַקטער, אונטער־שיידן זיי פון זייערע חברים, וועלכע לעבן ווייט פון זיי — טאַקע ווי דער מיזרח פון מערב. כ׳האָב עס ניט איין מאָל באַמערקט ביי מיינע חברים פון פאַרשידענע לענדער.

איך רעד ניט וועגן הויכע פּאָליטישע פּראָבלעמען, אין וועלכע עס קומט ניט איין מאָל צום אויסדרוק אַ פאַרשידנאַרטיקער צוגאַנג פון פּאַרטייען און מענטשן. כ׳וועל דערמאָנען אַ פאַל, אין פלוג אַ קאָמישער, וועלכער שטרייכט ניט ווייניק אונטער די דאָזיקע פאַרשידנאַרטיקייט.

ווי דער פּאַקטישער פאַראַנטוואָרטלעכער פון אַ רעדאַקציע (אָפיציעל בין איך עס קיין מאָל ניט געווען — אָבער וועגן דעם ווייטער), האָב איך באַקומען פאַרשידענע בריוו, איינלאַדונגען צו קאָנפערענצן, טרעפונגען. כ׳בין דאָרט געגאַנגען לויט דער דרינגלעכקייט און נויטווענדיקייט. איין מאָל האָב איך אין מיין פּאָסט־קוריער געטראָפן אַן איינלאַדונג צו אַ טרעפונג מיט אַ „מיסטער טשיקן״. ס׳האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַ שמייכל. אַ מענטש רופט זיך „הינדל״. יאָ, אין אַמעריקע איז אַלץ מעגלעך. פאַר דער זאַך פון ביזנעס רופט זיך דאָרט אַ מענטש „מיסטער הינדל״, „מיסטער בייגל״, „מיסטער פיש״, „מיסטער שטרודל״ און ווייס איך וואָס — אַבי די ביזנעס זאָלן גיין. אין פּוילן קען מען אָבער ניט אַזעלכע געוווינהייטן. מע האָט עס ניט געקענט אין פריִערדיקן, קאַפּיטאַליסטישן, און מע קען עס ניט אין סאָציאַליסטישן פּוילן. איז „מיסטער הינדל״ געקומען קיין

וואַרשע און צוזאַמענגערופן אַ קאָנפערענץ ניט וועגן וועלכן עס איז וויסנ־שאַפטלעכן, עקאָנאָמישן, ליטעראַרישן פּראָבלעם — ניין, פּשוט, וועגן הינער! אָט אַ משוגענער, האָבן זיך די געקומענע געטראַכט, וואָס וויל ער? ווידער אַ מאָל, פאַר אַ מענטש וואָס איז געווען אין אַמעריקע איז עס ניט קיין אויסערגעוויינלעכס. ער טרעפט דאָרט גרויסע, אילומינירטע שילדן: „מיסטער טשיקן", קענטאָקי־הינער, טשיקאַגאָ־הינער — און וועלכע ניט? מען גייט דאָרט אַריין אויף אַ שנעלן מיטאָג — און הינער זענען דאָרט פאַראַן פון אַלע מינים, און אַלץ צוגעגרייט אויף אַ באַזונדערן אופן, און ביליק, זייער ביליק! נו, ס'איז דאָך פּשוט: הינער לייגן אייער, פון אייער ווערן הינער און עס וואַקסט, וואַקסט — הויך „וויסנשאַפטלעך" געזאָגט: אין אַ געאָמעטרישער פּראָפּאָרץ! האָט עס אַ ייִד אין אַמעריקע ניט געקענט פאַרשטיין ווען מען האָט אים געזאָגט אַז אין פּוילן עסט מען אַ הון „אָדער ווען דער מענטש איז קראַנק, אָדער ווען די הון איז קראַנק"... פאַר וואָס? האָט ער זיך געפרעגט און ווידער געפרעגט. לאָמיר זאָגן, אַז רינדפלייש איז ניטאָ, איז טייער, אָבער הינער, הינער איז שווער צו שאַפן? צו מערן? דאָס קען מען דאָך אַזוי לייכט מאַכן! ווייסן זיי עס ניט אין פּוילן? כ'ווייס ניט צי דער „מר. טשיקן" איז געווען אַ סימפּאַטיקער פון קאָמוניזם אָדער האָט ער סתּם געוואָלט לערנען מענטשן ווי פּשוט מע קען לייזן פּראָבלעמען, וואָס פאַלן ניט אויפן זין און זיי זענען דאָך אַזוי וויכטיק. איז אונדזער מר. טשיקן אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע, גענומען אַ צימער אין האָטעל „בריסטאָל" און צוזאַמענגערופן אַ קאָנפערענץ.

ניין, קיין ערד־ציטערניש איז דאָרט ניט פאָרגעקומען. עס איז געקומען אַ קליין הייפעלע מענטשן. זיי האָבן זיך געוויצלט, געלאַכט, אָבער געבליבן אין די ראַמען פון העפלעכקייט. אונדזער מיסטער טשיקן, אַ ביסל אַ באַבייכלטער, אַ מענטש איבער די פופציק, האָט אָוועקגעשטעלט דעם ענין. ער האָט גערעדט ווי אַ מענטש, וועלכער קען זיך אויף דער זאַך און האָט פּערזענלעכע דערפאַרונג. ער האָט פאָרגעשטעלט די ראַמען פון הינערצוכט אין קליינעם פאָרמאַט, אין גרעסערן. ער האָט ברייט אַרומגע־רעדט די פּראָדוקציע־ראַמען און די מעגלעכקייטן. כ'גלייב אַז ערענבורג מיט זיין לאַזיק רויטשוואַניעץ, וועלכער האָט פּראָדוצירט וווּנדער אין זיין

קינגלעך־צוכט... אויפן פּאַפּיר — האָט קאַליע געמאַכט דאָס גאַנצע עסק. קיינער האָט זיך ניט באַצויגן ערנסט צו דעם וואָס מיסטער טשיקן האָט געזאָגט. און ער האָט עס ערנסט געמיינט, און פּוילן האָט זיך אין דעם געניייטיקט. אָבער וואַרשע איז ניט קענטאָקי, ניט טשיקאַגאָ — די זעלבע זאַכן זענען ניט אומעטום די זעלבע. ס׳איז דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען. אַלץ איז טאַקע פּראָסט און פּשוט, אָבער אַמעריקע איז אַמעריקע און פּוילן איז פּוילן, און פּוילן גייט אַלץ ווייטער אויפן אַלטן וועג: אַ מענטש עסט אַ הון ווען ער איז קראַנק אָדער ווען די הון איז קראַנק...

אַ הינדעלע — אַ קליינטשיק הינדעלע, און אַפילו אַרום דעם קען מען זיך ניט אייניקן...

אין וואַרשע, אין ראַדיאָ, אין שמועסן מיט אַלטע פּאַרטיי־חברים, איז דער דאָזיקער ריס צווישן דער שיינער טעאָריע און מיאוסער ווירקלעכקייט, דורכגעלעבט אַליין, בולט געוואָרן. אַ פֿאַקט, וואָס איז פֿאַרביי שטיל, כּמעט אומבאַמערקט, האָב איך פֿאַרהאַלטן אין מיין זכּרון — דאָס איז געווען מיט פּאָטאַשן.

פּאָטאַש איז געווען אַ חבר אין די גאָר הויכע אינסטאַנצן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַמעריקע. אויך ער האָט געמוזט אין יענע מעק־קאַרטי־יאָרן אַוועק פֿון אַמעריקע. כ׳האָב אים געזען אין וואַרשע. ער איז געקומען דעמאָלט צוריק פֿון מאָסקווע. מע האָט זיך וועגן אים געשושקעט, געוואָרט וואָס פֿאַר אַן אַרבעט ער וועט באַקומען, ווי וועט ער זיך אַוועקשטעלן. גאָרניט. ס׳איז שטיל געוואָרן. ער איז צוריקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע. די מעשׂה פֿון לעאָניד אַנדרעיעווס טייוול אויף דער ערד („דער טאָגבוך פֿונעם שׂטן״), ר׳איז שנעל צוריק אַוועק אין גהינום. דאָרט איז געווען אַ סך לייכטער און ליבער...

די אַמעריקאַנער חברה האָבן דערוועגן ניט גערעדט. זיי האָבן אַוודאי שוין פֿריִער שלום געמאַכט מיט זייער לאַגע און געוואַרט אויף זייער געלעגנהייט.

און געווען זענען זיי ערנסטע, גוטע, איבערגעגעבע חברה. אַרבעטזאַמע ווי אַמעריקאַנער — צו דער זאַך! זיי האָבן אויסגעפֿירט זייער אַרבעט

ווי אַ הייליקע אויפגאַבע. זיי האָבן זיך באַמיט איבערצווייזן פון פוילן דאָס וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר מעגלעך און גערעדט וועגן אַמעריקע מיט רעספּעקט.

כ׳האָב לסוף, אין אַ שיינעם טאָג, באַשלאָסן איבערצורייסן מיין אַרבעט אין דער ראַדיאָ־אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד. פאַר וואָס ? האָט מיך ווער באַליידיקט ? אויסגעדריקט אומצוטרוי ? — חס וחלילה ! — אַלץ איז געגאַנגען גוט און ווויל, אַן טענות צו מיר, אַלץ איז אַדורך גלאַטיק, אָן ענדערונגען. און טאַקע דאָס איז מיר ניט געפעלן !

כ׳האָב געאַרבעט אין ראַדיאָ, אין דער אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד איבער פינף יאָר. כ׳בין איבער דער צייט געווען אויף פאַרשידענע פּאָסטנס, געאַרבעט מיט פאַרשידענע מענטשן, מיט ניט קיין לייכטע אויפגאַבעס — אָז וועלכע עס איז קאָנפליקטן. מיט ניט ווייניק פון זיי האָב איך זיך זיך האַרציק באַפריינדט. כ׳האָב געשריבן אַרטיקלען, קאָמענטאַרן, אַדאַפּטירט מאַטעריאַלן, אָרגאַניזירט די אוידיציעס. חוץ מיין זשורנאַליסטישער אַרבעט האָב איך געהערט צו דער פּאַרטיי־לייטונג, געפירט קורסן, געגעבן רעפעראַטן — און בין געלויבט געוואָרן, באַקומען אויסצייכענונגען. יאָ, מע האָט מיך זייער געשאַצט און ליב געהאַט, ווי אין דער דערציילונג פון אָסקאַר ווײַלד : „דער געטרייער פריינד״. אָבער אין מיין אַרבעט בין איך ווייטער ניט געגאַנגען. כמעט דריי יאָר האָב איך געפירט די אַמעריקאַנער רעדאַקציע אָן אַ פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר, געטאָן אַלע זיינע אַרבעטן — אָבער ווי אַ פאַרטרעטער. באַשטימען מיך ווי דעם פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר איז דער ראַדיאָ־פאַרוואַלטונג ניט איינגעפאַלן.

האָב איך אין אַ שיינעם טאָג דאָס געהאַט גענוג.

בין איך ניט אַריינגעפאַלן אין אַ מינדערווערטיקייט־געפיל ? כ׳גלייב ניט. ווען מע אַרבעט עטלעכע יאָר אויפן זעלבן אָרט האָט מען גענוג באַווייזן ניכטער אָפּצושאַצן וואָס מע איז ווערט. וואָלט מען מיין אַרבעט ניט געשאַצט, וואָלט מען זיך מיט מיר ניט געצאַצקעט און מיר שוין לאַנג געוויזן דעם וועג. וואָס זשע דען ? וואָס איז געווען די סיבה פון דעם מאַראַזם ?

יאָ, דאָס איז געווען אַ קאָמפּלעקס, אָבער ניט מײַנער. און דאָ קומען מיר צום אָרט ווו דער הונט ליגן באַגראָבן.

אײן שפּיץ פון פּוילנס ראַדיאָ־אָפּטײלונג פאַר אויסלאַנד איז געשטאַנען אַן אַלטער פּאַרטײ־חבר, עדוואַרד אוזדאַנסקי. ער איז געווען אַ מיטגליד־פאַרטרעטער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּוילישער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, די אַזוי גערופענע „פּוילישע פאַראײניקטע אַרבעטער־פּאַרטײ" — אַ הויכער פּאָסטן אין אַ פאָלקס־דעמאָקראַטיע. ער איז געווען אַ „פרומער", כּשרער פּאַרטײ־חבר. אַלץ וואָס איז אַרויסגעגאַנגען פון די פּאַרטײ־אינסטאַנצן איז געווען אמת, נײַטיק — ניט אָפּצופרעגן, חס וחלילה. אוזדאַנסקי האָט נאָר געהאַט אײן פלעק אויף דער נשמה — ער איז געווען אַ ייִד. דאָס איז ניט אַלץ. זײַן אַדיוטאַנט, אָדער וויצע־דירעקטאָר, ווי מיר זאָלן אים ניט רופן, נאָרבערט מעלער, איז אויך געווען אַ ייִד.

ניט אײן מאָל האָט מען זיך באַגעגנט מיט דער טענה: „פיר אַרײַן אַ ייִד אויף אַ געוויסן אַרבעטסאָרט, וועט ער מאָרגן זיך אַרומרינגלען מיט צענדליקער ייִדן..." כ׳האָב געפאָרשט דעם דאָזיקן ענין אין פּוילישן ראַדיאָ פאַר אויסלאַנד — יאָ, עס זענען דאָרט געווען אַ סך ייִדן. ס׳האָט אָבער דעמאָלט ניט געקענט אַנדערש זײַן.

דערצו זענען נײטיק געווען פרעמדע שפּראַכן, אַ געוויסער אינטעלעקטועלער ניוואָ. יעדער טייל פון דער פּוילישער אינטעליגענץ, וועלכער האָט זיך דערצו געאײגנט, איז געווען פײַנטלעך צום נײַעם רעזשים און צו די דאָזיקע אַרבעטן ניט צוגעלאָזט געוואָרן. אויב האָט זיך אין דער ראַדיאָ־אָפּטײלונג אָנגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל ייִדן, איז עס ניט ווײַל אַזוי האָט געוואָלט אוזדאַנסקי. נײן. ער האָט עס ניט געוואָלט, זיך קעגן דעם פּאַרטײידיקט מיט אַלע כּוחות — ער האָט אָבער ניט געהאַט קײן ברירה.

אַזוי איז אין שפּיץ פון דער צענטראַל־רעדאַקציע, וועלכע האָט צוגעשטעלט אַלגעמײנע אַרטיקלען און קאָמענטאַרן פאַר אַלע רעדאַקציעס, געשטאַנען הענריק פּאַדאָלסקי, וואָס האָט אוזדאַנסקי געקענט העלפן, אַז פּאַדאָלסקי איז געווען אַ ייִד?

פאַראַנטוואָרטלער פאַר דער ייִדישער רעדאַקציע איז געווען דוד קאַרפּינאָוויטש. אַ פּעיִקער ווילנער חברה־מאַן; אויסגעקאָכט אין דער

יידישער ליטעראַטור, קולטור, מיט אַ פּרעכטיקן ווילנער ייִדיש. וועמען אַנדערש האָט מען געקענט דאָרט אַוועקשטעלן בראש?

בראש פון דער ענגלישער רעדאַקציע איז נאָך דזשאָנען געשטאַנען שווייצער — אַ קלוגער מענטש, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין די אַנגלאָסאַקסישע לענדער — קיין אַנדערער איז ניט געווען.

אין שפּיץ פון דער דייטשישער רעדאַקציע איז געשטאַנען פּרוי מעלער, הובערט מעלערס פרוי, און די רעדאַקטאָרן, וועלכע זענען געזעסן אין דער קאָנטראָל־רעדאַקציע, זענען אַלע געווען ייִדישע חברים. אוזדאַנסקי האָט ניט ווייניק געמוזט באַלאַנסירן כּדי דערהאַלטן זיין אָפּטיילונג — די אָפּטיילונג פון פּוילישן ראַדיאָ פאַר אויסלאַנד.

ער האָט שווער באַלאַנסירט... פון צייט צו צייט האָט מען געדאַרפט אויסטיילן אויסצייכענונגען, פּרעמיעס, און ניט איין מאָל איז מיר אויסגע־קומען צו הערן נעמען פון פרויען, מענער, וועלכע האָבן זיך, באמת, מיט גאָרניט ניט אויסגעצייכנט, חוץ דעם וואָס זיי זענען געווען ריינע אַריער. וואָס האָט ער געקענט טאָן? ער האָט דאָך געמוזט לאָזן הערן אויך פּוילישע נעמען!

זיצט אַ מענטש אין דער אַמעריקאַנער רעדאַקציע דריי יאָר ווי פאַר־טרעטער פון פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר. אַלץ גייט שיין און גוט, איז צו וואָס אים נאָמינירן ווי פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר און שטעכן די אויגן מיט נאָך אַ ייִדישן פאַראַנטוואָרטלעכן רעדאַקטאָר? ווער דאַרף עס? און עס וואָלט נאָך זיכער אַזוי ווייטער געגאַנגען — ס'איז געווען אַזוי לייכט און פּשוט. אָבער מיר איז די שטרויס־פּאָליטיק נימאס געוואָרן און כ'האָב באַשלאָסן ניט מיטצוהעלפן אוזדאַנסקין אין זיין נאַציאָנאַלער גימנאַסטיק, און אַוועקגיין, זוכן אַן אַנדער אַרבעט.

כ'האָב ניט געמאַכט קיין טומל. קיינער אויף מיין אַרבעטסאָרט האָט אַפילו ניט געוווּסט וועגן מיין באַשלוס אַוועקצוגיין. כ'האָב זיך די זאַך רויִק איבערגעלייגט — כ'מוז אויפן אָרט ניט בלייבן.

כ'האָב באַשלאָסן צו ווענדן זיך אין צענטראַל־קאָמיטעט און בעטן אַן אַנדערע אַרבעט.

# אַראָפּ פון די כוואַליעס פון עטער

פאַר דער צייט פון מיין אַרבעט אין ראַדיאָ האָב איך פון דער פּאַרטיי קיין שום הילף ניט געהאַט. האָב איך געוואָלט די אונטערשטיצונג פון פּאָדאָלסקין, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע פון דער גאַנצער אָפּטיילונג, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אין אַ טויבער וואַנט. ער האָט זיך געהאַלטן אין פּאַרגליווערטע כּללים — ניט אַדורכצוברעכן.

איין מאָל האָב איך דאָך געוואָלט אַ ריר טאָן אַן ענין און אַוועק אין צענטראַל־קאָמיטעט זוכן הילף. איך האָב אָנגעטראָפן אויף אַן אַלטן פּאַרטיי־חבר, חבר אָקס, אַן איינגעהילטן אין פּאַרטייִשער עטיק. כ׳האָב פאַר אים אַרויסגעלייגט באַזונדערע פאַלן וועלכע האָבן געפאָדערט אַן אינטערווענץ און זיך אָנגעשטויסן אויף אַן ענדגילטיקן ווידערשטאַנד מצד פּאָדאָלסקין.

— פאַר וואָס גלייבסטו אַז פּאָדאָלסקי איז שטייף אין זיינע האַנדלונגען? מיינסטו אַז ער איז ניט אויפריכטיק?

— ניין — כ׳וועל אייך זאָגן, צווישן אונדז גערעדט, כ׳גלייב, אַז עס ווירקט שוין זיין עלטער, — ער וויל אויסמיידן יעדן קאַמף...

אויף מיין נאָענטסטער טרעפונג מיט פּאָדאָלסקין האָט ער מיר פאַרגעוואָרפן אַז כ׳האָב זיך באַקלאָגט אויף אים אין צ.ק., אַז ער איז שוין אַלט. ס׳איז מיר געווען זייער, זייער ניט אָנגענעם. אַן אינטימע מיינונג, אַרויסגעזאָגט אין אַן ענגן שמועס, איז אונטערגעטראָגן געוואָרן ברוטאַל, ציניש, אומפאַראַנטוואָרטלעך. ס׳איז געווען זייער ניט געשמאַק.

האָב איך שוין באַשטימט ווידער צו גיין צו די הויכע פּאַרטיי־אינסטאַנצן, האָב איך גענומען דורכוואַרפן אין געדאַנק די הויכע פּאַרטיי־פונקציאָנערן, אויף וועלכע כ׳קען טרעפן, און גענומען זיך גרייטן צום שמועס. ניין, כ׳וועל ניט גיין אין דער ריכטונג פון אָנגריף — סוף כּל סוף האָבן די

וועלכע שטייען איבער מיר שטאַרקערע פּלייצעס אין די הויכע אינסטאַנצן — און אַזאַ צוגאַנג קען ניט האָבן קיין שום שאַנס אויף דערפאָלג. כ׳בין געפאַלן אויף אַ זיכערן מאַנעווער: כ׳וועל זיך אַליין אָנגרייפן! כ׳וועל פאַרטיידיקן די חברים פון דער ראַדיאָ־לייטונג! כ׳האָב גענומען, ווי מע רופט עס, אַ פּאָזיטיוון, קאָנסטרוקטיוון צוגאַנג.

כ׳בין אַוועק אין צענטראַל־קאָמיטעט און געהאַט מזל. איך האָב אָנ־געטראָפן אויף אַ פּוילישן חבר, יוזעף טשעסאַק, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין אַ קוילן־גרעבער־משפחה אין פראַנקרייך. ער האָט גוט גערעדט פראַנצייזיש. געהאַט, ווי מען זאָגט, אַ געזעלשאַפטלעכן שליף. שוין פון מיין ערשטן טריט האָב איך ביי אים דערפילט וואַרעמקייט און מענטש־לעכקייט. ר׳האָט מיט מיר גערעדט ווי מיט אַן אַלטן באַקאַנטן. כ׳דערמאָן זיך ניט צי מיר האָבן זיך ווען עס איז געטראָפן אויף דער בעלגישער, פראַנצייזישער עמיגראַציע. עס האָט זיך גלייך איינגעשטעלט צווישן אונדז אַ נאָענטער קאָנטאַקט און עס איז אַוועק אַ פרייער האַרציקער שמועס אויף פראַנצייזיש. ער האָט מיר דערציילט וועגן אַלטע באַקאַנטע, וועגן זיין פאַמיליע.

ס׳איז געקומען די צייט כ׳זאָל נעמען רעדן וועגן מיין ענין.

כ׳האָב אויף אַ מינוט ניט פאַרגעסן אַז כ׳געפין זיך אין דעם מעכטיקן פּאַרטייהויז, אַז כ׳זיץ פאַר אַ חבר, וועלכער איז אויף אַ הויכן פּאָסטן, אַז כ׳דאַרף זיך דאָך רעכענען מיט זיינע ראַמען און באַגרענעצונגען, די ליניע פון מיין שמועס האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין דער געשאַפענער אַטמאָס־פער. כ׳האָב גענומען רעדן וועגן מיין אַרבעט, מיינע אויפגאַבעס. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און כ׳בין אַריבער צום ענין:

— אַלץ איז אין אָרדענונג, אָבער — מיט מיר שטימט עפּעס ניט. כ׳אַרבעט שוין אין ראַדיאָ איבער פינף יאָר און כ׳האָב ניט געמאַכט קיין איין טריט פאָרויס, קיין איין טריט ווייטער אין מיינע פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. אַזוי שאַצט מיך אונדזער לייטונג אָפּ. זיי ווייסן אַוודאי וואָס זיי טוען, כ׳בין מסתּמא שלעכט אין מיין אַרבעט. כ׳בין געקומען צום אויספיר אַז כ׳מוז זוכן...

ער האָט מיר ניט געלאָזט ענדיקן:

— וואָס רעדסטו? מיט אַ פּאָר חדשים צוריק האָבן מיר זיך געווענדט צו דער ראַדיאָ־לייטונג זיי זאָלן דיך אַרויסגעבן. מיר האָבן דיך געוואָלט צוטיילן צום אויסערן־מיניסטעריום, זיי זאָלן דיך שיקן ווי אַ פּאָליטישער יועץ פון דער פוילישער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין קאָרעאַ און זיי האָבן אָפּגעזאָגט. זיי קענען דיך ניט באַפרייען, זיי מוזן דיך דאָרט האָבן — האָבן זיי געטענהט. און ס'איז דערפון גאָרניט געוואָרן.

כ'בין געבליבן זיצן געפּלעפּט — אַ באָבטשינסקי און דאָבטשינסקי־מעשׂה פון גאָגאָלס „רעוויזאָר" אין אַ פּאַרקערטער ווערסיע. ביי גאָגאָלן האָבן באָבטשינסקי און דאָבטשינסקי פונעם קליינעם שטעטל געוואָלט אַז דער רעוויזאָר זאָל כאָטש איבערגעבן אין מאָסקווע אַז אַזעלכע צוויי עקזיסטירן. דאָ, ווייזט זיך אַרויס, אַז אויבן, גאָר אויבן אין דער פּאַרטיי, ווייסט מען פון מיר, מע האָט פּאַר מיר אַן אינטערעסאַנטן פּאָרשלאָג, אָבער אונטן טוען מענטשן אַלץ כ'זאָל דערוועגן אַפילו ניט געוווּיר ווערן.

— זיי האָבן אָנגעגעבן אַלע ארגומענטן — האָט מיין חבר געצויגן — אָנגעוויזן אַז זיי קענען דיך ניט אַרויסגעבן.

— אַ שיינע מעשׂה! וואָלטן זיי מיר כאָטש דערוועגן געזאָגט!

— מיר האָבן פּאַר דיר אויך איצט אַן ענלעכע אַרבעט, אָבער זיי וועלן דיך ניט באַפרייען.

— הער זיך צו מיין טייערער חבר — בין איך שוין אַריבער אויף אַן אַנדערן טאָן — כ'האָב באַשלאָסן צו פּאַרלאָזן מיין אַרבעט אין ראַדיאָ. צי זיי ווילן, צי ניט, איך וועל דאָרט ניט בלייבן. ווייסט דאָך, די צייטן פון שקלאַפעריי זענען שוין לאַנג פּאַרביי. ס'וועט מיך קיינער ניט צווינגען כ'זאָל דאָרט בלייבן...

— אַן אינטערעסאַנטע מעשׂה — און ער האָט זיך צעלאַכט. נו, לאָז מיר איבער דעם ענין, ביז מאָרגן.

כ'האָב זיך מיט אים וואַרעם געזעגנט און אַוועק צו מיין אַרבעט. צו מאָרגנס האָט מען מיר פון צ.ק. צו וויסן געטאָן, אַז פון ערשטן יוני 1956 ווער איך איבערגעשיקט צו דער דיספּאָזיציע פונעם אויסערן־מיניסטעריום, וועלכער שיקט מיר ווי אַ פּאָליטישן יועץ פון דער פוילישער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם.

אויף מיין אַרבעטאָרט האָב איך געלאָזט וויסן אַז מיטן סוף פון לויפּנ־דיקן חודש הער איך אויף צו אַרבעטן אין ראַדיאָ. וואָס כ׳וועל טאָן, האָב איך ניט געזאָגט.

כ׳בין גערופן געוואָרן צו אוזדאַנסקין אויף אַ שמועס אין פיר אויגן. ער האָט מיך שטאַרק אַגיטירט כ׳זאָל בלייבן ווי דער... פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר. כ׳האָב געשמייכלט, אים העפלעך געדאַנקט און אָפּגעזאָגט.

אין לעצטן טאָג פון מיין אַרבעט האָט מיר מיין רעדאַקציע איינגעאָר־דנט אַ באַנקעט. מע האָט געהאַלטן טאָסטן, געטרונקען, געלויבט מיין אַרבעט — ס׳איז געווען לעבעדיק, וואַרעם. אויך פּאָדאָלסקי איז געווען צווישן די באַטייליקטע, האָבן מיר דאָך געאַרבעט די גאַנצע צייט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט, האָט ער זיך דאָך אויך באַטראַכט ווי אַן אַמעריקאַנער. ער האָט גערעדט זייער וואַרעם וועגן מיין אַרבעט אין פּאַרטיי־קאָמיטעט, אין דער רעדאַקציע. ער האָט שוין געהאַט פאַרענדיקט ווען ער האָט אַ פרעג געטאָן:

— קען מען וויסן וווּהין דו גייסט ?

— כ׳ווער געשיקט דורכן אויסערן־מיניסטעריום ווי דער פּאָליטישער יועץ פון דער פּוילישער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם.

אַ שטורעם פון אַפּלאָדיסמענטן האָט אויפגענומען מיין ענטפער. מיט פרייד אויפן פּנים איז מען געקומען מיך גראַטולירן, מיר דריקן די האַנט. קיין בעסערע פאַרענדיקונג פון מיין אַרבעט אין ראַדיאָ האָב איך זיך ניט געקענט ווינטשן.

אפשר וועט ווער פרעגן: וואָס איז געשען מיט די, וועלכע כ׳האָב געטראָפן אין די פאַרשידענע רעדאַקציעס, די מענטשן וועלכע זענען געקומען אין סאָציאַליסטישן פּוילן זוכן שוץ און גליק ?

אַ גרויסער טייל פון דער פראַנצייזישער רעדאַקציע, וועלכער האָט אַ מאָל געמוזט פאַרלאָזן פראַנקרייך, איז ביסלעכווייז אַוועק אין דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע, אינעם קאָנסולאַט, און אויסגעדריקט זייער ווילן צוריקצופאָרן. זיי האָבן באַקומען אַ פּאַספּאָרט און אַ וויזע אָן שוועריקייטן. די פּראָווינצן פון דער פאָרשטייערשאַפט האָבן ממזריש געקעוועטשט מיטן

לינקן אויג — זיי האָבן געוווסט אַז מיט קאָמוניזם וועלן די דאָזיקע חברה שוין קיינעם ניט אָנשטעקן.

מיינע חברים פון דער שפּאַנישער רעדאַקציע זענען אַלע, ביזן לעצטן, צוריקגעפאָרן קיין שפּאַניע, און דאָס — ווען דער פראַנקאָ־רעזשים איז נאָך געזעסן גוט אין זאָטל. פראַנקאָ האָט זיך מיט זייער קאָמוניזם ניט שטאַרק איבערגענומען. אמת, זיי האָבן זיך געדאַרפט היטן, ניט אַרויס־ווייזן קיין אַנטי־פראַנקאָ־טעטיקייט, און דאָס האָבן זיי אויך אויסגעמיטן. זיי האָבן זיך דערוואַרט פראַנקאָס טויט. געוואָרן פרייע בירגער ביי זיך אין לאַנד. ראָמאָ, ווידאַל, זענען שוין אין שפּאַניע געשטאָרבן. מאַריאָ אַנכעלעס איז געשטאָרבן אין צפון־שפּאַניע, אין דער געגנט פון סיעררא־לעאָן.

און מיינע חברים פון דער אַמעריקאַנער רעדאַקציע? — זאָרגט זיך ניט!

דזשאָן ווייט איז מיט זיין פרוי צוריק אין קאַנאַדע, אין זיין טאָראָנטאָ. דער קאַנאַדישער אימפּעריאַליזם האָט אים ניט געשיקט אין קיין לאַגער, כאָטש קאַנאַדע, ווי דער סאָוויעטן־פאַרבאַנד, גרייכט ביזן נאָרדפּאָל און האָט ניט ווייניק אינדזלען דאָרט. די קאַנאַדער זענען אין זייער וויסן ניט אַזוי פּראָגרעסיוו. זיי ווייסן ניט ווי מע מאַכט סאָלאָווקי־אינדזלען...

אַנאַ גראָס מיט איר מאַן טאָם זענען צוריק אין אַמעריקע. זי איז ווידער, ווי פריער, שול־לערערין. טאָם, אין גוטן עלטער, אַ קראַנקער, זיצט אין דער היים, ער אַרבעט ניט מער. גלאַטיק איז עס ניט געגאַנגען. פאַרן אַרויסרייסן פון דער אַמעריקאַנער און פון דער פּוילישער סביבה, האָבן די קינדער באַצאָלט מיט פאַרלוירענע יאָרן און מעגלעכקייטן.

יאָריסן האָב איך באַזוכט אין זיין היים. אויף די בראָנקס, אין ניו־יאָרק. כ׳בין געזעסן מיט אים אין זיין היים. ס׳איז געווען שטיל אַרום. גערדאַ, זיין פרוי, איז געווען ביי דער אַרבעט. די טאָכטער. אַ זייער פעיִקע, נאָך אירע יורי־סטודיעס — פאַרשאַפט זיי אַ סך נחת. מיר זענען געזעסן און געשמועסט. זיין גייסטיקער צושטאַנד איז געבליבן ווי כ׳האָב אים געקענט אין וואַרשע — פריש, שאַרף, אַקטיוו.

— מע האָט זיך צו מיר געווענדט, כ׳זאָל אָנשרייבן וועגן דער ווירט־שאַפט אין פּוילן — האָט ער מיר דערציילט — כ׳וואָלט עס גערן געטאָן.

ווען כ׳האָב געזען אַז דער פאַרלאַג וויל, אַז כ׳זאָל שרייבן וואָס ע ר וויל, האָב איך אָפּגעזאָגט.

האַררי איז געבליבן די זעלבער בונטאַרישע נאַטור ווי ער איז געווען — ער נעמט ניט אָן אַלץ וואָס מען וויל פון אים.

זיין פיזישער צושטאַנד לאָזט אָבער אַ סך צו ווינטשן. ניטאָ מער דער הויכער ברייטער, געזונטער יאַריס.

— ווייסט — האָט ער מיר אַ זשעניִרטער געזאָגט — ווען כ׳גיי מיט מיין פרוי אַרויס אין דרויסן און כ׳טראַכט, אַז אין פאַל ווען מען וועט זי אָנגרייפן, וועל איך גאָרניט ניט קענען טאָן, איז מיר ניט ליב אויף דער נשמה.

כ׳בין געזעסן שטיל, געטראַכט. אַ שטורמיש לעבן איז געקומען צו אַן אָפּהאַלט. און דאָך איז גוט געווען צו זען אים אין אַמעריקע, אין זיין סביבה, וועלכע ער האָט איצט, נאָך זיין אָפּזיין אין סאָציאַליסטישן פּוילן, בעסער דערלערנט און געשעצט.

העלען אינפעלד האָט נאָכן טויט פון איר מאַן פאַרלאָזט פּוילן מיט אירע קינדער. אינפעלדס זון איז אָנגענומען געוואָרן אויף איינעם פון ענגלאַנדס בעסטע אוניווערסיטעטן. אויך די טאָכטער איז געווען אין ענגלאַנד. זי איז צופעליק געווען אין אַ האָטעל ווו ס׳איז פאָרגעקומען אַ טעראָראַקט. זי איז דאָרט שווער פאַרוווּנדיקט געוואָרן.

מיט ניט ווייניק פון מיינע אַמאָליקע ראַדיאָ־פריינד שטיי איך ביז היינט אין בריוולעכער פאַרבינדונג. גוטע, ליבע חברה — זיי זענען מיר געבליבן טייער ביזן היינטיקן טאָג.

ס׳איז געווען אינטערעסאַנט צו אַרבעטן אין דער אָפּטיילונג פון פּוילישן ראַדיאָ פאַר אויסלאַנד. כ׳האָב בלויז ניט געקענט אַראָפּשלינגען די נאַציאָנאַל־סטאַטיסטישע פּאָליטיק פון דער ראַדיאָ־לייטונג.

און כ׳בין אַראָפּ פון די פליגל פון עטער.

ס׳האָבן זיך געעפנט פאַר מיר נייע האָריזאָנטן. זיי האָבן גערעגט דעם געדאַנק, גערייצט מיט נייע מעגלעכקייטן. בין איך אַוועק קיין וויעטנאַם, צו מיין נייער באַשטימונג, מיטצוהעלפן רעאַליזירן דעם סאָציאַליסטישן טרוים אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע.

# אויפן וועג קיין וויעטנאַם

וואָס איז דאָ צו רעדן ? אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אין סאָציאַ־ליסטישע, אַז האָסט ניט וועמען וואָס שטייט הינטער דיר, וואָס רעקאָמענ־דירט דיך, קומט אַלץ אָן מיט גרינגע ווערעם און קופּערנע פּיסקעס, אָבער האָסטו וועמען הינטער זיך, גייט אַלץ צו גלאַטיק, גיך, גרינג.

אין אויסערן־מיניסטעריום בין איך אַריין זאָרגלאָז, מיטן רעכטן פוס. מע האָט שוין געוואָרט אויף מיר. מע האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, כאָטש כ׳האָב דאָרט קיינעם ניט געקענט. מע האָט שוין געהאַט אַנגעזאָגט אַז כ׳וועל געשיקט ווי דער פּאָליטישער יועץ פון דער פּויליש־שער דעלעגאַציע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם. די שטימונג אַרום מיר איז געווען: „גוט וואָס ער איז געקומען!"

ס׳האָט ווער אַ וואָרף געטאָן אַ פראַגע וועגן פרעמדע שפּראַכן, האָט קראַווטשינסקי, דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער אָפּטיילונג, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. אַ צווייטער האָט אַ שעמעוודיקער אַ פרעג געטאָן צי כ׳קען פראַנצייזיש. ס׳האָט ווער מיט אַ לאַך אַוועקגעמאַכט די פראַגע. איידער כ׳האָב זיך אומגעדרייט בין איך אַרויפגענומען געוואָרן אויף דער ליסטע. כ׳בין פאַרזען געוואָרן מיט צעטעלעך צום דאָקטער, צום שניידער, צום אינטענדענט, און מיט אַ באַשטימטער דאַטע, ווען כ׳וועל זיך דאַרפן לאָזן אין וועג אַריין, אויף מיין רייזע דורך מאָסקווע, פעקין — קיין האַנאָי.

די צוגרייטונג צו דער רייזע האָט געדויערט אַ צוויי וואָכן. כ׳האָב באַקומען אַן איינשפּריצונג קעגן קדחת, פּאָקן און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכן, אַן איינשפּריצונג וועלכע מען פילט גוט נאָך אַ צוויי־דריי טעג, און נאָך איינשפּריצונגען — קרענק אויף דער וועלט פעלן ניט!

מע האָט מיך אויסגעריכט מיט זעקס פּאָר אונטערוועש, העמדער, סקאָרפּעטן, צוויי קאָסטיומען — אַ טונקעלן און אַ העלן — און וואָדקאַ

האָב איך באַקומען, און קאָניאַק, און וויסקי — פאַר מיינע פּאַרטנערס, זיי וועלן דאָך קומען צו מיר מיך זען, מיט מיר רעדן, איז ווי רעדט מען עס אָן אַ גלעזל משקה?

ווען אַלץ איז שוין געווען געטאָן, געמאַכט, באַזאָרגט, האָב איך באַקו־מען מיין דיפּלאָמאַטישן פּאַס און מיין פליבילעט, ווי ס׳געהער צו זיין — ערשטע קלאַס!

איך רעד אַזוי אַלץ אין ערשטער פּערזאָן: איך און איך, אָבער אַזוי איז עס. איך האָב באַקומען, נאָר איך. אויף אַזאַ מיסיע, וועלכע געדויערט לכל הפחות אָנדערטהאַלבן יאָר, קומט אויס צו פאָרן אַליין, אָן פרוי און קינדער. מיט פרוי און קינדער צוזאַמען קען מען נאָך אַ מאָל באַשטי־מען „אויסצוויילן די פרייהייט״, ניט צוריקקומען. נאָר דער נומער „איינס״ פון דער דעלעגאַציע פאָרט מיט זיין פרוי. דאָס רעדן אין דער ערשטער פּערזאָן איז, אַלזאָ, ניט פון גאַווה. פאַרקערט, ס׳איז אַ סימן־דלות...

# אין מאָסקווע

פאַרוואַנדלט אין אַ גוט־אויסגעריכטן פּאַסאַזשיר, האָט די גרענעץ זיך געעפנט ווי מיט אַ צויבער־שטעקעלע און די שעהען צווישן וואַרשע און מאָסקווע, זענען אַן שוועריקייטן שנעל פאַרביי. כ׳בין געשטאַנען אויפן מאָסקווער פליפעלד, ווגוקאָווא. כ׳האָב דאָרט אַפילו די פיס ניט דערוואַרעמט. אַ פאָרשטייער פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע האָט מיך אויפגענומען, און גלייך, אין אַ לימוזינע, מיך געבראַכט אין ערשטקלאַסיקן האָטעל „מעטראָפּאָל". ער האָט מיך באַזאָרגט מיט טאַשנגעלט, געגעבן אַלע נייטיקע אָנווייזונגען און איז אַוועק. כ׳בין געבליבן אַליין.

כ׳האָב צעשטעלט מיינע זאַכן, אַריין אין באַדצימער מיט דער אַלטער עמייל־וואַנע און זיך גוט אויסגעבאָדן. אַן אויפגעפרישטער בין איך צו צום פענצטער, געקוקט אויף דער נאַכטיקער מאָסקווע, אויף אירע פייערלעך, וועלכע האָבן געפינקלט אין דער פינצטערניש.

אין מאָסקווע האָב איך פּלאַנירט צו בלייבן דריי טעג. געוואָלט אַ קוק טאָן אויפן מאַוזאָליי, וווּ עס ליגן לענין און סטאַלין, באַקענען זיך אַ ביסל מיט די מאָסקווער גאַסן, מיטן מעטראָ, אויסנוצן די געלעגנהייט און אַ קוק טאָן אויפן מאָסקווער באַלעט — ס׳טייטש! בין איך דאָך אין מאָסקווע... בדרך־כלל זענען אַלע בילעטן אויסגערונען, ניטאָ. פאַר אַלע? ניין. אין האָטעל־ביוראָ וועל איך באַקומען אַלע אינפאָרמאַציעס — און יעדן בילעט, וועלכן כ׳וועל נאָר ווען.

כ׳האָב אויסגעקליבן פאַרן מאָרגנדיקן אָוונט דעם באַלעט „די שוואַנען־אָזערע".

צו מאָרגנס פרי בין איך אַוועק צום לענין־מאַוזאָליי. די ריי איז נאָך געווען אַ קליינע. מענטשן פון יעדן שניט: פּויערים, אַרבעטער, סאָלדאַטן, מענער, פרויען האָבן געדולדיק־שטיל געוואַרט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט

און כ׳בין געווען אינעווייניק. פון ערשטן מאָמענט אָן ווערסטו אַ טייל פון אַ לויפנדיקן באַנד. דו מוזט גיין פאָרויס, קענסט ניט בלייבן שטיין, און קיין צוריק איז ניטאָ — כ׳וואָלט עס אויך קיינעם ניט געראָטן, גייסטו און קוקסט רעכטס. ווייגען מעגסטו, שמייכלען — חס וחלילה! משוגע? אַלץ גייט פאַרביי שנעל. האָסט ניט קיין צייט צו טראַכטן, מיט אַ וואָך אָרום און אַרום, און מיט לענין און סטאַלין, אַפילו טויטערהייט, איז בעסער ניט אָנצוהייבן...

מאָסקווע האָט ווייניק ביימער, גרינס. די גאַסן זענען שטיינערדיק, מרה־שחורהדיק. דאָ און דאָרט ציט צו די אויפמערקזאַמקייט אַ פּלאַץ, אַן אָרט איינגעוויקלט אין רום פון דער פאַרגאַנגענהייט — דער רויטער פּלאַץ, דער סאָבאָר און אַ ביסל ווייטער — דער פּלאַץ וווּ עס געפינט זיך דער מוזיי פון דער רעוואָלוציע. דורכן קרעמל־מויער קוקן זיינע טורעמס און דער זייגער קלאַפּט אויס די שעהען מיטן שיינעם ניגון פון „שיראָקאַ סטראַנאַ מאַיאַ ראָדנאַיאַ״, וועלכער רייסט זיך איבער אין מיטן...

עסן מיטאָג אין שטאָט איז אין מאָסקווע אַנדערש ווי אין פּאַריז צי לאָנדאָן. ניטאָ די אויפשריפטן, די שילדן פון רעסטאָראַנען, וועלכע מאָנען און רופן. גייסט אַריין אין עפּעס וואָס זעט אויס ווי אַ שענק. דאָס עסן איז דאָרט נאָר אַ פאַרבייסן. מע איז צוגעגרייט זאָלסט נעמען עפּעס צום טרינקען — עסן, ווייזט אויס, דאַרף מען אין דער היים, דאָס וואָס איז דאָ.

ווען כ׳בין אָוונט־צו אַוועק צוריק צו מיין האָטעל, האָט מיך ביים איינגאַנג פאַרהאַלטן אַ יונגע פרוי און מיך געפרעגט ווי שפּעט עס איז. כ׳האָב אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ און פאַרזשמורעט די אויגן. וואָס איז? אין צענטער פון מאָסקווע ווייסט אַ פרוי ניט ווי שפּעט עס איז? זייט ניט נאַיִוו. זי האָט גוט געוווּסט. זי האָט געפרעגט ווי שפּעט עס איז און געמיינט האָט זי עפּעס אַנדערש. טאַקע דאָ, אין צענטער פון מאָסקווע, אַ הונדערט און זיבעציק יאָר נאָך דער גרויסער בורזשואַזער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, פערציק יאָר נאָך דער גרויסער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, ניט ווייט פון קרעמל, ניט ווייט פון לענינען און סטאַלינען, גייט ווייטער אָן דאָס עלטסטע פאַך אין דער וועלט, ווי ס׳וואָלט גאָרניט ניט פאָרגעקומען. מע ווייסט נאָך אַלץ ניט ווי שפּעט עס איז...

דער אָונגברויט אין „מעטראָפּאָל" — פאַר דעם ניט באַשיידענעם פּרייז פון פינף און צוואַנציק רובל (דעמאָלט — פינף און צוואַנציק דאָלאַר), ווען דער חודשלעכער געהאַלט פון אַן אַרבעטער האָט באַטראָפן הונדערט און פופציק רובל — איז ניט געווען קיין אויסערגעוויינטלעכער. כ'בין ניט צעבאַלעוועט. כ'האָב געגעסן אָן טענות, געקוקט אַרום זיך. דער עסזאַל איז געווען אָפּגעלאָזן, ווי ער וואָלט געבליבן אָן אַן ענדערונג זייט דער רעוואָלוציע. עס האָבן זיך געהערט איינשלעפערנדיקע טענער פון אַ וואַלס, פון „אָטשי טשאָרניִע". ערגעץ אין אַ ווינקל זענען געזעסן עטלעכע יוגנט־לעכע, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, געקוקט מיט ניט דרייסטע אויגן. די שטימונג איז געווען אַ געצוימטע, אַ טריבע. ס'האָט זיך מיר געוויס ניט געבענקט נאָך די אַמאָליקע געסט פון דאָזיקן זאַל, נאָך די אָפיצירלעך מיט די פּאָגאָנעס און לאַמפּאַסן, וואָס טאַנצן אונטערן רויש פון ווײַן און שאַמפּאַניער און פאַרשפּרייטן אַרום זיך אַ שיכּורן געלעכטער. אָבער, צו אַלדע גוטע יאָר — באַר זיי האָבן זיך געקענט ווײַלן, מאַכן די מאָסקווער נעכט לעבעדיקע, פרייַלעכע?!

אין אָוונט בין איך אַוועק אין „באָלשאָי טעאַטער", אויף דער „שוואַ־נען־אָזערע". דעם דאָזיקן באַלעט האָב איך שוין ניט איין מאָל געזען, געקענט ניט ווײַניק פון זיין מוזיק. כ'האָב געוואָלט זען דעם באַלעט אין זיין אָריגינעלער, טשאַיקאָווסקי־סביבה, אויסגעפירט דורכן מאָסקווער אַנסאַמבל, אין מאָסקווער באָלשאָי־טעאַטער, פאַר אַ מאָסקווער פובליקום.

כ'בין אַריין אין טעאַטער מיט אַ הארץ אָנגעפילט אַ פריִאָרי מיט באַגייסטערונג. כ'בין געגאַנגען קוקן, זען, לערנען. האָב איך געקוקט, געהערט און געזען. ס'איז כדאַי געווען. וואָלט איך ניט געגאַנגען, וואָלט איך עס מיר ניט מוחל געווען. כ'האָב שוין געהאַט געזען אויפן מערב ניט ווייניק באַלעט־אַנסאַמבלען, און די מאָסקווער באַלעט־שול, נאָך אירע הונדערט און פופציק יאָר, מיט אירע אַלטע, איבערגעחזרטע באַוועגונגען, וועלכע זענען סאַקראַל, ניט צו ענדערן, האָבן ביי מיר ניט אַרויסגערופן קיין ענטוזיאַזם. אויך ביים פובליקום האָב איך ניט געזען קיין ענטוזיאַזם. מע האָט אַפּלאָדירט די אָדער יענע באַלערינע, אָבער ווי אַ גאַנצקייט האָט מען עס אויפגענומען ווי אַ שוין גוט באַקאַנטע אימפּרעזע, וועלכע מע

קען און שעצט, אָבער מאַנפלעצלעך ווערן אויך צוגעגעסן. די סביבה, דער גאָרטן, ווו כ׳האָב בעת דער פויזע עפּעס געטרונקען, האָט געקענט זיין ליכטיקער, פריילעכער, שענער און די מענטשן — מער „ביי זיך אין דער היים״. ס׳איז ניט שיין ניט אַרויסצווייזן קיין ענטוזיאַזם, לויב, אָבער וואָס זאָל איך טאָן? דאָס קומט ניט אויף באַשטעלונג, מחמת העפלעכקייט. אַזעלכער איז דער אָוונט געבליבן אין מיין זכרון.

די זון האָט שוין פון לאַנג „געוואָרפן אירע שטראַלן אויף דער קרעמל-מויער״, ווי עס זינגט זיך אינעם ליד, ווען כ׳בין אַראָפּ צו פרישטיק. ס׳איז מיר געבליבן נאָך אַ שליחות אויסצופירן אין מאָסקווע. אַ ברודער פון אַ חבר מיינעם אין וואַרשע, האָט אין די מלחמה-יאָרן פאַרוואַנדערט קיין מאָסקווע, דאָרט חתונה געהאַט, זיך באַזעצט. מיין חבר האָט מיך געבעטן אים אויפזוכן און אָפּגעבן אַ גרוס. כ׳דערמאָן זיך נאָך איצט דעם אַדרעס — ערגעץ אויף דער באַומאַנסקאַיאַ גאַס. כ׳בין אַוועק אין אינפאָרמאַציע-ביוראָ פון האָטעל, פרעגן ווי מע קומט דאָרט אַהין.

אין פּאַריז אָדער לאָנדאָן דאַרפסטו ניט פרעגן. נאָך איידער דו שטעלסט אַ טריט האָסטו אין מעטראָ די שטאָטמאַפּע. קיין מאַפּע פון מאָסקווע האָב איך ניט געהאַט. ניט געהאַט ווען כ׳בין דאָרט אָנגעקומען און ניט געהאַט ווען כ׳בין פון דאָרט אַוועקגעפאָרן. דער סאָוועטן-פאַרבאַנד שלינגט איין געגנטן, לענדער אונטער זיין פולער הערשאַפט, אָבער די לאָזונג גייט אַלץ: „פאַרטיידיק דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד״, זיי וואַכזאַם — דער שׂונא לויערט!״ אַ טעלעפאָן-בוך, אַ שטאָטפּלאַן איז דאָרט ניט סתּם אַ טוריסטי-שער פּראָספּעקט, וועלכן מען טיילט אויס אויף רעכטס און לינקס — ווער ווייסט אין וועמענס הענט דאָס קען אַריינפאַלן? האָב איך זיך אַוועק-געשטעלט אין דער ריי, צום אינפאָרמאַציע-טיש, וואַרטן ביז כ׳וועל צוקו-מען, פרעגן. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ באַאַמטער פון דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע מיט אַ באַנקנאָט פון הונדערט דאָלאַר, מע זאָל עס אים אויס-טוישן אויף רובל. ער וואַרט אויף דער טראַנזאַקציע און לאַכט. ער וועט פאַר אים ניט באַקומען קיין גאַנצע הונדערט רובל און אויפן שוואַרצן מאַרק צאָלט מען פאַר אים פינף מאָל, צען מאָל אַזוי פיל. אָבער וואָס קען ער טאָן? גיין אויפן שוואַרצן מאַרק און זיך קאָמפּראָמיטירן? ער

ווייסט אַז דער פּרייז וועלכן מען וועט אים געבן איז אַ ליגן — איז וואָס? דאָס איז דער איינציקער ליגן אין מאָסקווע?

מע האָט מיר אָנגעגעבן אין דער אינפאָרמאַציע ווי אַזוי צו קומען אַהין ווו כ'האָב באַדאַרפט. מיטן מעטראָ האָב איך געקענט דאָרט לייכט אָהינקומען. ווו בייטן די סטאַציע, וועט מיר שוין די „דיעוואָטשקאָ" זאָגן. די „דיעוואָטשקאָ" (דאָס מיידל) דאָס איז די בילעט־קאָנטראָלערין.

דער מעטראָ איז געבויט מיט אַ באַזונדערן לוקסוס, ניט צו פאַרגלייכן מיט דעם פון פּאַריז צי לאָנדאָן. פאַר וואָס עפּעס אין מאָסקווע אַזאַ פאַרשווענדערישער אָביעקט, מיט ווענט פון מאַרמאָר — ממש פּאַלאַצן אונטער דער ערד? פאַרנדיק אַ מידער פון דער אַרבעט אַהיים זאָל זיך דער אַרבעטער פילן ווי אין אַ פּאַלאַץ — האָבן די בויערס פונעם פּראָיעקט געטענהט. אין מיין געדאַנק האָט עס געשאַפן אַ פאַרקערטן עפעקט. סוואָראָוו האָט געהאַלטן אַז אַ סאָלדאַט דאַרף מען אַזוי האַרט שולן, אַז ווען ער וועט קומען אויפן שלאַכטפעלד זאָל ער זיך זאָגן: „אוי, ווי גוט דאָ איז!" ווי וועט דער אַרבעטער, נאָך זיין שווערער אַרבעט אין דער פאַבריק, נאָכן אָפּזיין אין מעטראָ־פּאַלאַץ, אויפנעמען זיין היים, זיין לייבלעכע, טאָגטעגלעכעווירקלעכקייט? איר ווילט אפשר דערוועגן דיסקוטירן מיטן טאַטן פון מאָסקווער מעטראָ, מיט לאַזאַר מאָיסעיעוויטש קאַגאַנאָוויטש און זיינע מיטהעלפער? ווו זענען זיי? גייט דיסקוטירט מיט זיי, זאָל עס אייך ווויל באַקומען...

כ'בין געשטאַנען פאַרן הויז פון מיין פריינדס ברודער. דאָס איז געווען אַ הילצערן הויז, נו, אַ כאַטע, ווי מען זעט אין די דערפער, אַ כאַטע ווי אין פּושקינס מעשהלע וועגן דעם גאָלדענעם פישעלע. אמת, ניט מיט אַ שטרוידאַך, נאָר אַ כאַטע מיט אַ צווייזייטיקן, משופּעדיקן דאַך מיט שינדעלעך — אין סאַמע מיטן פון דער גרויסער מאָסקווע!

דערמאָן איך זיך אין יעסענינס פּאָעמע וועגן די פויערים, וועלכע האָבן געבויט מאָסקווע, זייער מאָסקווע, ווייל מיט יעדער דאַמבע זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין די זומפּן פויערישע קערפּערס. די פויערים זענען געקומען

ניט איין מאָל, מיט בונט און פייער, כּדי צוריקצונעמען זייער מאָסקווע, אָבער זיי זענען פאַרטריבן געוואָרן דורך די באַיאָרן.

און אָט צעשאַלן זיך אין מיין מוח לערמאָנטאָווס העראָישע שורות, וועגן דער שלאַכט ביי באָראָדינאָ, ווי מאָסקווע האָט געקעמפט, זיך פאַרטיי־דיקט קעגן די פראַנצויזן, געלאָזט פאַרברענען מאָסקווע, אָבער ווייטער געקעמפט, און ניט אָפּגעגעבן מאָסקווע, און דאָ איז אַ כאַטע שטיין געבליבן — אַ כּוח פון אַ כאַטע! יאָ, די כאַטע שטייט ווי ניט זי מיינט מען. דער נומער אויף איר שטימט, ווי ער איז פאַרצייכנט ביי מיר. עפן איך די טיר און גיי אַריין.

ניין, כ׳בין ניט אַריין גלייך אין אַ שטוב אַריין. עס איז געווען אַ פרייער, לענגלעכער פּירעק. די ווענט, ביי די ליידיקע זייטן זענען געווען אויסגעפּילט מיט קיכן — גאַזקיכן פאַרן איינוווינער־קאָלעקטיוו. ווייטער זענען געווען איין־צימער־וווינונגען. אין איינער פון זיי האָט געוווינט מיין פריינדס ברודער. מיין שטיל קלאַפּן אינעם זונטיקדיקן מאָרגן האָט געטראָפן מיין פריינדס ברודער און זיין פרוי שוין לאַנג אויפגעשטאַנענע, ביי אַ טעטיקן טעלעוויזאָר.

דער גרוס וועלכן כ׳האָב געבראַכט פון ברודער אין וואַרשע האָט אונדז מיט איין מאָל דערנענטערט. מיר האָבן קיין סך ניט גערעדט — גערעדט האָט דאָס צימער מיט אַ בעט ביי יעדער וואַנט, אַ טיש אויבן אָן ביים איינציקן פענצטער, אַ בענקל דאָ און דאָרט און, ווי זאָגט דאָס ווערטל: „גליקלעך מיט דעם וואָס דאָס הויז פאַרמאָגט...״

די פרוי אַ רוסישע, אַ פּשוטע, אַ זייער סימפּאַטישע. זיי אַרבעטן ביידע. קיין קינדער זענען ניטאָ. זי איז אַ ביסל קראַנק, אָבער קיין באַזונדערע טענות האָסטו ניט געהערט. ס׳איז אויך ניט געווען קיין אָרט פאַר אַ שמועס. כ׳האָב איבערגעלאָזט דאָס פּעקעלע וואָס דער ברודער האָט מיר פאַר זיי איבערגעגעבן און זיי פאַרבעטן אויף מיטאָג צו מיר אין האָטעל. כ׳האָב אָנגעזאָגט אַז כ׳וועל וואַרטן אויף זיי אין האָל פון האָטעל. כ׳האָב זיך געפרייט וואָס כ׳נעם זיי אַרויס אין צענטער, כ׳וועל האָבן מיט וועמען צו שפּאַצירן, שמועסן... מיט שמועסן דאַרף איך זיך ניט קלאָגן. נעכטן האָב איך זיך צום מיטאָג אָנגעשטויסן אויף אַן אינזשעניר פון

קאַווקאַז, אַן אָפּענער, ליבער מענטש. ווען כ׳האָב אים פאַרבעטן אויף אַ שפּאַציר האָט ער זיך זייער העפלעך אַנטשולדיקט און צוגעשמייכלט... נו, איצט וועל איך האָבן מיט וועמען צו שפּאַצירן איבער די מאָסקווער גאַסן.

כ׳בין געזעסן אין האָל, געוואַרט און געלייענט אַ צייטונג. מיטן דערנענטערן זיך פון דער שעה האָב איך גענומען וואַרפן, פון צייט צו צייט, אַ בליק צום אַריינגאַנג. ווען כ׳האָב זיך אַ ביסל פאַרלייענט און אין אַ מינוט שפּעטער אַ קוק געטאָן, האָב איך געזען מיינע געסט אָנקומען. כ׳בין געווען אַ ביסל ווייטלעך אין זאַל און האָב גענומען גיין צו זיי. אין צווישן זענען זיי פאַרהאַלטן געוואָרן. אַ הויכער טשעקיסט מיט ברידזשעס, מיט הויכע שטיוול, מיט פאַרגלאַנצטע כאַלעוועס, האָט פאַרהאַלטן מיין פריינדס ברודער, גענומען אויספרעגן. כ׳בין דאָרט צו און אַ זאָג געטאָן:

— זיי זענען געקומען צו מיר.

דער אינצידענט איז געווען געשלאָסן. מיין פריינד און זיין פרוי זענען אַוועק מיט מיר אומגעשטערט. דעם טשעקיסט האָב איך פריִער ניט געזען. ער איז מיר דערשינען אויפן אַמעריקאַנער דעאוס-עקס-מאַכינאַ-שטייגער. ער האָט מיך אַוודאי געקענט, אויף דעם איז ער דאָרט געשטאַנען. ער האָט אָפּגעמאָסטן מיין פריינדס ברודער מיט אַ ביטול-בליק, וועלכן ער האָט גלייך איבערגעוואָרפן אויף מיר, מיטן באַשיינפּערלעכן אויסדרוק:

— אַהאַ, ביסטו עס אַזאַ איינער...

מיין פריינדס ברודער האָט, אַוודאי, מיטגעמאַכט אַ שווערן, קאַלטן מאָמענט אין יענעם הייסן מאָסקווער זומערטאָג.

נאָך מיטאָג זענען מיר אַרויס אויף שפּאַציר. מאָסקווע האָט ניט קיין שפּאַציר-אַלעען, קיין שאַנז-עליזע, און אַז מען קען ניט קיין באַשטימטע ערטער, ווייסט מען ניט ווו זיך אַהינצוטאָן.

נאָענט צו מיין האָטעל איז געווען דער רויטער פּלאַץ. ס׳האָבן זיך געצייכנט די קאָנטורן פונעם גרויסן טעאַטער, דעם באָלשאָי, פונעם בלאַגאָוועשטשענסקער סאָבאָר, אָבער אַרום און אַרום איז געווען ליידיק. מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען. מיר וואָלטן גערן אַריין אין אַ באַר, קאַפע, אָבער ס׳האָט זיך מיר אַזעלכעס ניט אונטערגערוקט. נאָך אַ לאַנגן

קרייז זענען מיר אַריין צוריק אין מיין האָטעל. מיר האָבן זיך געזעגנט נאָך אַ קאַווע. כ׳בין אַ מידער אַרויף אין מיין צימער.

שפּעט אין אָוונט האָט מיך דער אויטאָ פון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע געבראַכט אויפן וונוקאָווא־פּליפעלד, צו מיין ווייטערדיקן וועג.

דאָס צווייטע מאָל וועל איך דעם וועג מאָסקווע־פּעקין מאַכן אין זיבן שעה. דאָס מאָל האָט עס מיטן טו־101 גענומען 22 שעה, מיט איבער־רייסן אין סווערדלאָווסק, אָמסק, אירקוטסק, אולאַן־באַטאָר און נאָך עטלעכע סטאַציעס אין צווישן. וואָס הייסט עטלעכע סטאַציעס אין צווישן? פליסט און פליסט, קוקסט אַראָפּ און זעסט פעלדער, וועלדער, טייכן ווו קיין מענטש האָט זיין פוס ניט געשטעלט. פליסט איבער דער כאַזאַן־אָזערע, איבער שטחים ברייטע און ווייטע. די מעכטיקע מאָטאָרן פון אונדזער אַעראָפּלאַן ברומען, קיינער הערט זיי דאָרט ניט.

מיט די פּאַסאַזשירן מאַכט מען דאָ ניט קיין איבעריקע קונצן — יאָ צובינדן, ניט צובינדן דעם גאַרטל — קיינער קוקט ניט אויף דעם. מע פליט. די פּילאָטן טוען זייער מלאכה פלינק און זיכער, ווי די שדים. אין אולאַן־באַטאָר האָב איך אַפילו קיין ריכטיק לויפּבאַנד ניט געזען. כ׳האָב געקוקט פון אַעראָפּלאַן, פאַרבייגעפלויגן קליינע הייזלעך, זיך פּאַשענדיקע פערדלעך, שעפּסן, געפרעגט זיך ווו וועט ער דאָ לאַנדן — כ׳האָב ניט באַוויזן צו פרעגן — איינס און צוויי, און מיר האָבן געלאַנדט, שטיין געבליבן. מיר זענען אַריין אין אַ הייזקע — דער פעראָן פונעם פליפעלד. כ׳האָב געטראַכט, באַלד, באַלד וועט מען מיר דערלאַנגען ציגנמילך, שעפּסנקעז, אָבער ווו? חס וחלילה, ס׳פּאַסט ניט! מע האָט אונדז דערלאַנגט געשמאַקע קאַווע מיט מילך — ס׳זאָל זיין ווי אומעטום!

קוים אויסגעטרונקען, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, האָט מען אונדז גערופן צוריק צום אַעראָפּלאַן, צום אָפּפלי. כ׳האָב געקוקט, פון וואַנען וועט ער זיך דאָ רירן, אָפּפליִען? פרעגט ניט קיין שאלות. ווידער אַ מאָל, האָט ער זיך אָפּגעריסן ווי אַ שד גלייך און גלאַטיק, און דאָס מאָל — גלייך קיין פּעקין.

ווי אַ מענטש פאַרפאָרט עס ניט אין זיין לעבן!

ווען כ׳האָב פאַרלאָזט פראַנקרייך אויף מיין וועג קיין פוילן, האָב איך זיך געזאָגט: נו, ברודערל, פאַרגעס אין רייזעס. אין פוילן וועסטו זיצן רויק, אַ סוף צו דיינע פאָרעניש ן! אָבער ווייזט אויס, אַז מיין רייזע־ליסטע איז נאָך געווען אַ לאַנגע. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און עס איז מיר אויסגעפאַלן מיט אַ דעלעגאַציע פון פוילישן ראַדיאָ צו באַזוכן טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, רומעניע, בולגאַריע — ניט צו זינדיקן! מיט דער צייט האָב איך דעם דאָזיקן וועג געמאַכט עטלעכע מאָל, מיט פרוי און קינדער, צום שוואַרצן ים, אויף אורלויב, קיין רומעניע, בולגאַריע דורך טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן. נו, דאַכט זיך, ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן, ניט ווייניק זיך אָנגעקוקט די לענדער אויף דער מיזרח־זייט. כ׳האָב רויִק געקענט צומאַכן דאָס בוך, וויפל נאָך איז דער שיעור? איז מיר איצט אונטערגעקומען דער ענין וויעטנאַם — און כ׳בין אַוועק קיין מאָסקווע, און אָט שטייען מיינע פיס אין פעקין. ווי זאָגט זיך עס אין ענגליש: יו נעווער נאָו — קענסט קיין מאָל ניט וויסן!

# אין פּעקין

אויפֿן פֿליפֿעלד האָט מיך אָפּגעוואַרט עמעצער פֿון דער פּוילישער אַמבאַסאַדע און מיך געבראַכט מיטן אויטאָ אין האָטעל. כ׳האָב ניט געפֿרעגט ווו, וואָס, צו פֿיל געווען צו פֿרעגן, און די כינעזישע נעמען וואָלט איך סיי ווי ניט געדענקט.

דער האָטעל איז געווען אַ פּשוטער, אַ ריינער און מיך פֿאַרזיכערט מיט פֿולן וויקט דריי מאָל אַ טאָג, און דאָס — אויפֿן אייראָפּעיִשן שטייגער. וואָס האָב איך מער געדאַרפֿט? כ׳האָב געהאַט פֿאַר זיך דריי טעג אין פּעקין. כ׳בין געווען זייער מיד פֿון דער לאַנגער נסיעה. כ׳האָב געגעסן דאָס אָוונטברויט און געגאַנגען שלאָפֿן. פּעקין און דאָס ווייטערדיקע האָב איך געלאָזט אויף מאָרגן.

די האָטעל־באַדינערס האָבן כמעט אַלע געקענט ענגליש, ווער מער, ווער ווייניקער. אין אַ האָטעל, ווו עס זענען איינגעשטאַנען בלויז געסט פֿון אויסלאַנד, האָט די כינעזישע פֿאָלקס־רעפּובליק געשיקט גוטגעפּרווטע, פּאַרטיי־איבערגעגעבענע חברים. זיי האָבן אונדז, אַוודאי, גוט באַוואַכט, אָבער כ׳האָב פֿון זיי גאָרניט ניט באַדאַרפֿט. די פּוילישע אַמבאַסאַדע האָט שוין פֿאַר מיר געזאָרגט: צוגעפֿירט, אַרומגעפֿירט מיך פֿון אָרט צו אָרט, צוריקגעפֿירט. די עס־שעהען פֿון פֿרישטיק, מיטאָג און אָוונטברויט זענען געווען אָנגעגעבן אין ענגליש, די מאַכלים — אויך אַלץ איז געווען פּראָסט און פּשוט, ניט געווען וואָס צו פֿרעגן.

דעם ערשטן פֿרימאָרגן האָט מען מיך געבראַכט אויפֿן מעכטיקן פּלאַץ, וועלכן מען זעט אין דער טעלעוויזיע בעת יעדן גרעסערן יום־טוב, ווו עס פּאַראַדירן הונדערטער טויזנטער — דאָס מיליאַרדיקע כינעזישע פֿאָלק קען זיך דערלויבן אויפֿצומאַרשירן! אַ טריט פֿון דאָרט איז דער טיען־אַן־מען, דער ווינטער־פּאַלאַץ, באַשטעלט מיט סטאַטועס פֿון לייבן פֿון ביידע זייטן

און די ווענט — באַהאָנגען מיט די פּאָרטרעטן פון די פּאַרטיי־פירערס און לאָזונגען, פאַרשטייט זיך, אין כינעזיש.

דער אַרייַנגאַנג אין פּאַלאַץ איז דורך אַ טויער וועלכער שניידט זיך דורך אַ פּאַגאָדע. און דאָ הייבן זיך אָן די סורפּריזן: די איינגאַנג־פּאַגאָדע איז בלויז די ערשטע. דערנאָך גייסטו מיט אַ וועג, וועלכער פירט צו אַ צווייטער, צו אַ דריטער, צו אַ פערטער — און אַזוי ווייטער און ווייטער. און די פּאַגאָדעס ווערן צאָלרייכע, ממש אַ וואַלד פון פּאַגאָדעס, פאַרשידן אין זייער פאָרעם און באַשטימונג: אַן אויפנעמזאַל, אַ גערינכטזאַל, אַ מוזיי, אַ פּריוואַטער אַפּאַרטאַמענט און אַנדערע. דער געבוי פון זיי איז אונדז פרעמד, און ערשט די סורפּריזן צווישן די פּאַגאָדעס: אָט איז אַ האַלברונדע וואַנט, ווו אַז דו שעפּטשעסט שטיל אַ וואָרט הערט מען עס ביי דער צווייטער, ווייטער וואַנט. און אָט זענען דריַי שטיינער. ווען דו שטייסט אויף איינעם און גיסט אַ פּאַטש מיט די הענט הערסטו איין אָפּקלאַנג. אויפן צווייטן שטיין, ווען דו גיסט אַ פּאַטש מיט די הענט — הערסטו צוויי אָפּקלאַנגען. אויפן דריטן — קלינגט עס דריי מאָל אָפּ. די מאַנדאַרינען האָבן געהאַט זייערע וויסנשאַפטלערס און האָבן זיך דערביי געוויילט. ביי איינעם אַ דורכגאַנג צווישן צוויי פּאַגאָדעס שטייט אַ בוים ביי יעדער זייט. די קרוינען פון די צווייביימער זענען צווישן זיך פאַרפלאָכטן ווי צווייגן פון זעלבן בוים — באַזונדערע ביימער — און פאַראייניקט ניט צו דערקענען, ניט אָפּצושיידן. ברענגען טאַקע די כינעזער די יונגע פּאָרלעך אַהער, פירן זיי אַדורך אונטער דעם דאָזיקן פאַראייניקטן בוים פאַר אַ סגולה אַז זיי זאָלן זיך צונויפוואַקסן ווי די דאָזיקע ביימער. ניט שלעכט צו הערן וועגן דער הומאַנישער זאָרג פאַרן יונגן פּאָרל, ווען מען ווייסט אויך וועגן דער פּיין, אויפגעצווונגען אויף דער כינעזישער פרוי, צו פאַרקריפּלען זיך די פיס צוליב פּרויען־שיינקייט און די גאָרניט פריילעכע אַקצענטן פון קאָנקובינאַט.

דער אַנדערער פּאַלאַץ אין פּעקין, דער זומער־פּאַלאַץ, האָט ניט די שאַרפע אַקצענטן פונעם ווינטער־פּאַלאַץ. די פּאַגאָדעס דאָ זענען ברייטערע, באַקוועמערע און זייערע מויערן רופן אַרויס באַוווּנדערונג מיט זייער גלאַטער, גלייכער ליניע. די פיגורן, חיות, שלאַנגען און כל מיני באַשע־

פענישן, נאַטירלעכע און איבערנאַטירלעכע, זענען ווונדער פון סקולפּטור־קונסט און שאַפן אַ הינטערגרונט פאַר די צאַלרייכע פעקינער, וועלכע קומען דאָ אַהער ווי אין אַ פּאַרק שפּאַצירן, שיפּן זיך, און די קינדער — צו זייערע, האַרציקע, נאַיִווע שפּילן. דאָס זענען איבערבלייבענישן פון די מאַנדארינען, וועלכע האָבן דאָ געהערשט הונדערטער, טויזנטער יאָרן, סימנים פון הערשאַפט און קולטור, וועלכע זענען פאַרהיט געוואָרן דורך דער כינעזישער מויער, און זיי זענען צו אונדז אין משך פון דורות ניט דערגאַנגען.

בין איך געשטאַנען פאַר דער כינעזישער מויער, ניט דער גאַנצער, אַ, ניין! דו זעסט בלויז אַ קלייניטשקן טייל פון איר. דו זעסט ווי זי ציט זיך אויס, דערוווייטערט זיך פון דיר — אַ לענג פון טויזנטער קילאָמע־טער וועסטו ניט אַרומנעמען מיטן אויג. דו זעסט ווי זי ציט זיך באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, ביז דו פאַרלירסט זי פון אויג. כ'האָב ניט געמאָסטן איר ברייט, כ'האָב בלויז געזען אַז אין צווישן איז זי אויסגעפילט מיט שטיינער, ערד, גראָז און איר ברייט דערמעגלעכט, אַ מענטש זאָל זיך אויסציִען און שלאָפן...

אין איר צייט איז די דאָזיקע מויער געווען אַזוינס מיט וואָס מע האָט זיך געמוזט רעכענען. זי האָט אָפּגעזונדערט, אָפּגעטיילט פון דער אויסער־לעכער וועלט. האָט די וועלט ניט געוווּסט פון כינע און כינע, וועלכע האָט געוואָלט האַלטן אירע גוטע זאַכן פאַר זיך, האָט ניט געוואָלט וויסן פון דער וועלט. ווען די מערב־לענדער האָבן,ביים סוף פון ניינצנטן יאָר־הונדערט, דורכגעבראָכן די מויער און אַריין קיין כינע האָבן זיי געטראָפן מענטשן וואָס עסן קעץ און מייז...

ווען כ'בין געווען באַזוכן די קברים פון דער מינג־דינאַסטיע, קילאָ־מעטער ווייט פון פעקין, זענען די קברים געווען גוט געהיטן. אויפן וועג האָב איך געזען לייבן, פאַרשידענע אַנדערע ווילדע חיות, דערנאָך מענטשן און לסוף סאָלדאַטן — אַלץ פון שטיין. איז וואָס פאַר אַ ווונדער וואָס אויסער די געביידעס און די זיילן אין זיי פון מעכטיקע דאָמבשטאַמען (נייטיק געווען צוויי מענטשן כדי זיי אַרומצונעמען) איז אַלץ געווען צעראַ־

בעוועט. די שטיינערנע לייבן, שלאַנגען און עקדישן, חכמים און סאָלדאַטן האָבן ניט געהאָלפן.

ווייט אין די בערג אַרום פּעקין זענען מיר אַריין אין אַ טעמפּל, ווו הונדערטער בודאַס זענען געזעסן אין זייער באַקאַנטער פּאָזע, אויף פאַר־לייגטע פיס, מיטן אייביקן שמייכל אויפן פּנים. בלויז איין בודאַ האָט רעוואָלטירט, איז אויפגעשטאַנען, געוואָלט אַוועקגיין. די נאָענטע צו אים חוזקן, לאַכן, ווי קומט עס? אַ בודאַ און ברעכט אַ מנהג? און זיי שטופּן אים צוריק אויף זיין אָרט, דאָ דאַרף ער זיצן, בלייבן ווי יעדער איינער, אַ בודאַ איז אַ בודאַ, ער דאַרף זיצן און שמייכלען! קומען דאָ מענטשן אַהער, קוקן אויף די רייען פון די אַוועקגעזעצטע בודאַס, קוקן אויף דעם וועלכער איז אויפגעשטאַנען און געוואָלט אַוועקגיין, טאָן אַ זאַך וואָס אַ בודאַ טוט ניט. און די בודאַס אויף די פּאָליצעס, און די באַזוכערס וועלכע קומען דאָ אַהער, לאַכן אַלע צוזאַמען פון דעם וואָס האָט געוואָלט טאָן אַנדערש...

וועלכע הויפּטשטאָט האָט עס ניט איר גרויסן מאַרק? אין מאָסקווע רופט מען עס די באַראַכאָלקאַ, אין פּאַריז — דער וואַנצנמאַרק, אין מאַדריד — דער ראַסטראָ, אין אַמעריקע זענען פאַראַן מערערע דאַון־טאַונס אָדער באַריאָ־טשינאָס. איז ווי גייט מען ניט זען דעם ריכטיקן פּראָטאָטיפּ פון כינעזישן מאַרק? דער כינעזישער מאַרק, ווי מעכטיק, לאַנג און ברייט ער זאָל ניט זיין, ברענגט שוין קיין שום ביַיעס ניט אַריין. סוחרים, מאַרק־הענדלער זענען אומעטום די זעלבע מיט זייער געשריי און געפּילדער — דער ציל איז צו פאַרקויפן סחורה. ענדערן ענדערט זיך בלויז דער מין סחורה, וואָס מע געפינט אויפן מאַרק. אַוודאי איז דאָ די מערהייט סחורות כינעזיש, אַ טייל באַקאַנטע, אַ טייל אומבאַקאַנטע פאַר אונדזער אויג. פאַרהאַלטן האָב איך זיך אין אַ ווינקל ווו עס זענען געשטאַנען פיגורן, געשניצטע אין האָלץ, ניט אַזעלכע וואָס מע פאַרקויפט אין אייראָפּע, פון וועלכע מען פילט נאָך דעם פרישן שניץ און פאַרב פון דער פאַבריק. כ׳האָב זיך אַפילו געוואַקלט, צי קויפן צי ניט, זיי זענען געווען אמתע קונסטוואַכן — לאָזט מען אַזעלכע אַדורך די גרענעץ? כ׳האָב, לסוף, פאַר

הונדערט יואַן, אַרום 25 דאָלאַר, אָפּגעקליבן און געקויפט 4 פיגורן: אַ פישער, אַ פויער, אַן אַלטיטשקן און אַ בודאַ מיט אַ דיקן בויך און אַ ברייטן שמייכל. אַלע פיר קונסטווערק, אויסגעשניצט ערנסט און אויפריכטיק, האָבן אַרויסגעבראַכט אַלע אייגנשאַפטן, וואָס נאָר אַ קינסטלעריש אויג קען באַמערקן. געוועזן אַ תענוג אויף זיי צו קוקן. ניין, מע האָט זיי ביי מיר ניט אָוועקגענומען ביי דער גרענעץ, כ'האָב זיי אַלע אַהיימגעבראַכט. בלויז איינעם, דעם בודאַ, האָב איך געלאָזט ביי מיין פריינד דאָקטאָר פּלאַטאָ אין פּעקין, אויפן טיש. ער האָט זיך דאָרט געפילט אַזוי גוט, געלאַכט.

די צייט איז געלאָפן שנעל. געוועזן ווו צו גיין, וואָס צו באַזוכן. נייע טיילן פון פּעקין, ווו די הייזער — נייע, מאָדערנע, זענען דאָך פאַרזען מיט דעכער אין פּאַגאָדע־סטיל, עס זאָל זיין כינעזיש.

אויסער די לייבן־סטאַטועס אין פראָנט פון טיען־אַן־מען זענען אין פּעקין ניט פאַראַן קיין דענקמעלער, אַחוץ איינעם — פאַר די געפאַלענע אין קאָרעאַנישן קריג. עס איז אַ קאָלאָנע־אַרטיקער דענקמאָל, אַן באַזונ־דערע פיגורן, וועלכער שוויַגט אויס, אין האַרץ פון פּעקין, דעם אָנדענק פון די צענדליקער טויזנטער, וועלכע זענען געפאַלן אין יענע בלוטיקע שלאַכטן, ווייט פון זייער היים.

ס'איז שטיל איבער די כינעזישע גאַסן. מע באַגעגנט דיך מיט אַ שמייכל, מיט אַ נויג מיטן קאָפּ. פאַראַן אַ מויער, וואָס איז שטאַרקער ווי די כינעזישע מויער — די שפּראַך. דער יונגער דור קען ניט קיין ענגליש אָדער וועלכע עס איז אַנדערע אייראָפּעיִשע שפּראַך. זיי נעמען זיך איצט לערנען רוסיש, אָבער עס שפּירן זיך קוים די שפּראַכצוגען דערפון. אין די העכערע אינסטיטוטן אַרבעט מען אויף דעם ערנסט. מע דאַרף האָבן פרעמדע שפּראַכן — אָן דעם גייט ניט. כ'האָב זיך דערין איבערגעצייגט ביי אַ באַזונדערער געלעגנהייט:

אין מאָסקווע, אינעם וואַרטזאַל פונעם פליפעלד אין ווּנוקאָווע, האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַ יוריסטן־דעלעגאַציע פון טשילי. זייענדיק אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז זי איינגעלאַדן געוואָרן צו פאַרלענגערן איר רייזע און אַריבערקומען קיין כינע. די שפּאַנישע שפּראַך האָט מיך צו זיי דער־

נענטערט, מיר האָבן זיך באַפֿריינדט. אין פֿעקין זענען זיי געבראַכט געוואָרן אין אַ אַנדער האָטעל, אָבער זיי האָבן זיך מיט מיר גלייך טעלע־פֿאָניש פֿאַרבונדן. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי מיך פֿאַרבעטן מיטצו־קומען אויף זייערע באַזוכן און אַפֿילו צו באַטייליקן זיך אין זייערע מאָל־צייטן. זיי זענען געווען ליבע מענטשן, ווען כ'האָב נאָר געקענט, האָב איך זיך מיט זיי געטראָפֿן. באַזונדער האָט זיך מיר פֿאַרצייכנט אין זכּרון אַן אָוונטברויט, ווי שטענדיק, אַראַנזשירט מיט אַלע פּיטשעווקעס — דער טיש, די שפּייזן. אַלע ווונטשן פֿון די געסט זענען דערפֿילט געוואָרן. האָבן זיי געבעטן מע זאָל מיך אַריבערברענגען — האָט מען עס גלייך געטאָן און, ווי געוויינטלעך, ליב און מיט אַ שמייכל.

די דעלעגאַציע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען דער אויבער־ריכטער פֿון טשילי, מיט פֿרוי און טאָכטער, איז געווען אַרומגערינגלט מיט איבערזעצערס און איבערזעצערינס. צווישן זיי אַ זעלטן שיינע כינעזערין. זי האָט גערעדט אַ פּרעכטיקן שפּאַניש, קאַסטעלאַניש, אָן צו פֿאַרהיקען זיך. כ'האָב זי געפֿרעגט פֿון וואַנען זי קען אַזאַ שיינעם שפּאַניש. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז איר לערערין אין אינסטיטוט איז אַ שפּאַניערין, און אַ כינעזיש מיידל וואָס האָט אַ קאָפּ און אַ ווילן צו לערנען, קען זיך אויסלער־נען אַ שפּראַך און זי באַהערשן אויסגעצייכנט. כ'וואָלט ניט געזאָגט, אַז אַלע האָבן זי באַהערשט ווי זי, אָבער, ווי ניט איז, האָבן זיי באַהערשט די שפּראַך און ניט וויניק מיטגעהאָלפֿן. ס'איז געווען בלויז איינער, וואָס אַז דו האָסט גערעדט צו אים, האָט ער געשמייכלט און ליבלעך באַוויגן דעם קאָפּ, אָבער קיין וואָרט ניט געזאָגט. ער האָט קיין שפּאַניש ניט געקענט. וואָס זשע טוט ער דאָ צווישן די איבערזעצערס? ער איז אַ פֿאָרשטייער פֿון טוריסטן־ביוראָ — האָט מען מיר אויפֿגעקלערט. — ער איז אַ קרוב פֿון איינעם פֿון די העכערע קרייזן, וועלכן מען האָט דאָ צוגעטשעפּעט — האָט מיר ווער אונטערגעזאָגט. מיינע טשילענער פֿריינד האָבן מיר איינגערוימט אין אויער: זיין אויפֿגאַבע איז ניט די איבערזעצונג, נאָר די איבערזעצערס...

אויך אין כינע — מעג הערשן שמייכל און העפֿלעכקייט — אָרדענונג מוז זיין!

מיין לעצטן אָוונט אין פּעקין האָב איך אָפּגעשלאָסן מיט אַ באַזוך אין דער אָפּערע. נו, טאַקע, פאַר וואָס לאָהענגרין, טאָסקאָ, מאַנאָן, קאַרמען, האַלקאָ און אַזוי פיל אַנדערע — יאָ? וועל איך גיין אַ קוק טאָן אויך אויף אַ כינעזישער אָפּערע.

מע האָט מיר אָנגעזאָגט כ׳זאָל זיך גוט צוגרייטן און אַפילו מיטנע־מען עסן — אַ כינעזישע אָפּערע דויערט לאַנג. די באַזוכערס גייען און קומען. מיינע אייראָפּעיִשע פריינד האָבן מיר דערציילט וועגן דער כינע־זישער אָפּערע מיט ניט ווייניק ביטול. כ׳ווייס ניט ווער עס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט דערצו. כ׳בין געגאַנגען, ניט מיט ביטול. אַ פאָלק מיט אַ פאַר־גאַנגענהייט פון טויזנטער יאָרן האָט זיין קולטור, זיין מוזיק, וועל איך זיך דערמיט באַקענען, ווי אויבנאויפיק דאָס זאָל ניט זיין.

כ׳בין אַוועק אין דער אָפּערע באַלד נאָכן אָוונטברויט. איז עס געווען ביים אָנהייב? נאָכן איבעררייס? כ׳ווייס ניט. דאָס איז אויך ניט וויכטיק. אַלץ האָט מיך אינטריגירט, באַשעפטיקט — די בינע, די אַרטיסטן, דאָס פובליקום, די קלאַנגען אַרום. די אַקציע אויף דער בינע איז געווען אין פולן גאַנג. וועגן וואָס עס איז געגאַנגען — ווייס איך ניט. שווער אין דער שפיל זיך פונאַנדערצוקלייבן, כאָטש געווען זענען דאָרט בולטע סימנים: אַ גענעראַל האָט אויפן רוקן געהאַט צוגעהעפטע פענער, אויך אַ מאַנדאַרין האָט געהאַט זיינע סימנים. ערגער איז געווען מיט די פרויען, אויף דער כינעזישער בינע טרעטן קיין פרויען בכלל ניט אַרויס. די פרויען־ראָלעס שפילן נאָך היינט יונגע מענער, וועלכע אימיטירן פרויען־שטימעס, וואָס קיינער קען ניט קוועסטיאָנירן. די מוזיק איז זייער ווייט פון אונדזערער. כ׳שטעל זיך ניט פאָר מע זאָל זי קענען פאַרצייכענען לויט אונדזער טאָנען־גאַמע. אונדזער דאָ־רע־מי וועט דאָ קיין סך ניט העלפן. פאַר מיין אייראָ־פעיִש אויער זענען עס געווען אויסגעשרייען, העכערע, נידעריקערע, כ׳האָב זיי בשום אופן ניט געקענט אויפנעמען האַרמאָניש. אין זאַל לעבן מיר, הינטער מיר, האָבן כינעזישע צושויערס געמאַכט מיט די ליפּן, מיטגעזונגען. דאָס זענען פאַר זיי געווען מעלאָדיעס, אַריעס, וואָס זיי האָבן געקענט. די אַזוי פרעמדע פאַר מיר טענער זענען דאָ באַקאַנט און נאָענט.

כ׳האָב ניט לאַנג צוריק געזען אויסגעפירט אין כינע איינע פון די

באַקאַנטע אייראָפּעיִשע אָפּערעס. דאָס פּובליקום האָט געשיינט מיט דעם זיך צו קוויקן, צו אידענטיפיצירן, אַ סך בעסער ווי איך מיט די כינעזישע קלאַנגען. מע דאַרף די זאַכן ניט באַגאַטעליזירן. די כינעזער האָבן טאַקע שנעל אויפגענומען אונדזער אָפּערע, אָבער די כינעזישע אָפּערע איז זיי אייגן און ליב. אין משך פון דורות האָט זייער מוזיק פאַרשאַפט געגוס דעם פאָלק. די כינעזישע מוזיק, ווי דער כינעזישער אַלף־בית איז אַלט. עס זענען היינט פאַראַן נייערע, יִנגערע, לייכטערע אין פאָרעם און אויסדרוק, דער כינעזער וואַרפט זיי ניט אָפּ, אויך די אַלטע פאָרמען זייַנע זענען אים אייגן און ניחה.

ס׳דערמאָנט זיך מיר, ווי אין אַ שמועס מיט טשו־ען־ליי זענען יונגע חברה אַרויסגעטראָטן קעגן דער אַלטער כינעזישער מעדיצין, זיך אַרויס־געזאָגט פאַר דער נייער, מאָדערנער.

— יאָ, מאָדערנע מעדיצין — האָט זיי אָפּגעענטפערט טשו־ען־ליי — איז עפעקטיווער, פּראַקטישער, אָבער מיר האָבן נאָך ניט גענוג מאָדערנע מעדיקער כּדי די אַלטע מעדיצין צו פאַרוואַרפן. פאַרגעסט ניט, אַז די אַלטע מעדיצין האָט אין משך פון טויזנטער יאָרן געהאָלפן דעם פאָלק. לאָמיר דאָס ניט אונטערשאַצן!

צו מאָרגנס האָט מען מיך געבראַכט צום עקספּרעסצוג פּעקין־האַנאָי. כ׳בין אַריין אין מיין באַזונדערער אָפּטיילונג, איינגעאָרדנט מיט אַ טישל, אַ בעט און וואַסער־לייטונג. כ׳בין דאָרט געבליבן צוויי נעכט און דריַי טעג — דער צוג האָט דורכגעשניטן כינע פון צפון אויף דרום. ער איז געלאָפן גלייך, גלאַט ביז האַנקאָו. ביים געלן טייך איז געווען אַן איבער־רייס — ניט געווען קיין בריק. מיר האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן דעם צוג.

— לאָזט איבער אייער געפּעק, זיי וועלן איבערגעטראָגן ווערן און איר וועט זיי געפינען אויפן צווייטן ברעג, אויף אייער אָרט!

כ׳האָב אַזוי געטאָן. כ׳בין אַוועק פון צוג און מיט אַלע פּאַסאַזשירן דורכגעשניטן די שטאָט ביז צום יאַנג־טסעי, וווּ אַ דאַמפער האָט אויף אונדז געוואַרט. אויף דער צווייטער זייט טייך, האַרט ביים ברעג, איז געשטאַנען אַן עקספּרעסצוג, וואָלסט געזאָגט: דער זעלבער וועלכן מיר

האָבן פּאַרלאָזט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען אונדז אַרײַנגעפירט אין אונדזערע אַפּטײלונגען. אַלץ איז געווען ווי פריִער — דאָס געפּעק אויפן אָרט. מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער רײַזע, ווי ס׳וואָלט קיין געלער טײַך אין מיטן ניט געווען.

דער צוג איז געגאַנגען ביז דער כינעזיש־וויעטנאַמישער גרענעצשטאָט, יאַנינג. די וועלכע זענען געפאָרן ווײַטער, קיין האַנאָי, זענען דאָרט אויס־געשטיגן און אַרײַן אין אַ צווייטן צוג, שוין אַ קלענערן, מיט קלענערע וואַגאָנעס, בידעריקערע, אַלץ איז געווען קלענער, אין אײַנקלאַנג מיט דער וויעטנאַמישער פּראָפּאָרץ צו דער כינעזישער.

ביים אײַנגאַנג אין צוג האָט אויף מיר געוואַרט אַן אָפיציר פון דער וויעטנאַמישער אַרמיי. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי מײַן באַגלייטער ביז האַנאָי. צו אים וועל איך זיך קענען ווענדן מיט אַלע מײַנע ווינטשן און באַמערקונגען. ער האָט גערעדט אַ גוטן פראַנצייזיש (דער פראַנצייזישער סאָראָ־אינסטיטוט אין האַנאָי איז געשטאַנען אויף אַ זייער הויכן ניוואָ), און ער איז געווען זייער העפלעך. אַ ביסל שפּעטער האָט ער מיך פאַרבעטן אין עסוואַגאָן צום מיטאָג. מיר האָבן זיך צוגעזעצט, באַשטעלט דאָס מיטאָג־עסן און גענומען שמועסן.

אין דעמאָלטיקן וויעטנאַם, פאַרטיילט אויף צוויי טיילן, צפון און דרום, איז טעטיק געווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, אין וועלכער עס זענען געווען באַטייליקט פּוילן, קאַנאַדע און אינדיע. זייער אויפגאַבע איז געווען צו היטן אַז דער מלחמה־איבעררייס צווישן ביידע טיילן זאָל ניט אָנגערירט ווערן. פון דער הויכער קאָמאַנדשאַפט פון דער וויעטנאַמישער פאָלקס־אַרמיי איז אויסגעטיילט געוואָרן אַ מיליטערישע מיסיע, וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט די מיטגלידער פון די דריי דעלעגאַציעס. אין שפּיץ פון דער דאָזיקער מיסיע איז געשטאַנען אַ זייער סימפּאַטישער קאָלאָנעל, האַ־וואַן־לאַו, וועלכער האָט געהאַט הינטער זיך אַ שטאַב פון אינטעליגענטע אָפיצירן. מײַן באַגלייט־אָפיציר איז געווען איינער פון זיי.

כ׳האָב פון מײַן באַגלייטער געוואָלט הערן מער פּרטים וועגן דער טעטיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע. כ׳האָב געוווּסט אַז אין דער אַרבעט וועלן מיר די זאַכן קלאָר ווערן, אָבער דאָס ביסל, וואָס כ׳האָב

געקענט הערן פון מיין באַגלייטער, האָט מיך ניט ווייניק אינטערעסירט. מיר זענען געבליבן זיצן נאָכן עסן, נאָכן טרינקען די קאַווע — צייט האָבן מיר געהאַט — און אַלץ איז געגאַנגען גלאַטיק: די שפּראַך איז געווען פראַנצייזיש, דער מעניו — פראַנצייזיש, אַלץ האָט געשטימט, בלויז איין זאַך ניט: כ׳האָב שוין געהאַלטן ביים פאַרלאָזן דעם טיש צוזאַמען מיט מיין באַגלייטער, ווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַרן עסוואַגאָן איז צוגע־קומען מיט אַן אָפענעם בוך, כ׳זאָל דאָרט אַריינשרייבן מיינע קריטישע באַמערקונגען.

— זעלבסטקריטיק — האָט מיר אויפגעקלערט מיין באַגלייטער.

— אָבער אַלץ איז געווען פּערפעקט — האָב איך זיך פאַרטיידיקט.

— שרייבט, זייט אַזוי גוט — האָט געבעטן דער פאַראַנטוואָרטלעכער.

כ׳האָב זיך ווידער פאַרטיידיקט. דער פאַראַנטוואָרטלעכער איז ווייטער צוגעשטאַנען, כמעט מיט טרערן אין די אויגן. מיר האָבן זיך לסוף געאייי־ניקט אויף דער פאָרמול: „דער גאַסט האָט ניט געפונען עפּעס קריטישס צו באַמערקן...״ יאָ, די איינריכטונג פון וואַגאָן, די שפּראַך, דאָס עסן — אַלץ איז געווען פראַנצייזיש, בלויז דאָס בוך פאַר זעלבסטקריטיק — דאָס איז שוין געווען וויעטנאַמיש...

אַ פּאָר שעה שפּעטער, אָוונט־צו, זענען מיר געווען אין דער וויעטנאַ־מער פאָלקס־רעפּובליק. דער צוג האָט געבראַכט ניט ווייניק סאָוועטישע, כינעזישע באַראַטערס, טעכניקערס. פון די הילכערס האָט זיך געהערט אַ מאַרש, לאָזונגען, באַגריסונגען.

פאָרשטייערס פון דער פוילישער דעלעגאַציע האָבן מיך אָפּגעוואַרט און מיך געבראַכט אין מיין אַפּאַרטאַמענט, אין האָטעל „מעטראָפּאָל״.

# אין האַנאָי

מיינע פוילישע חברים, וואָס האָבן מיך אָפּגעוואַרט אין האַנאָי ביים צוג, האָבן געהאַט פרייע, שמייכלנדיקע פּנימער. ווי ס'איז מיר דערנאָך קלאָר געוואָרן, איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון די באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן געלעבט די מיטגלידער פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע, לכל הפחות, איר פּירנדיקער קאַדער. באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אין בעסטן האָטעל אין האַנאָי, מיט אַ שאָפער, פולע קעסט, וועש־וואַשן, מיט דער מעגלעכקייט אַנצוקלינגען און בעטן, אַז מע זאָל ברענגען אין צימער אַריין סענדוויטשן, קאַווע, טיי, אַלץ אויפן חשבון פון דער קאָמיסיע, און דערצו נאָך פינף הונדערט דאָלאַר חודשלעך טאַשנגעלט — איז ניט קיין ווונדער וואָס אַזעלכע באַדינגונגען, חוץ דעם געהאַלט וואָס איז ווייטער געפלאָסן אין פּוילן, האָבן גוט געווירקט אויפן געמיט — אין פּוילן זענען מיר צו אַזעלכעס ניט געוווינט געווען.

מיר זענען אַריין אין אויטאָ און אין רעש און הייטערקייט בין איך געבראַכט געוואָרן אין האָטעל „מעטראָפּאָל", אין מיין צימער.

מיין צימער — אַ סוויטע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויס צימער, פּאַקטיש אַ סאַלאָן, אַ קלענער צימער און אַ זייער באַקוועם באָדצימער — אַלץ ריין, ליכטיק, העל, שיין. די גרויסע פענצטער זענען געווען פאַרזען מיט נעצן פון ווייסער גאַזע קעגן מאָסקיטאָס. אין גרויסן צימער איז געווען אַ ברייט בעט, אַרומגענומען פון אַלע זייטן מיט אַ טיול־נעץ. דאָס מעבל, די אַבאַזשורן, די פאָטעלן, די גאַנצע אויסשטאַטונג האָט געמאַכט אַן אָנגענעמען איינדרוק. ווי אויפן ערשטן בליק — ניט שלעכט.

כ'האָב אַ ביסל צעשטעלט די זאַכן, זיך געמאַכט באַקוועם. כ'האָב אָנגעהויבן מיין ערשטן אָוונט אין האַנאָי.

ס'איז געווען הייס, זייער הייס. כ'האָב אַראָפּגעוואָרפן די קליידער

פון זיך. אַלץ איז געווען דורכגעזאַפּט מיט שווייס פון דער לאַנגער רייזע. כ׳בין אַריין אין דער וואַנע אָנגעפילט מיט קאַלט וואַסער. אָפּגעפרישט זיך, האָב איך אין אַ לייכטער פּידזשאַמע זיך צוגעזעצט צום טיש צו פאַרצייכענען מיינע ערשטע שורות. מיטן האַנטעך האָב איך געווישט פון זיך דעם שווייס. דער ווענטילאַטאָר, אין דער פאָרעם פון מערערע ווינטמיל־פליגל, האָט זיך געדרייט האָריזאָנטאַל, צוגעפעסטיקט אונטערן זשיראַנדאָל. כ׳האָב ניט לאַנג געשריבן. אַ מידער האָב איך זיך געלייגט אויפן בעט, זאָל די מידקייט טאָן דאָס איריקע. כ׳בין געשלאָפן ביזן פרישן מאָרגן.

מיינע חברים ביים פרישטיק האָבן מיך געמוטיקט:

— הייס, וואָס? ס׳וועט ניט לאַנג דויערן, וועסט זיך צוגעוווינען...

שוין ביים פרישטיק האָט מען מיר איבערגעגעבן אַ בריוו, אַן איינלאַ־דונג אויף מיטאָג צום שעף פון דער מיליטערישער מיסיע, האַ־וואַן־לאַו. נאָכן פרישטיק האָט מיך מיין שאָפער געבראַכט אין מיין ביוראָ — די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן.

כ׳בין אַוועק אויף דער ערשטער זיצונג פון דער קאָמיסיע, ווו כ׳בין לויט אַלע כּללים פון פּראָטאָקאָל, באַגריסט געוואָרן דורכן פאָרזיצער, דעם אינדישן אַמבאַסאַדאָר, פּאַרטאַסאַראַטי. כ׳האָב נאָכגעפאָלגט פון נאָענט די זיצונג, דאָס באַהאַנדלען די פאַרשידענע פראַגעס אויפן טאָג־אָרדענונג. דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע האָט פאָרגעשטעלט דעם ענין. ווען עס איז געווען אַן אָנקלאָג פון צפון־וויעטנאַמער צד, האָט דער פּוילישער אַמבאַסאַדאָר אונטערגעהאַלטן די טענה, געפאָדערט פון דער קאָמיסיע צו פאָרשן, צו פאַראורטיילן. דער קאַנאַדישער אַמבאַסאַדאָר האָט זיך באַמיט אָפּצופרעגן, צו נישט מאַכן דעם אָנקלאָג, און דער אינדישער אַמבאַסאַדאָר־פאָרזיצער האָט זיך באַמיט צו מילדערן דעם ענין, ווי מע האָט עס געזאָגט, „אַריינגעבן וואַסער״, נעמען אַ נייטראַלע שטעלונג. איז עס געווען אַן אָנקלאָג פון דרום־וויעטנאַמישן צד, איז דער פּראָצעס געווען אַ פאַרקער־טער: דער קאַנאַדישער פאַרטרעטער האָט אונטערגעהאַלטן, געשטיצט דעם אָנקלאָג, דער פּוילישער האָט זיך באַמיט זי אָפּצופרעגן, צו נישט מאַכן און דער אינדישער — צו דערהאַלטן זיין נייטראַליטעט.

די זיצונגען, געפירט אין דער ענגלישער שפּראַך, זענען פאָרגעקומען

יעדן טאָג, פיר שעה אין דער פרי און דריי שעה נאָך מיטאָג און אין שבת בלויז פיר שעה אין דער פרי. שבת נאָך מיטאָג און זונטיק זענען קיין זיצונגען ניט פאָרגעקומען.

ווען כ׳בין נאָך דער זיצונג געקומען צוריק אין האָטעל, האָט שוין דער אויטאָ פון דער מיליטערישער מיסיע געוואַרט אויף מיר. כ׳בין אַוועק צו מיין ערשטער טרעפונג מיט האָ־וואַן־לאַו. די באַגעגעניש איז געווען אַ וואַרעמע. האָ־וואַן־לאַו, באַגלייט פון צוויי העכערע אָפיצירן, איז גלייך אַריין אין שמועס. גערעדט האָט ער מיט מיר ווי מיט איינעם, וועלכן ער האָט שוין געקענט פון פריִער. ער האָט גערעדט אַ פּליסיקן פראַנצייזיש. דער פּאַרטייִשער סטיל פון דער פראַנצייזישער שולע, אין וועלכער מיר זענען ביידע ניט געווען קיין פרעמדע, האָט אויך מיטגעהאָלפן. ער האָט אָנגערירט אייניקע פונקטן אויפן טאָג־אָרדענונג פון דער קאָמיסיע, כּדי מיר קלאָר צו מאַכן דעם שטאַנדפּונקט פון צפון־וויעטנאַמישן צד. עס איז שנעל קלאָר געוואָרן אַז צווישן אייגענע, צווישן חברים פון זעלבן פּאָלי־טישן בלאָק, זענען ניט נייטיק קיין לאַנגע רעדעס — זיי קומען גלייך צום זעלבן אויספיר.

פון די צוויי העכערע אָפיצירן ביים טיש איז איינער געווען טאַן־סאָן. מיר האָבן אים גלייך אַ נאָמען געגעבן: נאַטאַנסאָן — לייכטער צו געדענ־קען. ער איז געווען וויעטנאַמס פּאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער „אַרבעט" אין קאַמבאָדיע. דער צווייטער איז געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער „אַרבעט" אין לאַאָס. אויפן ווייט־מיזרחדיקן שטייגער — ביידע שמייכלענדיקע חברה־לייט, מיט וועלכע דער שמועס איז כּסדר איינגעהילט אין וויץ און געלעכטער.

פונעם פּאָליטישן יועץ פון דער פּוילישער דעלעגאַציע אין לאַאָס זענען מיינע חברים צום טיש ניט געווען צופרידן. די טענות זענען ניט פאָרמולירט געוואָרן שאַרף און ענדגילטיק. כ׳האָב צוגעזאָגט זיך צו פאַראינטערעסירן מיטן ענין. כ׳האָב ניט באַוויזן זיך צו אינטערעסירן ווען מע האָט מיר איבערגעגעבן אַז דער דאָזיקער מיטגליד פון דער דעלעגאַציע איז צוריקגערופן געוואָרן קיין פּוילן.

כ׳האָב זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם מענטש, זיין אַרבעט און די סיבה

צוליב וועלכער ער איז צוריקגערופן געוואָרן קיין פּוילן. ס'האָט זיך אין קורצן געצייכנט פאַר מיר זיין גאָרניט סימפּאַטישער סילועט: אַ פּאָליטיש רויער, האָט ער ניט פאַרשטאַנען איינצושטעלן אַ פאַרבינדונג מיט זיינע וויעטנאַמישע און לאַאָטאַנישע חברים. ער האָט אויך געהאַט אַנדערע ניי־גונגען, וועלכע האָבן אים לעכערלעך און צו נישט געמאַכט.

ער איז אין אַ שיינעם טאָג אַוועק מיט זיין לאַאָטאַנישן באַגלייטער באַזוכן אַ בודיסטישן טעמפּל. פאַראַן אַזעלכע ניט וויניק איבערן לאַנד, מעכטיק אין זייער געבוי און רייך אין זייער אינערלעכער און אויסערלע־כער אויסשטאַטונג. פאַראַן אין זיי סטאַטועס און סטאַטועטן פון בודאַ אין די פאַרשידנסטע געשטאַלטן אין יעדן ווינקעלע, יעדער פון זיי פון מאַרמאָר, פון העלפאַנטביין — וווּנדער פון קונסט. האָט זיך אונדזער פּוילישן פריינד פאַרגלוסט צו האָבן אַזאַ קונסט־סטאַטועטקע ביי זיך אין דער היים, אויף דער עטאַזשערקע צי גאָר אין דער גלעזערנער שאַנק... ווען זיין באַגליי־טער האָט אַ ווײַלע אַוועקגעקוקט, האָט ער אַריינגעשאַרט איינע פון די סטאַטועטקעס אין זיין קעשענע. עס איז אַפילו צוגעגאַנגען קורץ און גלאַטיק. זיי זענען דערנאָך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אין אַ שיפל איבערן נאָענטן טייך.

מיין פּוילישער פריינד האָט קיין בודיזם ניט שטודירט, ניט געקענט דעם כּוח פון אַ בודאַ, און ספּעציעל פון אַזעלכן וואָס שטייט שוין אַ טויזנט יאָר אויף זיין אָרט... דעם בודאַ אין אונדזער פריינדס קעשענע איז געווען גוט און וואַרעם, און נאָך מער — אויך די ווערעם און מוראַשקעס, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זיינע שפּאַלטן און ווינקעלעך, איז וואַרעם געוואָרן און זיי זענען אַרויס אויף שפּאַציר... זיי האָבן אויף זייער וועג דערפילט אַ וואַרעמען קערפּער און דאָ און דאָרט גענומען אים אַפילו בייסן. אויסגערוט זענען זיי געווען, איז יעדער ביס זייערער געווען אַ קרעפטיקער און טיף אַריין אין זיין קערפּער. ביים ערשטן ביס איז ער אַזש אונטערגעשפּרונגען פון ווייטיק. באַלד אָבער איז עס ניט געווען איין ביס, נאָר אַ סך מיט אַ מאָל. און אויף פאַרשידענע ערטער. ער האָט זיך גענומען רייבן און קראַצן אָן אַן איבעררייס... ס'האָט זיך געענדיקט דער־מיט וואָס ער האָט די סטאַטועטקע אַרויסגעשליידערט פון זיין קעשענע

אין טייך אַריין. צי האָט עס זיין באַגלייטער ניט באַמערקט — ווייס איך ניט, און אפשר טאַקע יאָ. די תּאווה צו קונסטזאַכן פונעם דאָזיקן דיפּלאָמאַט איז דערגאַנגען צום ריכטיקן אָרט און האָט אַ סוף געמאַכט צו אַ קאַריערע, וועלכע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן.

כ'האָב פון דעם מענטש מער ניט געהערט. מיינע וויעטנאַמישע פריינד זענען געווען העפלעך און דיסקרעט.

נאָכן ערשטן באַזוך ביי האָ־וואַן־לאָו זענען געקומען אַ ריי אַנדערע: ביי אים אין דער היים, ביי מיר אין האָטעל און אַפילו ביי מיר אין דער היים, אין וואַרשע. ער איז געווען אַ האַרציקער מענטש, ס'האָט זיך מיט אים גוט געשמועסט, וואָס האָט אַ סך לייכטער געמאַכט די אַרבעט.

ס'איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף אַ באַזוך ביי האָ־טשי־מין, ביי דזיאַפּ, דער גענעראַל פון וויעטנאַמס פרייהייטקריג, מיניסטער פאַר נאַציאָנאַלע פאַרטיידיקונג און ביי אַנדערע פירנדיקע פערזענלעכקייטן און צפון־וויעטנאַם. דאָס זענען ניט געווען קיין אַרבעט־סעאַנסן, נאָר כּדי צו געבן אונדז אַ געפיל פון חברשאַפט — אויף „ביזנעס" זענען געווען אַנדערע ערטער.

אין יאָר 1956, נאָך כרושטשאָווס באַרימטער רעדע אויפן צוואַנציקסטן קאָנגרעס, ווען אין די סאַטעליט־לענדער האָבן זיך אָנגעהויבן פרייע דיסקוסיעס וועגן די פעלערן און פאַרקריפּלונגען בעת דער סטאַלין־תּקופה, האָט מען אויך אין וויעטנאַם אויפגעדעקט די אייגענע פעלערן. עס זענען געווען לעבעדיקע עדות — מאַלטרעטירטע חברים, וועלכע האָבן זיך איצט אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון האַנאָי אָן אַן אויער, אָן אַ נאָז, און אַנדערע אַזעלכע זאַכן, וואָס מע האָט אָפּגעטאָן אין נאָמען פון סאָציאַליסטישן הומאַניזם...

ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און כ'בין טיף אַריין אין מיין אַרבעט אין דער קאָמיסיע. עס איז געווען אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט, ניט קיין שווערע. דאָס צוגרייטן די מאַטעריאַלן צו באַהאַנדלען בעת די זיצונגען פון דער קאָמיסיע האָט קיין סך אָנשטרענג ניט געפאָדערט. כ'האָב אויך דערצו געהאַט צוויי סעקרעטאַרן, וועלכע האָבן פאַר מיר צוגעגרייט די מאַטעריאַלן,

בדרך־כלל, זייער גוט, אַזוי אַז עס איז מיר געבליבן ווייניק וואָס צוצוגעבן, אָדער צו ענדערן.

די פרייע צייט נאָך דער אַרבעט, נאָך די זיצונגען, האָבן מיר אויס־געפילט מיט שווימען, קאָקטייל־פּאַרטיעס, אויפנאַמעס און ניט ווייניק ברידזש־פּאַרטיעס. פאַראַן ערטער ווו דיפּלאָמאַטיע איז פאַרבונדן מיט יאַגד — ביי אונדז מיט ברידזש. ניט זעלטן ווערסטו פאַרבעטן צו וועלכן אַמבאַסאַדאָר אויף אָוונטברויט און גלייך נאָך דער סעודה ווערן צוזאַמענ־געשטעלט טישלעך און עס פאַרמירן זיך די ברידזש־גרופּעס. ברידזש פאָ־דערט קאָנצענטראַציע, אָבער דיפּלאָמאַטן האָבן, בכלל, שאַרפע קעפּ, פאַלן בעתן שפּיל ניט ווייניק וויצן, ווערטלעך און דו לערנסט צו קענען דיינע פאַרטנערס. הערסט אַ מאָל אַ מיינונג, וואָס העלפט צו מאָרגנס אין דער אַרבעט — און ס׳בלייבט אין זכרון אַן אָנגענעמער אָוונט.

ניטאָ אין האַנאָי קיין קאַפעבאַרס, נאַכטלאָקאַלן, קינאָס, בלייבט איבער זיצן אין דער היים, הערן מוזיק פונעם אַדאַפּטער אָדער שפּאַצירן, אַ סך שפּאַצירן. איין מאָל אין אַ פּאָר וואָכן פלעגט פאָרגעקומען אַ טאַנץ־אָוונט. דאָס איז ניט געווען קיין דאַנסינג, ווו אַלע וואָס האָבן געוואָלט, האָבן געקענט קומען; ער איז איינגעאָרדנט געוואָרן בלויז פאַר די מיטגלידער פון די פאָלקס־רעפּובליק־אַמבאַסאַדעס. עס זענען דאָרט געווען אויך די „אַנדערע" וועלכע האָבן געדאַרפט דאָרט זיין. די פאַרטנערינס צום טאַנץ זענען געווען די מיידלעך, מיטגלידערינס פון נאַציאָנאַלן פאָלקסטאַנץ און מוזיק־אַנסאַמבל, אַ מין וויעטנאַמישער „מאַזאָווּשע" צי „בעריאָזקאַ". געווען זענען עס געקליבענע מיידלעך, פלינק, גראַציעז און שיין. כ׳ווייס ניט ווי ס׳איז געשען, ווי נאָר כ׳האָב געטאַנצט מיט איינער צוויי מאָל, איז זי מיר, ווי אויף אַ צייכן פון אַ כישוף־שטעקעלע, פאַרשוווּנדן. מע קען אפשר, בעת אַ לענגערער צייט טאַנצן אַ מיידל איבעררעדן, קאַליע מאַכן...

געווען נאָך אַ באַשעפטיקונג: פון צייט צו צייט איז ווער געקומען פון פעקין, פון סאַיגאָן, זענען די פון זיין רעסאָרט געפאָרן צום פליפעלד אָפּוואַרטן, באַגעגענען. לופטרייזעס קיין האַנאָי זענען ניט געווען קיין אָפּטע דערשיינונג. בלויז צוויי מאָל אַ וואָך זענען געקומען אַעראָפּלאַנען פון סאַיגאָן און זעלטן ווען פון פעקין. בדרך כלל איז דאָס פליפעלד

געלעגן שטיל, געשלאָפֿן, האָסט געקענט דאָרט אין מיטן פֿעלד אָוועקשטעלן אַ בעטל און זיך לייגן שלאָפֿן. כ׳האָב אַ מאָל דערוואָרט אַ פֿריינדין, וועלכע איז געקומען פֿון האַנאָי קיין סאַיגאָן. זי איז געווען דערשטוינט פֿון דער באַוועגונג אויפֿן טאַן־סאָן־ניאַט פֿליפֿעלד, יעדער צוויי מינוט האָט זיך אויפֿגעהויבן אַן אַעראָפּלאַן.

— וואָס איז געשען אין האַנאָי? פֿאַר וואָס איז דאָרט אַזוי שטיל? — האָב איך ווי ניט וויסנדיק אַ פֿרעג געטאָן.

— ס׳איז אַ ספּעציאַליטעט פֿון די פֿאָלקס־דעמאָקראַטיעס...

— גלייבסט אַז אויך דאָ וואָלטן זיי דערצו געקענט ברענגען?

— יאָ, — איז געווען איר איינדייטיקער ענטפֿער.

# אין סאַיגאָן

די קאָמיסיע איז געזעסן עטלעכע וואָכן אין האַנאָי און עטלעכע אין סאַיגאָן. בדרך־כלל האָט זיך די קאָמיסיע באַמיט צו בלייבן לענגער אין סאַיגאָן. דערנאָך איז געוואָרן אַ פּאָר וואָכן אין האַנאָי און אַ פּאָר חדשים אין סאַיגאָן — ס׳איז געווען בעסער...

די זיצונגען זענען פֿאָרגעקומען אויפֿן זעלבן אויפֿן. די פּראָבלעמען זענען געווען די זעלבע, אָבער נאָך דער אַרבעט איז אַלץ געווען אַנדערש.

אַ לעבעדיקע שטאָט סאַיגאָן. מאַגאַזינען אָנגעשטאָפּטע מיט סחורות. קיין סטאַטיסטיק ווער עס האָט געקויפֿט, האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, ניט געפֿירט. די געשעפֿטן זענען געווען פֿול מיט קונים. ס׳איז געווען וואָס צו קויפֿן. אַפֿילו „פֿענצטער־איינקויפֿן" איז געווען אָנגענעם צו מאַכן. ווייסט דער גוטער יאָר ווי אַזוי די „סאָציאַליסטישע" לענדער באַווייזן דאָס אַלץ צו ליקווידירן און טויטן די פּילפּאַרביקייט פֿונעם לעבן אין די שטעט! אַזאַ טויטע שטילקייט האָט אַראָפּגענידערט אויף אַלע שטעט, ווו מער, ווו ווייניקער, אָבער גרוי, טויט זענען אַלע, אַלע. אין מאָסקווע, אין וואַרשע, אין בודאַפּעשט, אין בוקאַרעשט — אומעטום. דאָ און דאָרט מערקט זיך בלויז אַ רעפֿלעקס, אַן אָפּשיין פֿון אַ ווילן צו לעבן.

סאַיגאָן האָט קינאָס, טעאַטערס, רעסטאָראַנען, באַרס, קאַפֿעס, באַ־ליבטע שפּאַצירגענג, עס טומלט און רוישט. אַזוי איז געווען אונטער דער פֿראַנצייזישער הערשאַפֿט, אַזוי איז עס אונטער דער הערשאַפֿט פֿון נגאָ־דין־דיעם און אַזוי איז עס דאָ אין יעדער גרעסערער שטאָט. זאָל מען מיך ניט חושד זיין אַז כ׳בין געוואָרן אַן אָנהענגער פֿון דיעמען. כ׳בין ווייט ניט דער לעצטער צו וויסן אַז מיט אַן אייזערנער פֿויסט האָט ער אונטער־געדריקט יעדן ווילן פֿון קאַמף אין שטאָט און דאָרף פֿאַר בעסערע באַדינ־גונגען. כ׳רעד ניט פֿון דעם וואָס איז ניט געווען, כ׳רעד פֿון דעם וואָס איז

געווען, און ניט בלויז פאַרן סוחרישן שיכט. ביסטו אַרייננעגאַנגען אין אַן אייזקרעם־באַר, האָט מען דיר דערלאַנגט אַ ליסטע אויף וועלכער עס זענען געווען אויסגערעכנט אַ הונדערט סאָרטן אייזקרעם. כ׳האָב זיך אַ מאָל אַ וויצל געטאָן און בלינדערהייט אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויף אַ סאָרט אייזקרעם, וועלכן כ׳וואָלט געוואָלט. ס׳האָט קיין פינף מינוט ניט געדויערט און מע האָט מיר געבראַכט דאָס וואָס כ׳האָב באַשטעלט — אַן אייזקרעם, צוזאַמענגעשטעלט פון דעם אַלעם וואָס איז געווען אָנגעוויזן אין דער ליסטע.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען אַז אין סאַיגאָן האָבן מיר געהאַט אַ וווינונג, אַן אויטאָ מיט אַ שאָפער, וועש־וואַשן, אָבער פאַר עסן האָבן מיר געצאָלט פון אונדזער קעשענע — מיר האָבן אויף דעם באַקומען 1.200 פּיאַסטער אַ טאָג. אַ הויכער באַאַמטער האָט באַקומען בסך־הכּל 8.000 פּיאַסטער אַ חודש. דערצו האָבן מיר געהאַט 500 דאָלאַר חודשלעכן געהאַלט. פאַר אונדזערע 1.200 פּיאַסטער האָבן מיר געקענט קויפן אַ סך. אַ גוט מיטאָג אין אַן ערשטקלאַסיקן רעסטאָראַן איז ניט איבערגעשטיגן 150 פּיאַסטער. און צו עסן איז געווען פון אַלעם: פלייש און פיש און לאָבסטער, און קרעם און פּוטער, און וויין און קאַפע — ווי אַנדערש ווי אין האַנאָי! אויב האָבן מיר אין האַנאָי ניט באַקומען קיין געלט אויף וויקט איז עס געווען פאַר אונדזער טובה — מיר וואָלטן ניט געהאַט וואָס דערמיט צו טאָן.

און געווען זענען אין סאַיגאָן קוואַרטאַלן גאַנצע מיט מאַגאַזינען, קאַפעהייזער, דאַנסינגס. האָסט דאָרט געטראָפן יוגנט וועלכע האָט זיך געוויילט, געלעבט. ווידער אַ מאָל, האָבן אַלע אַזוי געלעבט? ניין, „אַלע" איז אַ זייער ברייטער באַגריף. אין ערגעץ איז ניטאָ אַז אַלע זאָלן זיין צופרידן און גליקלעך.

ווען כ׳רעד וועגן לעבן אין סאַיגאָן, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר מיינע אויגן, געדענק איך אויך וועגן די טונקעלע זייטן פון סאַיגאָן, פון דרום־וויעטנאַם.

אַן אַמעריקאַנער לערערין, וועלכע מען האָט געשיקט דאָ אַהער, צוהעלפן אויפן פּעדאַגאָגישן געביט, האָט מיר דערציילט אַ באַזונדערס באַלערנדיקן פאַקט: זי האָט אין אַ קלאַס געגעבן אַן אויפגאַבע צו שרייבן

אויף דער טעמע: „פאַר וואָס דאַרפן מיר שאַצן דאָס לעבן?" צוויי שילע־רינס האָבן די אַרבעט ניט געשריבן. ווען זי האָט זיי געפרעגט, פאַר וואָס זיי האָבן ניט געשריבן, האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי ווייסן ניט פאַר וואָס מע דאַרף שאַצן דאָס לעבן... דער גאַנצער קלאַס האָט געשריבן, צוויי האָבן ניט געשריבן. דאָס זאָגט נאָך גאָרניט. ס'קען זיין אַז גראָד די דאָזיקע צוויי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די מערהייט.

אָבער דאָס לעבן, זיין שימער און גלאַנץ, איז געגאַנגען ווייטער און דער רויש האָט אויסגעפילט די גאַסן פון סאַיגאָן. די שווימבאַסיינען, די רעסטאָראַנען, קאַפעהייזער, דאַנסינגס, נאַכטקלובן, זענען געווען פולגע־פּאַקט. די אַלטע מעשׂה: פּאַמפּיי און הערקולאַנום לעבן און ווילן זיך און די לאַווע זאַמלט זיך אין זייער אינגעווייד.

ס'איז באַקאַנט ווי דאָס קאַפּיטל נגאָ־דין־דיעם האָט זיך געענדיקט. אין לאַנד האָט געפלאַקערט דער קריג. ווען אויך די בודיסטישע גייסטלעכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין קאַמף און זענען אַרויס אויף די גאַסן, און איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער פון די באָנזן האָט זיך באַגאָסן מיט נאַפט און זיך אונטערגעצונדן, אין צענטער פון סאַיגאָן, בלייבנדיק זיצן אינעם פלאַם, די הענט פאַרלייגט, עס זאָל אויסזען ווי די בלום פון לאָטאָס — איז פון די גייסטלעכע קיין סך ניט געבליבן. פון דיעמס מאַכט אויך ניט.

כ'וועל ניט שרייבן וועגן סאַיגאָנס לעבן און אומקום. כ'וועל אַרויס־לאָזן מיינע באַמערקונגען און באַטראַכטונגען. כ'וועל אויך ניט שרייבן וועגן די מענטשן פון דער קאָמיסיע: די הינדוסן, קאַנאַדער און די פּאָליאַקן. און געווען זענען צווישן זיי גאָר אינטערעסאַנטע מענטשן, וועלכע זענען אין צווישנצייט ווייט און הויך דערגאַנגען. פּאַרטאַסאַראַטי, דער פאָרשטייער פון אינדיע, דער פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, אַ טאַמיל, מיט אַ הינטער־גרונט פון קעמברידזש, איז דערנאָך געוואָרן אינדיעס פאָרשטייער אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. מיין קאַנאַדער אָפּאָזיט, דער פּאָליטישער יועץ, ווערנאָן טערנער, איז איצט קאַנאַדעס אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע. דער פּוילישער פאָרשטייער, אַנטאָני שימאַנאָווסקי, איז דערנאָך געוואָרן פּוילנס אַמבאַסאַדאָר אין שטאָקהאָלם. כ'וועל אויך דאָ ניט שרייבן וועגן די אַרבעטן פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע, אירע אַרבעטס־

מעטאָדן, וועגן אירע אָפּיצירן, וועלכע האָבן איבערן לאַנד אויסגעפירט די קאָנטראָל־אַרבעטן, די פּראָבלעמען, אָנקלאָגן וואָס זי האָט באַהאַנדלט, עס וואָלט געווען אַ לאַנגע ליסטע פון פּיין און לייד אין צפון־ און דרום־וויעטנאַם. דאָס וואָלט אַרויסגעבראַכט דעם פּאָליטישן פּלאָנטער צווישן מאָסקווע, וואשינגטאָן, פּאַריז, פּעקין און האַנאָי, און דאָס וואָלט אַרויס־געגאַנגען ווייט איבער די ראַמען פון דעם בוך.

כ׳וועל דאָ, פאַר אַ ביישפּיל, דערמאָנען איין געשעעניש, אַ זייער פּשוט געשעעניש, וואָס האָט זיך פאַרצייכנט אין מיין זכרון אונטערן קעפּל: „אַרום אַ כינעזישער זופּ...״

געווען איז עס אין האַנאָי. כ׳דערמאָן זיך ניט צי איז עס געווען זומער צי ווינטער — ס׳איז דאָרט תּמיד הייס און אין זכרון איז שווער אָפּצושיידן. איינס איז זיכער, עס איז געווען אין 1956.

סוף 1956 איז ניט געווען קיין לייכטע תּקופה פאַר די לענדער פון סאָציאַליסטישן בלאָק אין מיזרח־אייראָפּע, פאַרן סאָוועטן־פאַרבאַנד. אין פּוילן איז צעבראָכן געוואָרן, לאָמיר זאָגן אויף אַ ווייַלע, דער סטאַלינישער יאָך. עס איז צוריקגעבראַכט געוואָרן צו דער מאַכט גאָמולקאַ, וועלכער איז אין סטאַלינס ווילקיר געהאַלטן געוואָרן יאָרן אין תּפיסה. אין פּוילן האָבן אַ בלאָז געטאָן פרייע ווינטן.

אויף אַ באַנקעט האָט דער וויעטנאַמישער פּרעמיער פאַן־וואַן־דאָנג באַמערקט די צעשמייכלטע פּנימער פון די מיטגלידער פון דער פּוילישער דעלעגאַציע.

— וואָס זייט איר אַלע אַזוי פריילעך ? — האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן.

— פריילעכע ווינטן דערגרייכן צו אונדז פון פּוילן...

ער האָט דיסקרעט אַ שמייכל געטאָן. אין וויעטנאַם, אין כינע, האָט מען נאָך דעמאָלט ניט געוווּסט ווי זיך צו באַציִען צו די ענדערונגען אין יענע מיזרח־אייראָפּעיִשע לענדער. צי באַדראָען זיי ניט דעם גאַנצן סאָציאַ־ליסטישן בלאָק ?

אויך אין אונגאַרן האָט זיך אַ טרייסל געטאָן די מאַכט פון ראַקאָשי, וועלכער האָט זיך שנעל געראַטעוועט קיין מאָסקווע. אין אונגאַרן זענען די מאַסן אַרויס אין גאַס און צעבראָכן דעם סטאַלין־דענקמאָל, זיך צערעכנט

מיט די געהיימע מאַכטאָרגאַנען. צוויי הונדערט טויזנט אונגאַרישע בירגער זענען אַריבער די אונגאַרישע גרענעץ, אַוועק קיין עסטרייך און ווייטער — אויף דער פרייער וועלט.

די גאַנצע לייטונג פון דער פּוילישער דעלעגאַציע איז אַוועק אויף אַ זיצונג קיין סאַיגאָן. ס'איז געפאַלן אויף מיר צו בלייבן אין האַנאָי, ווי דער פאַראַנטוואָרטלעכער פון דער דעלעגאַציע, זי צו פאַרטרעטן אין אַ נויטיקן פאַל. כ'בין געזעסן ביי מיר אין צימער, אין מעטראָפּאָל־האָטעל, געהערט מוזיק, גראָד דעם באַך־קאָנצערט פאַר צוויי פידל, ווען ס'איז געקומען אַ שליח און אין נאָמען פון פראַנצייזישן אַמבאַסאַדאָר, דע סענטעני, מיך איינגעלאַדן אויף ביין אַ זייגער אָוונט אין דער אַמבאַסאַ־דע. וועגן וואָס — האָב איך ניט געוווּסט. דער טאָג איז ניט געווען פון די פראַנצייזישע היסטאָרישע טעג. כ'האָב זיך פאַרבונדן מיט מיינע חברים, דעם אינדיער, דעם קאַנאַדער, אפשר ווייסן זיי וועגן וואָס עס גייט. קיינער האָט ניט געוווּסט. האָב איך געמאַכט אַ גוטע מינע צו דער אומבאַקאַנטער שפּיל — וואָס קען זיין? מע רופט — וועל איך גיין.

צו דער אָנגעגעבענער צייט האָט מיך מיין שאָפער געבראַכט אין דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע. דע סענטעני האָט מיך זייער שיין אויפגענומען. אין אויפנעם־צימער זענען שוין געווען מיינע חברים, די פאָרשטייערס פון די אַנדערע דעלעגאַציעס. אַ שטילע מוזיק איז געפלאָסן פון ערגעץ אַ ווינקל.

— קאָניאַק? וויסקי? קאַפּע? — האָט שטיל געפרעגט דע סענטעני. מיר האָבן אָנגעגעבן וואָס מיר ווילן און ווייטער געפירט אונדזער שמועס, אַ שמועס וועגן אַלץ און גאָרניט, דערגאַנצט מיט אַ שמייכל און העפלעכ־קייט.

ווען מיר האָבן זיך שוין גענומען אַרומקוקן, אַ ביסל מיט אומגעדולד, האָט דע סענטעני גענומען אַ וואָרט. נאָך אַ קורצן אַריינפיר איז ער געקומען צו דער לאַגע וואָס הערשט איצט אין מיזרח־אייראָפּע און האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף דער לאַגע אין אונגאַרן. ער האָט גערעדט וועגן די הונדערטער טויזנטער, וועלכע פאַרלאָזן זייער לאַנד, און לסוף איז געקומען אַ מעלדונג: אויך אַ גרופּע פון דער אונגאַרישער אַמבאַסאַדע אין האַנאָי האָט באַשלאָסן איבערצורייסן מיט זייער לאַנד, כדי אַוועק אויפן

מערב. ער האָט קוים פֿאַרענדיקט זיינע ווערטער ווען אַ טיר האָט זיך געעפֿנט און עס האָט זיך אַריינגעשלייכט אינעם סאַלאָן ווו מיר זענען געזעסן אַ גרופּע פֿון אַ צוואַנציק מענטשן, מענער, פֿרויען, און האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן דיל קעגן איבער אונדז. דע סענטעני האָט געבעטן איינעם פֿון דער אַריינגעקומענער גרופּע ער זאָל אויפֿקלערן אין וואָס עס גייט. איינער פֿון זיי איז אויפֿגעשטאַנען און אין פֿראַנצייזיש אויסגעדריקט זייער ווילן צו פֿאַרלאָזן זייער לאַנד. ער האָט אונטערגעשטראָכן אַז דעם באַשלוס האָבן זיי גענומען אויף זייער אייגענער האַנט. צו דעם צוועק זענען זיי אַריבער אין דער פֿראַנצייזישער אַמבאַסאַדע, זוכנדיק שטיצע און הילף פֿאַר זייער ציל.

ס׳איז מיר ווי אַראָפּגעפֿאַלן אַ ציגל אויפֿן קאָפּ. פֿאַר מיר, ווי אַ פֿאַר־שטייער פֿון מיזרח־אייראָפּעיִשן סאָציאַליסטישן בלאָק, איז עס געווען אַ פּרינציפּיעלער ענין. מסכּים זיין — הייסט אַרויסטרעטן קעגן דער אונגאַרישער רעגירונג, קעגן דער פּוילישער — מיין צד. שווייגן — הייסט אויך מסכּים זיין. ביי מיין גאַנצער פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער זאַך האָב איך ניט געטאָרט שווייגן. דורכן קאָפּ זענען געגאַנגען געדאַנקען: פֿאַר וואָס האָט ער ניט פֿאַרבעטן פֿאַרשטייערס פֿון די אַמבאַסאַדעס? דער ענטפֿער אויף דעם איז געווען אַ פּשוטער: אויסער פֿראַנקרייך האָט קיין שום מערב־לאַנד ניט אָנגעהאַלטן קיין באַציִונגען מיט האַנאַי, ניט געהאַט דאָרט קיין פֿאַרשטייערשאַפֿט. אין האַנאַי זענען געווען בלויז פֿאַרשטייערס פֿון מיזרח־אייראָפּעיִשן בלאָק. איינלאַדן זיי וואָלט געבראַכט מיט זיך אַ שטורמישן פּראָטעסט קעגן אַריינמישן זיך אין זייערע ענינים. לאָזן עס אין דער שטיל, פֿאַרשווייגן, האָט דע סענטעני ניט געוואָלט, ניט געטאָרט, ס׳וואָלט אָנגענומען געוואָרן ווי אַ פֿאַרשווערונג מצד דער פֿראַנצייזישער פֿאַרשטייערשאַפֿט. איז ער געפֿאַלן אויפֿן געדאַנק איינצולאַדן די פֿאַר־שטייערס פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע. אַן אָפֿיציעלע דיפּלאָ־מאַטישע קערפּערשאַפֿט וועט אים געבן אַן אינטערנאַציאָנאַלן פֿאָרום און ער וועט קענען די זאַך אַוועקשטעלן אָפֿן און ברייט.

דע סענטעניס געדאַנק איז געווען אַ לאָגישער. מיינע חברים פֿון דער קאָמיסיע האָבן עס אָנגענומען ווי אַ זעלבפֿאַרשטענדלעכע זאַך. איך, ווי אַ

פֿאַרשטייער פֿון דער פּוילישער דעלעגאַציע, האָב זיך ניט געקענט אָנשליסן אין זייער הסכּמה. ווען דער מאַן פֿון דער אונגאַרישער אַמבאַסאַדע האָט פֿאַרענדיקט זיינע ווערטער, האָב איך אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג. זי איז געווען אַ זייער קורצע. כ'האָב אָנגעוויזן אַז היות די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע האָט ניט די קאָמפּעטענץ זיך צו פֿאַרנעמען מיט דעם אַרויפֿגע־בראַכטן ענין, קען איך זיך מיט דעם ניט באַשעפֿטיקן און כ'בעט אַנטשול־דיקונג וואָס איך פֿאַרלאָז די דאָזיקע טרעפֿונג.

כ'בין אַרויס. נאָך מיר איז אַרויס דע סענטעני. ער האָט גלייך גענומען זיך פֿאַרטיידיקן, אויפֿקלערן פֿאַר וואָס ער האָט עס געטאָן. כ'האָב זיך געהיטן אים צו טאַדלען אָדער צו לויבן. כ'האָב נאָך אַ מאָל אָנגעוויזן אויף מיין סטאַטוס ווי אַ פֿאָרשטייער פֿון פּוילן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע, און זיך מיט אים פֿריינדלעך געזעגנט.

מיין שאָפֿער איז אונטערגעפֿאָרן. כ'בין אַריין אין אויטאָ און אָנגעגעבן אַ ריכטונג: צו האַ־וואַן־לאַו. עס איז שוין געווען שפּעט, אַרום עלף אַ זייגער אין אָוונט, אָבער צו קומען צו האַ־וואַן־לאַו איז קיין מאָל ניט צו שפּעט. דער דאָזיקער קליינער, מאָגערער מענטש האָט שטענדיק צייט געהאַט, איז שטענדיק גרייט געווען, האָסט מיט אים שטענדיק געקענט האָבן אַ שמועס.

כ'האָב אים דערציילט וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין דער פֿראַנצייזי־שער אַמבאַסאַדע, זאָל ער עס איבערגעבן דעם וויעטנאַמישן אויסערן־מיניסטעריום — אונדזער עסק איז עס ניט. כ'האָב אים געזאָגט אַז קיין רעש וועגן דעם, גלייב איך, דאַרף מען ניט מאַכן. כ'האָב אים איבערגעגעבן וועגן מיין שטעלונג דאָרט. ער האָט מיר פֿריינדלעך אַ קלאַפּ געטאָן איבערן אַקסל.

צו מאָרגנס האָב איך אינפֿאָרמירט די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין האַנאָי וועגן דעם וואָס ס'איז געשען אין דער פֿראַנצייזישער אַמבאַסאַדע. דאָס איז תּיכּף איבערגעגעבן געוואָרן דעם אויסערן־מיניסטעריום אין וואַרשע.

כ'האָב זיך ניט מער פֿאַרנומען מיט דעם ענין. כ'האָב ניט געהאַט בדעה צו פֿרעגן וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער זאַך, ניט אין דער

מיליטערישער מיסיע, ניט אין וויעטנאַמישן אָדער פוילישן אויסערן־מיניס־טעריום און אַוודאי ניט אין דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע.

עס זענען פאַרביי אַ פּאָר חדשים. דער לויף פון מיין אַרבעט האָט מיך געבראַכט קיין סאַיגאָן. אין אַ געוויסן אָוונט בין איך געזעסן אין אַ רעסטאָ־ראַן לעבן מיין האָטעל, וווּ דער אייגנטימער איז געווען אַ פראַנצויז און זיין פרוי — אַ וויעטנאַמערין. מיט אַן עטלעכע טעג צוריק האָב איך געזען אַ בודיסטישע פּראָצעסיע — עפּעס נייעס פאַר מיר. מענטשן זענען גע־גאַנגען, געטראָגן בודאַ־פיגורן, קליינע פיגורן, גרעסערע. אין שפּיץ האָט מען געטראָגן אַ גרויסן דיקן, צעשמייכלטן בודאַ. פרויען זענען יעדער ווײַלע אונטערגעלאָפן, געבוקט זיך, געוואָרפן ווייררויך, רויזן. צווישן די אונטערלויפנדיקע האָב איך באַמערקט די פרוי פונעם רעסטאָראַן־אייגנטי־מער. כ׳האָב געטראַכט, כ׳וועל אַריינגיין דאָרט אויף אָוונטברויט און טאַקע בעטן, צווישן אַנדערע, אַ כינעזישע זופּ. זופּן זענען פאַראַן אַ סך, אָבער די כינעזישע זופּ איז עפּעס באַזונדערס: געמאַכט פון די פאַרשידנסטע גרינסן — אַ טייל געקאָכט, אַנדערע קוים פאַרבריט, זענען זיי ניט בלויז געשמאַק, מע שרייבט זיי אַפילו צו הייל־אייגנשאַפטן. דאָס מאָל אָבער האָט זי געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע ווירקונג. ניין, ניט וואָס די אייגנטימערין האָט זיך, ווי געוויינטלעך, צוגעזעצט צו מיר און כ׳האָב זיך גענומען וויצלען, אַז כ׳בין אייפערזיכטיק וואָס זי שפּרינגט אונטער פאַר בודאַ און באַוואַרפט אים מיט רויזן. אין רעסטאָראַן זענען אַריין צוויי פרויען. זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט פאַרוווּנדערונג, ווי אויף איינעם וועלכן זיי קענען און פאַרשטייען ניט פון וואַנען ער האָט זיך דאָ גענומען. דאָס פּנים פון איינער פון זיי האָט מיר דווקא יאָ עפּעס געזאָגט, ערגעץ־ווו זיך איינ־געקריצט אין מיין זכרון. כ׳האָב געמוטשעט מיין מוח, געקוועטשט, און כ׳האָב זיך דערמאָנט. עס איז געווען אַ פרוי, וועלכע כ׳האָב באַמערקט צווישן דער אונגאַרישער גרופּע אין דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע. די דאָזיקע גאַנץ צופעליקע באַגעגעניש האָט מיר מיט איין מאָל אַלץ קלאָר געמאַכט: די סענטעני האָט זיי אַריבערגעפירט קיין סאַיגאָן. די האַנאָי־מאַכט האָט ניט געשטערט. זיי זענען, אַלזאָ, אין סאַיגאָן. פון דאַנען וועלן זיי אַן שוועריקייטן קענען אַוועק אויף מערב. דאָ איז פאַראַן אַן אַמעריקאַנער

אַמבאַסאַדע, אַ דייטשישע, אַן ענגלישע — ערגעץ־ווו, פון דאַנען, וועלן זיי שוין אָוועק — פאַר אויסלענדער זענען דאָ די טירן ניט פאַרשלאָסן. די זאַך איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן ניט אַ דאַנק די האַנאָי־אויטאָריטעטן, ניט אַ דאַנק דער פראַנצייזישער אַמבאַסאַדע, נאָר אַ דאַנק אַ כינעזישער זופּ... די זופּ האָט, אַלזאָ, ניט נאָר מעדיצינישע אייגנשאַפטן.

פאַר ניט ווייניק אויפגאַבעס, ניט פאָרגעזעענע אין פּראָגראַם, בין איך געשטאַנען בעת מיין זיין אין וויעטנאַם. אין פּוילישן אויסערן־מיניסטעריום, האָט מען, ווייזט אויס, פּאָזיטיוו אָפּגעשאַצט מיין אַרבעט. כ׳בין געשיקט געוואָרן אַ צווייט מאָל קיין וויעטנאַם, ווו כ׳בין אָפּגעוועזן קנאַפּע פיר יאָר, נאָך וועלכע כ׳האָב וויעטנאַם ענדגילטיק פאַרלאָזט.

די פראַנצויזן זאָגן אַז דער ווייטער מיזרח האָט אין זיך אַ כּישוף. ווער ס׳איז געווען דאָרט זעקס חדשים וועט אַהין בענקען. בענקען בענק איך ניט — טראַכטן יאָ, ניט איין מאָל. ווען כ׳טראַכט וועגן וויעטנאַם, טראַכט איך וועגן אינדאָכינע, זיינע לענדער, די געשעענישן, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט זיי. כ׳טראַכט וועגן די אָרטשאַפטן, די פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן ווי דער איינגוס פון אַ־לאָנג (בע ד׳אַלאָג) מיט זיינע מאָלערישע אינדזלען, מיט די פעלדזן וואָס שטאַרן אַרויס פון ים, מיט זייערע פאַנטאַסטישע געשטאַלטן. כ׳טראַכט וועגן לאַאָס מיט זיינע טייכן און פרוכטבאַרע פעלדער, אויף וועלכע עס לעבן פּויערים אין נויט, אין הייזער אָן ווענט, אינעם לאַנד פון אַ מיליאָן העלפאַנטן, אַ מיליאָן! — ניט ווייניקער! אויפן ווייטן מיזרח איז שווער צו באַצייכענען זאַכן אָן אַ גוזמא.

כ׳טראַכט וועגן קאַמבאָדיאַ, וואָס איז דערנאָך געוואָרן קאַמפּוטשעאַ, ווו די איינוווינערס האָבן זיך קעגנזייטיק אַזוי יסודותדיק געשאָכטן, אַז פון זייערע פיר מיליאָן איז געבליבן בלויז אַ העלפט. אַ לאַנד וואָס איז אַ מאָל געווען אַ רייך, אַנטוויקלט לאַנד און איז צעשטערט, פאַרלאָזט געוואָרן, פאַרוואַנדלט אין אַ דזשונגל, ווו די מאַלפּעס שפּרינגען אַרום איבער די ביימער, קומען צו צו מיין פענצטער און וואַרטן כ׳זאָל זיי צוּוואַרפן עפּעס פון מיין עסן. קאַמבאָדזש, וועלכע פאַרמאָגט אַ שטאָט ווי אַנג־קאָר־וואַט, אַ מעכטיקע שטאָט אויסגעפּילט מיט טעמפּלען, געבויט דורך

לעגיאָנען קינסטלערס פון די אַרומיקע לענדער — אינדיע, אינדאָנעזיע, סיאַם, און זיי האָבן דאָ פאַראייביקט זייער קולטור און קונסט. אין די יאָרן 950 — 1050 איז דאָס אַלץ חרוב געוואָרן. ווי אַזוי? פאַר וואָס? מלחמה? ערדציטערניש? עפּידעמיעס? — מע ווייסט ניט. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק האָבן די פראַנצויזן אַרויסגעריסן אַנג־קאָר־וואַט פון דזשונגל, באַפרייט טיילווייז פון די ביימער און געוויקסן. דו גייסט פון טעמפּל צו טעמפּל, באַצירטע מיט הערלעכע סקולפּטורן, באַרעליעפן, גאַפּסט, וווּנדערסט זיך, ווי אַזוי איז עס געשען? די מאַלפּעס שפּרינגען אַרום פון בוים צו בוים, איבער דיין קאָפּ, זיי זענען דאָ די הערשערס. דער מענטש גייט אַרום אונטן, גאָרניט קיין שטאָלצער. דאָס וואָס דו זעסט איז געשען מיט אַ טויזנט יאָר צוריק — קיין פאַרענטפער איז עס ניט. טויזנט יאָר שפּעטער גייט דאָ ווייטער אָן, אין שאָטן פון די טעמפּלען, אַ בלוטיקע מלחמה. דאָס מאָל וועלן שוין אַפילו קיין חורבות ניט בלייבן.

אַ רייך און וווּנדערשיין לאַנד איז קאַמבאָדזש. אָט איז דער טייך סאַמנעאַ, פול מיט פיש. ער פליסט פון צפון אויף דרום. אין אַ געוויסן מאָמענט ענדערט ער זיין ריכטונג און נעמט פליסן פון דרום אויף צפון און לאָזט איבער די פיש אָן וואַסער, אויף דער טריקעניש. מענטשן קומען מיט קוישן, מיט זעק, פילן זיי אָן מיט די בלויזע הענט, נעצן דאַרף מען ניט. אין אַ שיינעם טאָג ענדערט ווידער דער טייך זיין לויף און נעמט פליסן אין דער קעגנזייטיקער ריכטונג!

מע קען דערציילן אָן אַ סוף וועגן דער שיינקייט, רייכקייט פון די דאָזיקע לענדער און זייערע מענטשן, וועגן די פּראָבלעמען, אין וועלכע זיי זענען איינגעוויקלט, אין זייער מיסטיק און וואָר.

און די לענדער זענען אין פולן אויפברויז. זייער גורל ווערט געקנאָטן דורך כינעזער, רוסן, אַמעריקאַנער, פראַנצויזן. דו זיצסט צווישן זיי און זעסט ווי מענטשן ווערן געהוידעט אַהין־אַהער, ווי דורך אַ טייפון.

פון די פּאַגאָדעס קוקן אויף דיר די פאַנטאַסטישע חיות, שלאַנגען, עקדישן, לייבן, זיי זיצן אַזוי הונדערטער יאָרן, פאַרשטיינערט אין זייער אָנמאַכט.

כ׳בין אַוועק פֿון וויעטנאַם.

כ׳בין אַוועק דורך טאַילאַנד, אינדיע, פּאַקיסטאַן, איראַן, ישׂראל, גריכנלאַנד, איטאַליע און דייטשלאַנד. כ׳האָב אָנגעלייגט אַ היפּש שטיקל וועג. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט אומעטום. אין אינדיע בין איך געווען אין באָמביי, קאַלקוטאַ, דעלהי, און אַפֿילו אַוועק קיין אַגראַ, צום טאַדזש־מאַהאַל. כ׳בין אויף מיין וועג קיין וואַרשע אויך געווען אין ירושלים, יאָ, אין ירושלים, געוואָלט אַ קוק טאָן. כ׳האָב דאָרט קיינעם ניט געהאַט, אָבער כ׳האָב שנעל אָפּגעזוכט אַ וויטן קרוב — ס׳איז גענוג געווען. מע האָט מיך אויפֿגענומען האַרציק, מיך אַרומגעפֿירט איבער פֿאַרשידענע ערטער, מיטגענומען צו טרעפֿונגען, צו אָונטברויט. אַ פֿרעמדער פֿון אַ פֿרעמדער וועלט — האָט מען מיך אַרומגעפֿירט איבער ירושלים, חיפה, תּל־אביב, זיך באַנומען מיט מיר ווי מיט אַן אייגענעם.

די נאַציאָנאַלע צוגעהעריקייט האָט אַ באַזונדערע דינאַמיק.

כ׳בין דערנאָך אַוועק קיין גריכנלאַנד, קיין אַטען. געווען אויפֿן אַקראָ־פּאָל. געווען אין רוים, ביים טיטוס־טויער, געווען אין בערלין ביים בראַנ־דענבורגער טויער, און אין נאָך און נאָך ערטער, אויף וועלכע כ׳האָב געוואָלט אַ קוק טאָן.

כ׳בין צוריקגעקומען קיין פּוילן.

אין מוח זענען פֿאַרבליבן פּאַקטן, איינדרוקן, זכרונות, וועלכע וועלן נאָך לאַנג אויספֿילן מיין געדאַנק.

אויפֿן וואַרשעווער פֿליפֿעלד האָט אויף מיר געוואַרט אַ פֿאָרשטייער פֿון פּוילישן אויסערן־מיניסטעריום. ער האָט ביי מיר גלייך אַוועקגענומען מיין דיפּלאָמאַטישן פּאַס. גלייך — אַן מיסטיק. כ׳בין צוריקגעקומען צו דער סאָציאַליסטישערווירקלעכקייט.

# אַרום אַ גרינעם פּאַרק...

דאָס קינד איז שוין געשלאָפן אין זיין שפּאַציר־וואָגן, ערגעץ אונטער אַ בוים, אין אַ ניי־געפלאַנצטן גאָרטן, ניט ווייט פון מיין הויז. כ׳בין מיד געווען. די שטעגן דורכן גאָרטן זענען שוין געווען שיין פאַרלייגט, אָבער קיין באַנק האָב איך ניט געפונען — נאָך ניט געווען. כ׳האָב זיך צוגע־זעצט אויפן גראָז, אונטערן בוים. ניט ווייט האָט אַ שיין־געקליידטער מאַן, אַרום די פערציקער יאָרן, שפּאַצירט מיט זיין הונט. ער איז געגאַנגען גלייך אויף מיר:

— ס׳איז פאַרבאָטן צו זיצן אויפן גראָז!

כ׳האָב, אין פלוג, ניט פאַרשטאַנען דעם פאַרבאָט. פאַרבאָטן צו זיצן? פאַר וואָס? וואָלט מיר ווער געזאָגט אַ וואָרט ווען כ׳וואָלט זיך, לאָמיר זאָגן, אַוועקגעזעצט ערגעץ אויפן גראָז אין לאָנדאָנער קענסינגטאָן־פּאַרק? אָבער, דאָס איז ניט דער קענסינגטאָן־פּאַרק, ניט לאָנדאָן, ס׳איז וואַרשע. די מלחמה־פאַרניכטונג איז דאָ אַ סך גרעסער. אויך די פּאַרקן האָבן געליטן, דאַרף מען העלפן צוריק זיי אויפבויען, אַנטוויקלען, היטן. ביין, ניטאָ וועגן וואָס זיך צו קריגן. כ׳בין ווייטער געגאַנגען מיטן שפּאַציר־וואָגן און לסוף געפונען אַ גרויסן שטיין — זיך צוגעזעצט.

דאָס איז געווען שוין לאַנג פאַרביי, גלייך נאָך מיין קומען קיין וואַרשע. די קוסטעס, דיביימער, זענען אין צווישנצייט אויפגעוואַקסן. עס זענען שוין איצט פאַראַן בענק וויפל מען וויל. דעם עלעגאַנטן מאַן האָב איך שפּעטער קענען געלערנט. ער איז מיר געוואָרן האַרציק נאָענט. דאָס איז געווען וויטאָלד ראָדזינסקי, דער זון פונעם וועלט־באַרימטן דיריגענט ראָדזינסקי. אויפגעוואַקסן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער מיטגע־מאַכט דעם צווייטן וועלטקריג ווי אַן אָפיציר פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. גלייך נאָכן קריג איז ער צוגעטיילט געוואָרן צו אַן אַמעריקאַניש־ענגליש־סאָוויעטישער קאָמיסיע, וועלכע האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער גריכי־

שער פּראַגע, אינעם קאָנפליקט צווישן די מערב־לענדער מיטן סאָוועטן־פאַרבאַנד. די האַנדלונגען פון זיין דעלעגאַציע האָבן אים אויסגעזוצן ברוטאַל, ער האָט עס ניט פאַרטראָגן. ער האָט פאַרלאָזט די קאָמיסיע און אַוועק קיין פּוילן, זיין געבוירן־לאַנד. מיט הויכער בילדונג, אַ פּאָליטיש־זיכערער עלעמענט, איז ער צוגעטיילט געוואָרן צום אויסערן־מיניסטעריום.

ווען כ׳בין, נאָך מיין צוריקקומען פון וויעטנאַם, אַריין אין אויסערן־מיניסטעריום איז דער ערשטער, וועמען כ׳האָב געטראָפן אין קולואַר, געווען וויטאָלד ראָדזינסקי. ער האָט מיך זייער וואַרעם אויפגענומען:

— נו, געננוג מיטן סעזאָניקן קאַרטאָפל־קלייבן! — האָט ער אַ זאָג געטאָן. אַזוי באַצייכנט מען סעזאָניקע אַרבעטן ביים קאַרטאָפל־קלייבן, ווען מע באַשעפטיקט מענטשן אָן אַ צאָל אויף אַ קורצער צייט. ער איז געווען איבערצייגט אַז איצט, נאָך צוויי קאַדענצן אין וויעטנאַם, וועט מען מיך פאַרהאַלטן אויף שטענדיקער אַרבעט אין אויסערן־מיניסטעריום.

כ׳האָב דערנאָך באַזוכט אַנדערע הויכע באַאַמטע פון מיניסטעריום. דאָס זענען געווען לאַנגע שמועסן וועגן דער אַרבעט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם, וועגן וויטן מיזרח. כ׳האָב געהערט וואַרעמע ווערטער וועגן מיין אַרבעט דאָרט. דאָס זענען געווען גוטע, ערנסטע מענטשן, וועמענס נעמען כ׳וועל דאָ ניט דערמאָנען, מיר איז עס ניט נייטיק, זיי קען עס אַ מאָל שאַדן. קיין פאַרפליכטונגען האָב איך פון זיי ניט דערוואַרט — זענען דאָך די באַשלוסן, פאַרבונדן מיט אַנגאַזשירן מענטשן אין אויסערן־מיניסטעריום, געקומען פון „אויבן", דורכגעפירט בלויז דורכן קאַדערן־דעפּאַרטאַמענט פון מיניסטעריום.

אין קאַדערן־דעפּאַרטאַמענט האָב איך געהאַט אַ קורצן שמועס, מיט אַן אויבערפלעכלעכן צוזאָג מיך צו באַשעפטיקן. אין שפּיץ פון קאַדערן־דעפּאַרטאַמענט איז געשטאַנען אַ מענטש אַ קאַלטער, אַ פרעמדער, מיטן נאָמען פּוטאַ. פּוטאַ הייסט אין שפּאַניש הור. ניט ווייניק איז געווען אָפּהענגיק פון אים ווער עס זאָל באַשעפטיקט ווערן אין אויסערן־מיניסטעריום, אָבער צולייגן אַ פינגער, קאַליע מאַכן, באַגראָבן וועמען אין די אַקטן, האָט ער געקענט. „אויבן" האָט מען געהאַט צוטרוי צו אים. ער איז מיט דער צייט באַשטימט

געוואָרן ווי פּוילנס אַמבאַסאַדאָר אין ישׂראל. ער איז געווען גענוג פּיינט־לעך צו ישׂראל, אַז מע זאָל אים דאָרט אַהינשיקן. מע האָט זיך אויף אים געקענט פאַרלאָזן.

פּוטאַ האָט זיך אַרומגערינגלט מיט די „ריכטיקע" מענטשן. זיין ערשטער פאַרטרעטער איז געווען מיכאַלסקי. אין פּוילן נאָך דער מלחמה, האָט מען ניט זעלטן געטראָפן מענטשן מיט טאָפּלטע נעמען, ווי מען האָט עס גערופן, מיט אַ „פּאָדשעווקע". דאָס איז בדרך־כּלל געווען אַ פּסעוודאָנים, וועלכער איז איבערגעבליבן פון די יאָרן פון אומלעגאַלן קאַמף, פון דער אונטערערד. אַזוי האָט דער ערשטער רעגירונגס־פּרעמיער געהייסן אָסובקאַ־מאָראַווסקי. אַן אַנדערע הויכע פּאָליטישע פּערזענלעכקייט האָט זיך גערופן אָזגאַ־מיכאַלסקי, פּוילנס אַמבאַסאַדאָר אין קאַמבאָדיאַ האָט געהייסן זשאַרוק־מיכאַלסקי. ווי זשע לאָזט מען עס אַ מענטש מיט זיין איינציקן נאָמען? האָבן טאַקע זיינע אַרבעטס־חברים געענדערט זיין נאָמען אויף... דופּאַ־מיכאַלסקי... וואָס הייסט, פּשוט איבערגעזעצט, ת... מיכאַלסקי. דאָס איז געוויס געווען זייער אָפּשאַצונג פון זיין אינטעלעקטועלן ניוואָ. ער איז געווען דער פּאַקטישער שעף פון קאַדערן־דעפּאַרטאַמענט.

מיט אים אַליין איז אָבער דער ענין ווייט ניט געענדיקט. איין מאָל האָב איך אויף די טרעפּ פון אויסערן־מיניסטעריום געטראָפן לעאָן וויע־ניאַרסקי. כ'האָב אים געקענט פון וויעטנאַם. איז ער געווען אַזוי אינטערע־סאַנט? ניין. בכלל ניט. ער איז געווען דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער פּוילישער דעלעגאַציע אין וויעטנאַם, ריכטיקער געזאָגט פון אירע פּאַרטיי־חברים. קיין ענגליש האָט ער ניט געקענט, ניט געווען קיין רייד ער זאָל זיך דורכשמועסן מיט וועמען פון דער אינדישער, אָדער קאַנאַדישער דעלע־גאַציע, צי מיט אַמעריקאַנער, ענגלענדער, וועלכע זענען געקומען אויף אונדזערע קאָקטייל־פּאַרטיעס. ער האָט קיין פראַנצייזיש ניט געקענט ער זאָל קענען זיך דורכשמועסן מיט די וויעטנאַמער פון דער מיליטערישער מיסיע, מיט די פראַנצויזן. ער האָט ניט געהאַט קיין עלעמענטאַרע בילדונג, אָבער וואָס איז דאָס וויכטיק? ער איז געווען פון יענע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן, וועלכע ווייסן גאָרניט, אָבער מע קען זיך מיט זיי באַנוצן. מע דאַרף זיי אויך מיט דער צייט באַלוינען. האָט מען אים געשיקט קיין וויעטנאַם, זאָל

ער דאָרט זיין אַ פּאַרטיי־סעקרעטאַר. אין משך פון אַ יאָר וועט ער זיך דאָרט אָנשטאָפּן מיט אַ געהאַלט, פון וועלכן ער חלומט ניט זייענדיק אין פּוילן. אָן אייגענער, קומט עס אים.

איז וויעניאַרסקי געזעסן דאָרט אין וויעטנאַם, געגעסן, געטרונקען — מער געטרונקען ווי געגעסן, געקוואַטשט, געטראַטשט און איין מאָל אין אַ פּאָר חדשים גערופן אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג. וואָס האָט ער דאָרט אַוועק־געשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג ? נאַרישקייטן, רכילות. איך בין אים פרעמד געווען, אָבער אַרויסטרעטן קעגן מיר האָט ער ניט געוואָגט, ניט געהאַט מיט וואָס. איין מאָל, אויף אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג האָט ער זיך אַ ריס געטאָן:

— אַ חבר, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון וואַרשע, האָט מיך געפרעגט: ווער איז עס דער „פּאַצעט ?" און ער האָט אָנגערופן לובעלסקין...

כ'האָב פון דעם אומגעלומפּערטן אָנגריף ניט געמאַכט קיין ענין.

— ווייסט — האָב איך אַ זאָג געטאָן צו וויעניאַרסקי — ווי דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון דער דאָזיקער איינהייט, האָסטו אים געקענט קלאָר מאַכן אַז אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָליטישן פּאָסטן, ספּעציעל אין אויס־לאַנד, ווייסט די רעגירונג וועמען זי שיקט. פון מיין זייט וויל איך פאַראַפּ־ראַזירן אַ זאַץ פון טווימען: ווען דער דאָזיקער „פּאַצעט" איז געזעסן אין תּפיסה פאַר זיין אַנטיפאַשיסטישן קאַמף, געקעמפט אויף די שלאַכטפעל־דער פון שפּאַניע קעגן היטלער און מוסאָליני, געווען אין די קאָנצענט־ראַציע־לאַגערן, ווו האָט אים, דעם חבר פון וואַרשע, דער הונט זיין פּרצוף געלעקט ?

עס איז געוואָרן שטיל. דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט אַראָפּגעלאָזט דעם ווײדל צווישן די פיס, מיר ניט געקוקט אין פּנים. ער איז שנעל אַריבער צום ווייטערדיקן פּונקט פון טאָג־אָרדענונג. ער איז אין גיכן אַוועק אַהיים. איצט איז ער אויפגעשוווּמען פאַר מיר אין... אויסערן־מיניסטעריום. כ'האָב אַפילו ניט געחלומט, אַז כ'וועל אים דאָ געפינען, און דאָס ווי אַ באַאַמטער אין קאַדערן־דעפּאַרטאַמענט.

לויט זיין שמועס מיט מיר האָב איך געזען, אַז ער איז גוט באַהאַוונט אין מיין ענין. וואָס דען ? ער וועט ניט וויסן ? ער האָט מיר גלייך אַ זאָג געטאָן:

— ס׳איז דאָ אַ פריי אָרט אין דער אַמבאַסאַדע אין עגיפּטן, וואָלסט געוואָלט מען זאָל דיך אַהין צוטיילן?

— קיין עגיפּטן? אָ, ניין. מיט אַ פיר טויזנט פינף הונדערט יאָר צוריק האָט מיך משה פון דאָרט אַרויסגענומען — האָב איך אָפּגעפּאַרטיקט דעם פאַרשלאָג.

— אויב דו ווילסט, אַז כ׳זאָל פאַר דיר...

—ניין, ניין — האָב איך קורץ אָפּגעהאַקט דעם ענין, ניט געוואָלט ווערן קיין מיטאַרבעטער פון אויסערן־מיניסטעריום, מיטן חסד פון וויעני־אַרסקי. איז דאָס געווען די איינציקע אָפענע טיר פאַר מיר?

כ׳בין דורכן אויסערן־מיניסטעריום נאָך אַרומגעפּירט געוואָרן עטלעכע חדשים ביז מיכאַלסקי האָט מיר דערקלערט אַז „דערווייל" זענען קיין פרייע ערטער ניט פאַראַן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, ווי זאָגט עס דער רוס: „דעם דאָזיקן איידעלן אָנדייט" — כ׳בין פון דאָרט אַוועק.

ניט ווייניק פון מיינע מיטאַרבעטערס־העלפּערס אין דער קאָמיסיע, ניט־יידן, זענען באַשטימט געוואָרן ווי הויכע באַאַמטע פון אויסערן־מיניס־טעריום, ווי ערשטע סעקרעטאַרן אין אַמבאַסאַדעס, קאָנסולן. אונדזער אַדמיניסטראַטאָר אַנדזשעי וואָוושיניאַק, וועמענס פונקציע עס איז געווען זאָרגן פאַר אונדזערע ווינונגען, צושטעלן וואָדקאַ און אַנדערע געטראַנקען און ענלעכע פונקציעס, איז אַפילו באַשטימט געוואָרן ווי פּוילנס אַמבאַ־סאַדאָר אין אינדאָנעזיע. פאַר מיר איז אין אויסערן־מיניסטעריום קיין אַרבעט ניט געווען. נו, עפּעס האָט מיר געפעלט...

מיינע פריינד, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט, זענען דאָרט געבליבן, אָבער שוין ניט אויף לאַנג. נאָך 1967 זענען ניט ווייניק פון זיי אַוועק, פאַרלאָזט פּוילן, אַוועק אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, קיין פראַנקרייך, קיין ישראל.

מיין פריינד וויטאָלד ראָדזינסקי איז מיט דער צייט באַשטימט געוואָרן ווי פּוילנס אַמבאַסאַדאָר אין כינע. ער האָט זיך דאָרט באַזונדערס אויס־געצייכנט אין די שווערע יאָרן צווישן כינע און סאָוועטן־פאַרבאַנד. עס האָט אים קיין סך ניט געהאָלפן — אַ פּאָליטישע קאַריערע באַזירט זיך ניט אויף וויסן און פעיִקייטן. מיט דער צייט האָט מען אויך אים באַפרייט פון

אויסערן־מיניסטעריום. אָבער וויטאָלד איז ניט געווען קיין פּוטאַ אָדער וויעניאַרסקי. איבער דער צייט פון זיין געפינען זיך אין כינע האָט ער דערלערנט כינעזיש און ער איז גלייך אַריבער אויפן וואַרשעווער אוניווער־סיטעט, ווי איינער פון אירע לעקטאָרן פון דער דאָזיקער שפּראַך.

ס׳האָט מיך ניט געוווּנדערט. בעת אַ באַזוך ביי אים אין דער היים, האָב איך אים געטראָפן זיצן איבער אַן אַלטע שריפט אין פוקיאַנער דיאַלעקט, וועלכע ער האָט געדולדיק אָפּגעלייענט צייכן נאָך צייכן. פון די סטערעאָ־הילכערס זענען געפלאָסן די קלאַנגען פון דוואָזשאַקס „פון דער נייער וועלט״, דיריגירט דורך זיין פאָטער...

פּוטאַ איז אין ישׂראל ניט לאַנג געבליבן. באַלד נאָכן זעקסטאָגיקן קריג איז ער אויפן באַפעל צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. און מיכאַלסקי? מיכאַלסקי איז געשיקט געוואָרן אויף אַ דיפּלאָמאַטישן פּאָסטן קיין פינ־לאַנד. ער איז פון דאָרט ניט צוריקגעקומען. ער האָט דאָרט „אויסגעוויילט די פרייהייט״... און וויעניאַרסקי? ער זיצט פעסט און רויִק אויף זיין פּאָסטן, און נאָך אַ סך, אַ סך ווי ער. ניט קוואַליפיקאַציעס באַשטימען וועגן אַלץ. וואָס באַשטימט?

האָט דער אַנטיסעמיטיזם דאָ געפונען זיין אויסדרוק? צוויי מאָל בין איך געשיקט געוואָרן ווי אַ פאַראַנטוואָרטלעכער מיטגליד אין דער אינטער־נאַציאָנאַלער קאָמיסיע אין וויעטנאַם, אין וועלכער כ׳האָב געאַרבעט כּמעט פיר יאָר, ווי קען מען דאָ באַשולדיקן וועמען אין אַנטיסעמיטיזם? די פאַקטן אָבער זענען קלאָרע און לאָזן זיך ניט אָפּלייקענען — „די אויסנאַמען באַשטעטיקן דעם כּלל״ — זאָגן די פראַנצויזן. פאַר אַ פּאָליטישן יועץ אין דער קאָמיסיע אין וויעטנאַם האָט זיך געפאָדערט אַ מענטש אַ פּאָליטיש־רייפער, אַ געשולטער מיט אַ קענטעניש פון פראַנצייזיש און ענגליש. אַ פּאָליאַק מיט די דאָזיקע קוואַליפיקאַציעס האָט באַטראַכט אַ פּאָסטן אין וויעטנאַם ווי אַ מינדערווערטיקן. ער האָט פּרעטענדירט אויף וואַשינגטאָן, לאָנדאָן, פּאַריז, קיין וויעטנאַם האָט ער ניט געוואָלט פאָרן, האָט מען מיך דאָרט געשיקט. ווידער אַ מאָל דער אַלטער אָרוועליסטישער כּלל: אַלע בירגער זענען גלייך, אָבער עס זענען פאַראַן גלייכערע. אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען אין די אינסטאַנצן פון אויסערן־מיניסטעריום.

שיין איז היינט דער פּאַרק ווו כ'האָב זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט וויטאָלדן אויפן שפּאַציר מיט זיין הונט. אין עטלעכע יאָר אַרום האָב איך וויטאָלדן ווידער געטראָפן — ער האָט שרעקלעך אויסגעזען. וואָס איז געשען? דער הונט איז קראַנק געוואָרן. מע האָט אים געמוזט איינשלעפערן אויף אייביק. אַ ביסל שפּעטער איז וויטאָלדס טאָכטער אַוועק אויף אַן אויספלוג אין די טאַטרן. זי איז מער ניט צוריקגעקומען — איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ פעלדז. שווער האָט דער גורל זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ראָדזינסקיס אין פּוילן.

אָבער דער פּאַרק איז גרין און שיין, און קומט דער פרילינג — גריסט ער די וועלט מיט נייע פּרעכטיקע בלומען.

# דער יום־טוב וואָס לאָזט אויף זיך וואַרטן

כ׳בין געגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן ניט איבעריק גליקלעך, אָבער ניט שטאַרק פאַרדאַגהט — איז עס דאָך ניט געווען קיין נייע ווירקלעכקייט וועלכע איז אויף מיר אַראָפגעפאַלן. ס׳איז מיר איבער דער צייט פון מיין זיין אין „סאָציאַליסטישן״ פוילן ניט איין מאָל אויסגעקומען צו זיין „צווישן די בענקלעך״. מע געוווינט זיך צו? ניין, אַזוי פשוט איז עס ניט. עס זעט אפשר אויס פשוט, גלאַטיק, אָט ווי עס פליסט דער טינט פון דער פעדער, אָבער אַ לעבן איז ניט גלאַטיק, טעג זענען ניט קיין בלעטלעך פון קאַלענדאַר — אָפגעריסן און אַוועקגעוואָרפן. קענסט זיי וואַרפן איבער די הרי־חושך, אָבער עס וועט ניט העלפן, זיי וועלן שטענדיק בלייבן מיט דיר. ניט בלויז דאָס וואָס מיר לעבן איבער, אויך דאָס וואָס אַנדערע לעבן איבער, לאָזט אַ שפור אין דיין מוח. ווי קען מען זיי ניט געדענקען? מע טרעפט זיך דאָך מיט זיי אין די גאַסן, אויף שריט און טריט.

אָט מיט אַ פאָר יאָר צוריק, ווען כ׳בין באַפרייט געוואָרן פון דער אַרמיי, האָב איך שפאַצירט איבער די וואַרשעווער גאַסן מיטן געדאַנק — עפעס אַ פענצטערל וועט זיך שוין עפענען... כ׳האָב דעמאָלט געטראָפן יולעקן, מיין אַלטן פריינד פון שפאַניע, יולעק יאַנוויץ. ס׳איז געווען אין יענע האַרבסטטעג ווען וואַרשע איז דורכגעווייקט פון די דרייטאָגיקע רעגנס, וועלכע מען רופט „קאַפושניאַק״, אַ רעגנדל, ניט קיין שטאַרקס, וואָס פאַלט און פאַלט, און דרינגט אַריין אין אַלע אָברים. יולעק האָט געהאַט אויף זיך זיין לאַנגן מיליטערישן שינעל. אויף די שליפעס איז געווען אַרויפ־געלייגט זיין מיליטערישער גראַד — צוויי זילבערנע פאַסעקלעך און דריי שטערנדלעך — פולקאָווניק (קאָלאָנעל). זיין ברייט, רונדיק מיליטעריש היטל מיטן גרויסן דאַשעק האָט צוגעדעקט ניט בלויז זיין שטערן, נאָר זיין גאַנץ פנים. זיין פנים איז געווען ווי ער אַליין — קליין, ניט אָנזעעוודיק.

ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ שינעל, ווי אַ היטל גייט, ער אַליין איז ווי כּמעט ניט געווען. אַזאַ איז ער געווען, קליין און באַשיידן.

אין די יאָרן פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דרום־פֿראַנקרייך, נאָכן פֿאַרלאָזן שפּאַניע, האָט ער פֿאַר זיין באַראַק פֿאַרגעלייענט די פֿראַנצייזישע טאָגצייטונג — „לאַ דעפּעש דע טולוז״, אויף פּויליש. ער האָט געלייענט רוזיק, מאָנאָטאָן, געטריי, אָן אַ קאָמענטאַר. זיין פֿראַנצייזיש האָט ער באַקומען אין דער טעכנישער הויכשול אין גרענאָבל, וווּהין זיינע באַלעבאַטישע עלטערן פֿון לאָדזש האָבן אים געשיקט שטודירן. ער האָט דאָרט באַקומען זיין טיטל אינזשעניר פֿאַר כעמיע.

ער איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלעכער רייכערער. ער האָט געזאַמלט די אָוועקגעוואָרפֿענע איבערבלייבענישן פֿון ציגאַרעטן, מע האָט זיי גערופֿן שטומעלס, פֿון זיי האָט ער צוזאַמענגעשטעלט זיין „טאַבאַק״. געוויקלט אין ציגאַרעט־פּאַפּיר און פֿאַררייכערט, האָבן זיך ביים ערשטן פֿאַרציִען זיך די קישקעס אין בויך צוזאַמענגעדרייט, אַרויסגערופֿן אַ ביטערן גרימאַס אויפֿן פּנים. פֿאַר אַ ליידנשאַפֿטלעכן רייכערער איז דאָס ניט וויכטיק, דער עיקר איז דאָס רויכערן. און אַז מען רייכערט איז אויך די שטימונג אַ בעסערע, מע דערציילט זיך מעשׂיות פֿון יענע ליכטיקע טעג אויף דער פֿריי. יעדער איינער לויט זיין סביבה, לויט זיין געשמאַק.

יולעק האָט דערציילט פֿון זיינע מיידלעך אין יענע יאָרן. דער פּרויעןטיפּ זיינער האָט קיין מאָל ניט געווויגן ווייניקער פֿון הונדערט קילאָ און דער פֿאַרנעם איז געווען אַזאַ, אָ... און דאָ האָט יולעק אויסגעשטרעקט די הענט פֿאַר זיך אין אַ רונדן אַרומנעם, אָבער זיי ניט געשלאָסן — זיינע מיידלעך זענען, בדרך הטבע, געווען צו ברייט ער זאָל זיי קענען אַרומנעמען און שליסן די הענט. דאָס איז געווען אין אַ שרייענדיקער סתּירה צום קליינעם יולעק, אָבער מיר האָבן געהערט, אויפֿגעהייטערטע, נאָך מער ווייל די ווערטער זענען געקומען פֿון יולעקן, וועלכער איז גראָד אין זיינע רעפּעראַטן געווען אַזוי ערנסט.

קיין פּוילן איז ער געקומען מיט דער צווייטער פּוילישער אַרמיי, אונטערן קאַפּעל פֿון גענעראַל זיגמונט בערלינג. ער איז דאָרט פֿון ערשטן טאָג אָן געווען צוגעטיילט צו פּאָליטישער אַרבעט. אויך אין וואַרשע האָט

ער געאַרבעט אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע. זיינע מיטאַרבעטערס, באַזונדערס די יונגע, האָבן הויך געשאַצט זיינע קורסן, זיין וויסן, וואָס האָט זיך בולט אויסגעטיילט אין דער אַרומיקער פלאַכקייט.

אונדזערע אַרבעטס־געביטן אין וואַרשע זענען געווען פאַרשידענע. מיר האָבן זיך זעלטן וועלן געטראָפן, אָבער אונדזערע צופעליקע באַגעגענישן זענען תּמיד געווען וואַרעמע, האַרציקע. לאַנגע יאָרן פון קאַמף און קאָנ־צענטראַציע־לאַגער דערנענטערן, בינדן צוזאַמען. האָבן מיר זיך ביי יעדער באַגעגעניש דערפרייט, צעשמועסט. דאָס לעצטע מאָל האָבן אונדז די פיס דערפירט צו אים אַהיים, ערגעץ אין אַ זייטנגאַס פון דער מאַרשאַלקאָווסקע, נאָענט צום פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ.

זיין וווינונג איז געווען גרויס, אָבער ניט גרוים. די טיר האָט זיך געעפנט אויפן עסצימער. ביים סאַמע אַריינגאַנג האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מעכטיקן טיש, וואָס האָט מיט זיין לענג און ברייט אויסגעפילט כּמעט דאָס צימער. אויף איינער פון די זייטן פון טיש האָב איך באַמערקט אַ קליין מיידעלע, מיט גרויסע, בלויע, פאַרוווּנדערטע אויגן. זי האָט אויפגעשטראַלט ווען זי האָט דערזען דעם פאָטער. אין צימער איז גלייך אַריינגעקומען די פרוי, אַ בלאָנדע, געזונטע פּויערן־טאָכטער, און אין הסכּם צו די פּראָפּאָרציעס פון טיש, צו יולעקס פּראָפּאָרציעס. אין דער נייער ווירקלעכקייט האָבן מיינע דערינערונגען אָנגענומען אַן אַנדער קאָ־לאָריט. יולעק האָט זיך אָנגעשלאָסן אין מיין שמייכל. מיר זענען אַריבער אין זיין אַרבעט־צימער. די פרוי האָט אַריינגעברענגט טיי, זיסוואַרג. מיר האָבן פאַרגעזעצט אונדזער שמועס וועגן פריינד, זייערע אַרבעטן. כ׳האָב אין אַ פּאָר ווערטער דערמאָנט וועגן מיין באַפרייונג פון דער אַרבעט.

— כ׳וועל פאַרשלאָגן דיין קאַנדידאַטור אין דער אַקאַדעמיע — האָט ער אַ זאָג געטאָן — וועסט אַריבערקומען צו אונדז.

— לאָז אָפּ — האָב איך זיך געפּרוּווט אַרויסדרייען — געבן פאַר־טראָגן אויף דער מיליטערישער אַקאַדעמיע? נאָך דאָס פעלט מיר.

— כ׳קען דיך געננוג — האָט ער מיך ניט געלאָזט פאַרענדיקן — דערצייל מיר ניט קיין מעשׂיות. לאָז עס איבער פאַר מיר.

מיר האָבן אָפּגעשמועסט זיך צו טרעפן אין אַ וואָך אַרום, אין דער

אַקאַדעמיע, צו הערן ווי דער ענין איז דערליידיקט געוואָרן. ווען כ׳בין צו אים געקומען אין אַ וואָך אַרום איז יולעק שוין געווען אויסגעניכטערט.

— ס׳ועט דערפון גאָרניט זיין — האָט ער אַ זאָג געטאָן — איך האָב אַרויפגעבראַכט דעם געדאַנק וועגן דער אַרבעט אין דער אַקאַדעמיע, זיי מיר מוחל, פאַרגעס אין דעם.

דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די פּאָליטיק פון „נאַציאָנאַלע קאַדערן״ — אַריינפירן עמעצן אין די מלוכישע אינסטיטוציעס איז געוואָרן אָפּהענגיק פון זיין נאַציאָנאַלער אָפּשטאַמונג. יולעק האָט נאָך וועגן דעם ניט געוווּסט. איצט איז עס צו אים דערגאַנגען אין אַן אָפענער, ברוטאַלער פאָרעם.

זענען מיר איצט געזעסן, צוויי חברים, איינער קעגן איבער דעם צווייטן און גאָרניט געזאָגט. ניט געפרעגט, ניט געענטפערט. שטיל, אָן צו רעדן, ווי אין וועלס דערציילונג „די צייטמאַשין״, האָבן מיר זיך שווייגנדיק אַלץ געזאָגט. כ׳בין נאָך אַ ווײַלע געזעסן, לסוף אויפגעשטאַנען און זיך גענומען געזעגענען. די נייע ווירקלעכקייט האָט געדריקט אויף אונדז ביידע.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך יולעקן ווידער געטראָפן. ער איז שוין געווען אין ציוויל. מיר האָבן געקוקט פאַר זיך. יולעק האָט געלאָזט פאַלן אַ טרייסטוואָרט:

— וועסט זען — און ער האָט אַ זאָג געטאָן די רוסישע פראַזע — „אי נאַ נאַשאַי אוליצע בודיעט פראַזדניק — אויך אויף אונדזער גאַס וועט זיין יום־טוב״.

ווען כ׳האָב איצט, אין אַ פּאָר יאָר אַרום, שפּאַצירט איבער די וואַרשעווער גאַסן, געטראַכט וועגן אַ ניי אַרבעטאָרט, האָט מיר נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערן דער צוזאָג פון יולעקן וועגן „יום־טוב אויף אונדזער גאַס״. יולעק איז שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע.

דער צוזאָג האָט זיך אויסגעוועפּט אין דער לופט.

# קולטור פאַר די מאַסן

ניין, קיין יום־טוב אויף אונדזער גאַס האָב איך ניט געזוכט, נאָר אַן אַרבעטאָרט, ווו מען וועט מיך אָננעמען. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און כ׳האָב געפונען. עס איז געווען אַן אַרבעט אין דער פּוילישער פּרעסע־אַגענטור, אין איר נייעס־אָפּטיילונג פאַר אויסלאַנד. די אַרבעט איז אויסגעקומען צו מאַכן אין די נאָכמיטאָג־שעהען. די מאָרגן־שעהען זענען געווען מיינע — ניט שלעכט.

נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט האָט אַ פריינד מיר אַ זאָג געטאָן:

— כ׳האָב איצט גערעדט מיט בורגינען. ער נייטיקט זיך אין אַזאַ איינעם ווי דו. כ׳האָב אים דערציילט וועגן דיר. גיי אַריבער צו אים — די אַרבעט דאָרט וועט דיך זיכער אינטערעסירן.

יולעק בורגין איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ געוואַגטער אין זיינע מיינונגען. אין ערשטן גאָמולקאַ־יאָר, אין 1956, ווען יידן פּאַרטיי־חברים האָבן גענומען פאַרלאָזן פּוילן — ניט־פּאַרטייִשע האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָזט! — און די צאָל־באַאַמטע האָבן ביי זיי געריסן אָפּצאָלן פאַר טויטע און לעבעדיקע, איז בורגין אַרויס מיט אַ שאַרף אַרטיקל א״נ „שאַקאַלן״, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום דאָזיקן סקאַנדאַל. ניט לאַנג צוריק איז בורגין געווען אויף אַ לענגערן באַזוך אין כינע. ער איז צוריקגעקומען פול מיט אָנערקענונג פאַר דער כינעזישער פּאַרטיי־פירונג. דאָס איז ניט געווען אַזוי פיל אָנערקענונג פאַר דער כינעזישער פּאַרטיי ווי אַן אַרויסטריט קעגן דער ...פּוילישער פּאַרטיי־פירונג. איצט אין 1960, איז בורגין געשטאַנען אין שפּיץ פון צענטראַלן פּאַרטיי־פאַרלאַג „קשאַנזשקאַ אי ווידזאַ״ — בוך און וויסן. „בוך״ האָט אַ מאָל געהייסן דער קאָמוניסטישער פאַרלאַג „וויסן״ — דער סאָציאַליסטישער — דאַרף מען דאָך די ביידע פאַראייניקן, כאָטש אין ווערטער.

בורגינען האָב איך פּערזענלעך ניט געקענט. נאָך דער רעקאָמענדאַציע פון מיין גוטן־פריינד בין איך צו אים אַוועק.

כ׳בין געשטאַנען פאַר אַ הויכן מאַן אין די אָנהייב פופציקער. מע האָט אים מיר געשילדערט אין די פּאָזיטיוויסטע פאַרבן. וועגן מיר האָט אַוודאי מיין חבר אויך דערציילט און צוגעלייגט ניט ווייניק גוטע זאַכן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט מיך בורגין, מיט פולן צוטרוי, אַריינגעפירט אין תּוכן פון די ענינים.

דער פאַרלאַג „קשאָנזשקאַ אי וויעדזאַ" איז געווען אַ ריזן־אונטערנע־מונג, מיט אַ סך אַרבעטער, פאַרטיילטע איבער דריי הייזער. אין איין הויז זענען די ביכער געוואָרן רעדאַגירט, צוגעגרייט צום דרוק און אויסגע־פּאַרטיקט; אין אַן אַנדער הויז איז געווען די אַדמיניסטראַציע, דער קאָל־פּאָרטאַזש און ביכער־פאַרקויף. די פרעמדשפּראַכיקע אויסגאַבעס האָבן געהאַט זייער ביוראָ אין גיגאַנטישן „פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסן". צוזאַמען מיט קאָלפּאָרטאַזש איז מיר אויך די דאָזיקע אָפּטיילונג איבער־געגעבן געוואָרן.

בורגין איז גלייך אַריבער צו דער קאָלפּאָרטאַזש־אָפּטיילונג, גענומען רעדן וועגן מיין אויפגאַבע: פאַרבינדונג מיט דער פּרעסע, זאָרגן פאַר איבערזיכטן פון אונדזערע ביכער, פאַרבינדונג מיט דער ליטעראַטור־אָפּטיי־לונג פון ראַדיאָ, ווי אַזוי מיט זיי צו אַרבעטן.

כ׳בין ניט אַריין אין קיין ליידיקן חלל: עס זענען געווען טעטיק קאָלפּאָרטערן, ביכער־אויטאָבוסן, ממש באַוועגלעכע ביבליאָטעקן, איבער אַלע וואָיעוואָדשאַפטן, ביכער־געשעפטן, אַגענטורן. מיט דעם אַלעם האָט אָנגעפירט, אָדער געדאַרפט אָנפירן, די קאָלפּאָרטאַזש־אָפּטיילונג, וועלכע מע האָט אויך גערופן די פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג. אין משך פון דער צייט איז איר אָנפירונג זיך פאַרזעסן אויף איר אָרט, פאַרזונקען אין רוטין, אויסער טיי־טרינקען, טעלעפאָנירן אַהיים, צו פריינד, אַרויסגיין פון ביוראָ, שפּאַצירן איבער די צימערן, שמועסן מיט חברים — האָט זי שוין גאָרניט ניט געטאָן.

— מע דאַרף דערצו אַ סוף מאַכן — האָט מיר אַ זאָג געטאָן בורגין, אַן אויפריכטיקער פּאַרטיי־משוגענער.

כ׳האָב זיך שוין געזען אין פאַרבינדונג מיט מיינע חברים פון דער פּרעסע, פון ראַדיאָ, נו, קיין נייעס איז עס פאַר מיר ניט געווען. כ׳האָב גוט געקענט זייער ציניזם, אָבער פון אַזאַ פּאָזיציע פון כוח, פון צענטראַלן פּאַרטיי־פאַרלאַג און זיינע מיטלען, וועלן מיר שוין געפינען אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

כ׳האָב אין געדאַנק דורכגעוואָרפן מיינע פריינד, די ליטעראַטור־קריטיקער פון דער פּרעסע, פון ראַדיאָ, געזוכט אַ בריק צו זיי.

— און די קאָלפּאָרטערן — האָט מיך בורגין צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט — וועסטו באַלד באַגעגענען אויף דער חודשלעכער קאָנפערענץ. מיר וועלן אַראָפּגיין, זיי וואַרטן שוין. וועסט זיך אויפן אָרט באַקענען מיט זיי און אויך מיט די פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן, וועלכע קומען צו די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען.

ווען מיר זענען אַריין אין זאַל, אַ גענוג גרויסער, זענען שוין דאָרט געווען די דירעקטאָרן, די פאַראַנטוואָרטלעכע רעדאַקטאָרן פאַר די באַזונדערע אָפּטיילונגען: פילאָסאָפיע, עקאָנאָמיע, ליטעראַטור, פּאַרטיי־ליטעראַטור, און די קאָלפּאָרטערן, וועלכע זענען זיך צענויפגעפאָרן פון אַלע עקן פוילן.

די קאָלפּאָרטערן זענען געווען פון די ערשטע וועלכע האָבן זיך פאַרשריבן צום וואָרט. ס׳איז אַוועק אַ סדרה וועגן ביכער וואָס פאַרקויפן זיך גוט און ווייניקער גוט. דאָס זענען ניט געווען קיין ביכער־פאַרקויפערס מיטן פלאַם פון קולטור־פאַרשפּרייטערס. דער טראָפּ איז געשטעלט געוואָרן אויף דער צאָל פון די פאַרקויפטע ביכער. די ביכער פון די אַזוי גערופענע קאָריפייען פון מאַרקסיזם־לעניניזם, זענען געלעגן, ווי מען האָט עס באַצייכנט, ווי ציגל. עס זענען גוט געגאַנגען אילוסטרירטע ביכער וועגן קונסט, ביכער פון אַנטי־רעליגיעזן כאַראַקטער, וועלכע די קאָלפּאָרטערן האָבן באַזונדערס גערן פאַרשפּרייט.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו די באַריכטן, געוואָלט זיך באַקענען מיט די קאָלפּאָרטערן; וועט מיר דאָך אויסקומען מיט זיי צו אַרבעטן. אַלע קאָלפּאָרטערן האָבן זיך געקלאָגט אויף דעם וואָס די קאָלפּאָרטאַזש־אָפּטיי־

לונג שטעלט ניט צו קיין מאַטעריאַלן, וועלכע זאָלן זיי העלפן אין זייער אויפגאַבע.

— דהיינו, וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— עס זענען פאַראַן מאַגנעטאָפאָנען, אָבער די אָפּטיילונג שטעלט ניט צו קיין אָנגעשפּילטע בענדער, וועלכע זאָלן רעדן וועגן די אַרויסגעגעבענע ביכער וואָס זיי דאַרפן פאַרקויפן — האָט מיר בורגין קלאָר געמאַכט.

— באַזאָרג אונדז מיט אַזעלכע בענדער, וואָס זאָלן געבן אַ קורצן אינהאַלט פון די ביכער — איז געווען דער אַלגעמיינער פאַרלאַנג פון די קאָלפּאָרטערן, אין זייער בליק צו מיר, ווען מע האָט מיך פאָרגעשטעלט ווי דעם נייעם שעף פון דער פּראָפּאַגאַנדע-אָפּטיילונג.

— איר וועט עס אין קורצן באַקומען — האָב איך זיי פאַרזיכערט, אַ צוזאָג ניט שווער צו דערהאַלטן.

— ווערסט עס מאַכן — האָט מיך שטיל אויפגעפאָדערט בורגין.

— יאָ, זיי וועלן עס האָבן צו דער נאָענטסטער קאָנפערענץ — האָב איך אים פאַרזיכערט.

כ׳בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און זי איז אַוועק מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. קיין געלט-שוועריקייטן זענען ניט געווען. אַ טעלעפאָן-רוף און ס׳האָט זיך גלייך געשטעלט דער געהעריקער פאַכמאַן: אַן עלעקטריקער, אַ סטאָליאַר, אַ מאָלער. אין דער קירצסטער צייט איז מיין ביוראָ געווען אויפגעפרישט, אייגנגעאָרדנט אויפן בעסטן אופן, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן פאַר מיין אַרבעט. כ׳האָב געקענט אויפנעמען אויטאָרן, פאַר וועלכע כ׳האָב איינגעאָרדנט רעפעראַטן וועגן זייערע ווערק אויף די פאַרשידנסטע ערטער פון לאַנד, פאַר מיינע רעדאַקטאָרן, מיטאַרבעטער און פאַר די קאָלפּאָרטערן, מיט וועלכע כ׳האָב איינגעשטעלט אַן ענגן קאָנטאַקט.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיט דער הילף פון מיינע רעדאַקטאָרן, מיט דער הילף פון דער מוזיקאַלישער אָפּטיילונג פון פּוילישן ראַדיאָ, האָב איך געהאַט די נייטיקע צאָל טאָן-בענדער, אויפגעשפּילט לויטן ערשטן פּראָטאָ-באַנד. די סומע פאַר דער אַרבעט איז געווען אַ באַשיידענע.

ווען כ׳בין אין אַ פּאָר טעג אַרום גערופן געוואָרן צו בורגינען, האָב

איך שוין, פאַרן אַריינגיין אין זיין ביוראָ, געהערט דאָס כינעזישע ליד, געזונגען דורך אַ פוילישן כאָר, ווי אַן אַריינפיר צום בוך „פאַרצייכענונגען פון אַ רייזע איבער פאָלקס־כינע״. בורגינס אויגן האָבן געפינקלט. ער האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד, ווען דער טאָן־באַנד איז געלאָפן פון מעלאָדיע צו בוך, פון מעלאָדיע צו בוך. דער פאַרלאַנג פון די קאָלפּאָרטערן זייט אַ לאַנגער צייט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן.

— ער האָט עס געמאַכט — האָבן געזאָגט די קאָלפּאָרטערן — אָט, אַזוי — ווייזנדיק דעם גראָבן פינגער, וועלכן זיי האָבן אַ טרייסל געטאָן, ווי אַ צייכן פון אָנערקענונג.

דאָס קאַפּיטל מאַגנעטאָפאָן־בענדער איז געווען פאַרענדיקט און מיר פאַרשאַפט אָנערקענונג, ספּעציעל ביי די קאָלפּאָרטערן. יעדעס מאָל ווען זיי זענען געקומען קיין וואַרשע אויף די חודשלעכע קאָנפערענצן, אָדער ווען ס׳איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף אַ רעפעראַט אין זייער וואָיעוואָד־שאַפט, האָב איך זיך מיט זיי געטראָפן, זיי נענטער דערקענט. ניט שטענדיק צום גוטן.

# מיטן פוח פון לעגינען

אַ סימפּאַטישע פּאַרקויפערין פון אַ בוכהאַנדלונג אין דער פּראָווינץ איז אַריינגעקומען אין מיין ביוראָ. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט און אויף מיין ביטע זיך אַוועקגעזעצט. זי איז געזעסן אַ ביסל פאַרלוירן, ווי ניט געוווסט פון וואָס אָנצוהויבן.

— מיט וואָס קען איך אייך העלפן ? — האָב איך געוואָלט איבעררייסן איר פאַרלוירנקייט.

זי האָט גענומען דערציילן וועגן איר אַרבעט אין דער בוכהאַנדלונג, וועגן די מענטשן וועלכע קומען קויפן ביכער, וואָס זיי קויפן, ווי אַזוי זי באַמיט זיך אָנצוווייזן וואָס צו קויפן — עס זענען געווען ווערטער פּשוטע, ניט קיין רעוועלאַציעס, איבערגעגעבענע קולטורעל און באַשיידן. זי האָט גערעדט און כ׳האָב געפילט אַז צום עיקר איז זי ניט דערגאַנגען, ניט געוואַגט אים אָנצורירן. כ׳האָב שטאַרק געוואָלט זי זאָל ווייטער רעדן. אַן אינטעליגענטע פרוי, איז זי געקומען קיין וואַרשע, איז זי ביי מיר אין ביוראָ — האָט זי דאָך עפּעס אויפן האַרץ. טאָ זאָל זי רעדן. כ׳האָב זי געמוטיקט, דאָ און דאָרט אַריינגעוואָרפן אַ פראַגע, געוואָלט זי זאָל פילן אַז איך הער, אַז עס אינטערעסירט מיך. אַ שמועס געפירט אַליין, האָט מיר געקלונגען אין מוח אַ פּראָזע פון באַלזאַק, ווי פריינדשאַפט, קען ניט זיין קיין איינזייטיקער, אויב דער צווייטער צד לייגט ניט אויף דער וואָגשאָל אויך פון זיין זייט, רייסט עס זיך איבער.

— און וואָס איז מיט אייער פּאַרדינסט ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, פרווונדיק אָנגעבן דעם שמועס אַ נייע ריכטונג. ניין, דאָס איז ניט געווען דער צייכן אויף וועלכן זי האָט געוואָרט. זי פאַרדינט ניט שלעכט, כאָטש מיט פּרנסה גיסט זיך ניט איבער, און זי האָט אַ זאָג געטאָן באַשיידן:

— כ׳בין ניט די איינציקע. מיין אַרבעטאָרט, מיין בוכהאַנדלונג איז ליכטיק און שיין, אויף אַ גוטן פּונקט.

— טאָ וואָס קווועלט איר? — האָב איך אונטערגעכאַפּט.

— איר ווייסט, דער קאָלפּאָרטער...

כ׳האָב געזען פאַר זיך דעם פאַראַנטוואָרטלעכן קאָלפּאָרטער אין יענער וואָיעוואָדשאַפט. כ׳האָב געזען פאַר זיך די פרוי, אַ יונגע, אַן אָנגענעמע. כ׳האָב גענומען איבערוואַרפן אין מוח, וואָס דאָ קען זיין ניט אין אָרדענונג.

— וואָס איז מיטן קאָלפּאָרטער? זאָגט מיר, איר קענט מיט מיר רויִק רעדן.

— זיין לעצטער באַזוך אין מיין בוכהאַנדלונג האָט ביי מיר איבערגעלאָזט אַ פּחד, כ׳קען זיך פון אים ניט באַפרייען...

— ער האָט אייך באַליידיקט?

— ניין, דאָס ניט. באַדראָט...

— באַדראָט? דערציילט, ביטע.

— ער איז געקומען מיט אַ מאַגנעטאָפאָן, אַרויפגעלייגט אויף אים אַ מאַגנעטאָפאָן־באַנד, געלאָזט הערן לידער, אָפּשאַצונגען וועגן ביכער...

— איז דאָס שלעכט?

— ניין, ס׳איז געווען אינטערעסאַנט, אָנגענעם.

— נו?

— דאָס וואָס איז געקומען דערנאָך.

— וואָס איז געקומען דערנאָך?

— דערנאָך איז געווען דער ליידיקער באַנד, וואָס האָט זיך ווייטער געדרייט און נאָך אַ דרוק אויף אַ קנאָפּ האָט ער גענומען רעגיסטרירן. ביים אָפענעם מאַגנעטאָפאָן האָט ער גענומען מיך אויספרעגן צי כ׳וויל באַשטעלן ביכער פון לענין, סטאַלין, גאָמולקאַ, פּאַרטיי־ליטעראַטור. איר ווייסט, מיר האָבן געגנוג די דאָזיקע ביכער אויפן לאַגער, זיי ליגן ווי די ציגל, קען איך באַשטעלן נאָך אַזעלכע? כ׳וועל אַריינלייגן געלט און זיי וועלן ליגן, און אויף מער געפאָדערטע ביכער וועל איך קיין בודזשעט ניט האָבן, זאָל איך סתם אָנפּאַקן די פּאָליצעס?

— וואָס זשע האָט איר געטאָן?

— כ׳האָב ניט באַשטעלט!

— גוט האָט איר געטאָן. אַז איר באַדאַרפט ניט...

— אָבער דער מאַגנעטאָפאָן איז געווען אָפן און ער האָט מיך געפרעגט: „ווילסט די ווערק פון לענין" און איך האָב געזאָגט „ניין" — און דער מאַגנעטאָפאָן האָט פאַרצייכנט מיינע ווערטער. ער האָט מיך געפרעגט, צי כ'וויל די ווערק פון גאָמולקאַ און איך האָב געזאָגט „ניין".

— איז וואָס? — האָב איך נאַיִוו געפרעגט די באַשיידענע פרוי פון דער פּראָווינץ.

— ווייס איך וואָס ער קען דערמיט טאָן? אַ פאַרקויפערין אין אַ בוכהאַנדלונג וואָס וויל ניט קויפן לענינען, גאָמולקאַ, קען ער דערמיט גיין אין זיכערקייט־אַמט און אַרויסטרעטן קעגן מיר, אָנווייזן וואָס פאַר אַ מענטשן עס אַרבעטן ביי אונדז ביים פאַרשפּרייטן ביכער...

כ'האָב זיך געניייטיקט אין אַ היפּשער דאָזע באַהערשונג און טאַקט צו באַרויִקן די פרוי, באַפרייען זי פון איר פּחד.

— זייט רויִק — האָב איך זי פאַרזיכערט. כ'וועל אַ שמועס טאָן מיט די קאָלפּאָרטערן, מער ווי לידער און ביכער־איבערזיכטן וועלן די טאָן־בענדער מיט זיך ניט ברענגען...

כ'בין אַריין צו בורגינען. כ'האָב אים דערציילט וועגן דעם שמועס מיט דער פרוי. ער האָט געהערט, געשוויגן, געשאָקלט מיטן קאָפּ און לסוף אַ זאָג געטאָן:

— אומגלויבלעך! — און נאָך אַ ווײַלע — יאָ, דאָס זענען אונדזערע מענטשן, מיט זיי דאַרפן מיר אַרבעטן. אָבער, ווייסט, די קונץ מיטן מאַגנע־טאָפאָן מוזן זיי אויפהערן. מוזט עס זיי זאָגן און דעם פאַרבאָט שטרענג באַטאָנען.

אַ מאַגנעטאָפאָן, אַ גאָר פּשוטע זאַך, און וואָס מע קען אַלץ דערמיט מאַכן.

# ביכער מיט פּראָבלעמען

די אַרבעט אַרום ביכער־פאַרשפּרייט איז לסוף אַוועק גלאַטיק, כ׳האָב געקענט שענקען מער אויפמערקזאַמקייט דער זאַך פון אַרויסגעבן ביכער אין פרעמדע שפּראַכן, פון פרעמדע שפּראַכן. כ׳האָב זיך דערצו ערנסט אָ נעם געטאָן. כ׳בין אַריבער אין מיין ביוראָ אין „פּאַלאַץ פאַר קולטור און וויסנשאַפט״.

אין וואָס איז באַשטאַנען מיין אַרבעט? קודם־כל אַרויסצוגעבן ווערק פון פּוילישע אויטאָרן אין פרעמדע שפּראַכן. וואָס איז דאָ אַזעלכעס וואָס זאָל ווערט זיין די מי אַרויסצוגעבן עס אין פרעמדע שפּראַכן? — וועט פרעגן אַ מענטש, אַ ווייטשטייענדיקער פון די זאַכן אין אויסלאַנד. ס׳איז דאָ. אַזוי איז מען לכל הפּחות געווען איבערצייגט אין פּוילן. פּראָפעסאָר שאַף, למשל, האָט אַרויסגעגעבן אַ ווערק וועגן דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם און אין צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען אומבאַדינגט געהאַלטן אַז מע דאַרף עס אַרויסגעבן אין ענגליש. נו, האָט מען עס איבערגעזעצט שיין, פיין. כ׳האָב איינגעלאַדן דעם פּראָפעסאָר אַדאַם שאַף, ער זאָל איבערלייענען אַ פּאָר זייטלעך פון זיין אַרבעט אין ענגליש. ער איז ניט געווען שטאַרק צופרידן פון זיין אַרבעט אין ענגלישן לבוש. מיט אַ צייט פריִער איז דערשינען אַן ענלעכע אַרבעט פון פּראָפעסאָר קאָרנפאָרט אין ענגלאַנד. דער ענגליש איז דאָרט אַוודאי געווען אַ בעסערער...

מע האָט געוואָלט אַרויסגעבן אין ענגליש און פראַנצייזיש די ווערק פון גאָמולקאַ — זאָל מען איבער דער וועלט לייענען און וויסן. שרעקלעך וויכטיק! אָבער ניט געפערלעך, ס׳איז דערפון גאָרניט געוואָרן. ס׳איז געלעגן אויפן וואַרשטאַט דאָס ווערק פון יעזשי קירכמאַיער, טאָקע דער גענעראַל וועלכער איז מיט ניין יאָר צוריק באַשולדיקט געוואָרן אין מלוכה־פאַרראַט און נאָך אַזעלכע „קלייניקייטן״, און איז שוין זייט אַ פינף יאָר, נאָכן

פֿאַרמשפּט־ווערן אויף אייביקער תּפֿיסה, אַרומגעגאַנגען פֿריי. ווי זאָגט דאָס פּוילישע ווערטל? „זיי האָבן אים דערהרגעט און ער איז אַנטלאָפֿן״... האָט ער אָנגעשריבן אַ דיק בוך וועגן וואַרשעווער אויפֿשטאַנד. ווי אַ מיליטער־מאַן, האָט ער געהאַט וואָס צו זאָגן אין דעם ענין. דאָס בוך איז געלעגן פֿאַר מיר איבערגעזעצט אין ענגליש. די איבערזעצונג איז געווען אַ גוטע, דאָס מאַטעריאַל — אינטערעסאַנט, כאָטש „אַ ביסל״ קאַרעגירט. כ׳האָב אַרויסגעשיקט מוסטערן פֿונעם בוך צו פֿאַרשידענע פֿאַרלאַגן אין אויסלאַנד. פֿאַרלאַגן האָבן, ווי געוויינטלעך, לעקטאָרן וועלכע זאָגן זייער מיינונג און די ענטפֿערס האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אין וועג...

פּאָזיטיוו איז אויסגעפֿאַלן „די ביבליאָטעק פֿון די מאַרקסיסטישע דענקערס״ וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן אין דער פּוילישער שפּראַך. זי האָט פּאָפּולאַריזירט די ווערק פֿון לאַפֿאַרג, לוקסעמבורג, מערינג, גראַמשי א״אַ. עס איז געקומען די ריי אַרויסצוגעבן אַן אָפּקלייב פֿון די ווערק פֿון משה העס — נו, ער איז דאָך געווען אַזוי נאָענט פֿאַרבונדן מיט מאַרקסן, שטאַמט דאָך פֿון אים דאָס וואָרט „מערוועררט״! מע האָט לאַנג בודק געווען זיינע ווערק, ס׳זאָל דאָרט, חס וחלילה, ניט אַריינפֿאַלן אַזאַ פּסול ווי „רוים און ירושלים״. לסוף איז צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ זייער בכּבֿודיקער באַנד זיינער.

אונדזער פֿינאַנציעלער אַדמיניסטראַטאָר טישעלמאַן האָט מיר בעת דער זיצונג שטיל אַריינגעזאָגט:

— די ווערק פֿון משה העס... נאָר דאָס פֿעלט אונדז... ווער וועט עס קויפֿן? די ווערק פֿון רודאָלף העס, אָ, דאָס וואָלט געווען אַן אַרטיקל...

ניט ווייניק קאָפּ־ברעכעניש און פֿאַרלוסטן האָט אונדז פֿאַרשאַפֿט דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אייכמאַנס ווידוי. דאָס זענען געווען צוויי גרויסע טאָן־בענדער, אויף וועלכע עס זענען געווען פֿאַרצייכנט אייכמאַנס ווערטער. עס האָט גענומען איבער דריי שעה אויסצוהערן זיין אַרויסזאָגן זיך אין אַ שיכּורן געכאָרכל, אָבער גענוג קלאָר צו פֿאַרשטיין וואָס ער זאָגט.

ווי זענען זיי דערגאַנגען צו אונדזער פֿאַרלאַג אין וואַרשע? דערגאַנגען זענען זיי צו אונדז צוזאַמען מיטן מענטש, וועלכער האָט עס באַדאַרפֿט פֿאַרעפֿנטלעכן. ער האָט געהאַלטן אַז דאָס בעסטע אָרט דערפֿאַר

וועט זיין פוילן. צי האָט ער עס אַזוי געהאַלטן, צי גאָר אַנדערע — דאָס איז איינגעהילט אין אַ שלייער פון געהיימעניש. די טאָן־בענדער זענען געווען אַבסאָלוט אויטענטישע. עס האָבן זיי געהערט, באַטראַכט, זייער פּאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען בראש פון „קשאָנזש־קאָ אי וויעדזאַ״ און נאָך „העכערע״ פון וועמען מיר האָבן געוואָלט הערן אַן אָפּשאַצונג. די אויטענטישקייט פון די טאָן־בענדער האָט קיינער פון זיי ניט קוועסטיאָנירט.

דאָס פּאַרעפנטלעכן פון — לאָמיר עס אָנרופן „אייכמאַנס ווידוי״ — האָט אונדז געשטעלט פּאַר אַ ריי שוועריקייטן. קודם־כּל די פּערזאָן פונעם רעדאַקטאָר, וועלכער האָט זי צו אונדז געבראַכט — טאָמאַס האַרלאַן.

טאָמאַס האַרלאַן איז געווען דער זון פונעם באַקאַנטן נאַצי־רעזשיסער, וואָס האָט אויף געבעלס אָנווייזונג געשאַפן דעם נבזהדיקן פילם „ייִד זיס״. דאָס אַרויסגעבן דאָס בוך פון אייכמאַנען אין פוילן, אונטער דער רעדאַקציע פון טאָמאַס האַרלאַן, האָט געלאָקט. עס געשען אַזעלכע פאַלן ווען קינדער טרעטן אַרויס קעגן זייער פאָטער, ווילן זיך אָליין אָדער גאָר דעם פאָטער ריינוואַשן. האַרלאַן האָט באַלד פון אָנהייב געפּאָדערט און באַקומען אַזעלכע באַדינגונגען וואָס האָבן זיך שווער געלייגט אויף דער קעשענע פון פאַרלאַג.

אַ פופציק קילאָמעטער פון וואַרשע, אין אָבאָרי, איז געווען אַ פּרעכ־טיקע איינריכטונג — הייזער, ווילעס, אַ גאָרטן און דאָס הויז פון די פּוילישע שרייבערס. אינעם גרעסטן הויז פון דער דאָזיקער איינריכטונג האָט מען אויסגעטיילט אַ פליגל, ווו האַרלאַן האָט איינגעאָרדנט זיין אַרבעט־וואַרשטאַט מיט דער העכסטער דייטשישער פּינקטלעכקייט. עס איז דאָרט אויסגעוואַקסן אַ ריזן־ביבליאָטעק, פאַרבונדן מיט דער היטלעריסטי־שער „ענדגילטיקע לייזונג״, אין אַלע אירע אָפּצווייגן. ווען כ׳בין אַריין אין יענע צימערן, זענען די שענק געווען אויסגעפילט מיט ביכער, מאַטעריאַלן — צום פּלאַצן. טעקעס מיט פאַרשריבענע נאָטיצן, גבית־עדות, האָבן אויס־געפילט שטויסנווייז די צימערן. צו דער דיספּאָזיציע פון האַרלאַנען זענען געווען סטענאָדאַקטילאָס, גרייט צו יעדן רוף זיינעם, אָפילו אין מיטן נאַכט. כ׳האָב געזען די נאָטיצן, איבערגעשריבן דורך די דאַקטילאָס, זיי האָבן געמוזט זיין קלאָר, ריין, אָן אַ פעלער. איז געווען אַ פעלער, אָפילו אין

איין אות, האָט עס געמוזט איבערגעשריבן ווערן. די דאַקטילאָגראַפינס זענען געווען פרויען פון דייטשלאַנד, אונטערגעוואָרפענע זיין באַפעל.

כ׳האָב האַרלאַנען געזען בלויז דעמאָלט ווען ער האָט געהאַט אַ פאָדערונג. בדרך־כלל איז ער געזעסן אינעם הויז פון די ליטעראַטן, וואָס איז אים געווען אָפּגעגעבן צייטווייליק. איין מאָל, ווען דער טערמין איז אָפּגעלאָפן, — ס׳איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל! — האָב איך געדאַרפט גיין אַ שמועס טאָן מיטן פאַראַנטוואָרטלעכן מצד דעם ליטעראַטן־פאַרבאַנד, אויסצופּועלן ביי אים די פאַרלענגערונג.

דעם פאַראַנטוואָרטלעכן פאַרן הויז איז אָבאָרי האָב איך ניט געקענט, כאָטש זיין נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט. געווען איז עס מאַליניאַק, אַן עלטערער מענטש, דער איבערזעצער פון מאַרקס׳ „קאַפּיטאַל״ אין פּויליש — אַ ניט פּשוטע אַרבעט, וואָס האָט אויפגעצווונגען רעספּעקט.

ווען כ׳האָב אים איבערגעגעבן דעם ציל פון מיין באַזוך, האָט ער מיר רויִק דערקלערט, אַז ס׳וועט דערפון גאָרניט ווערן.

— שוין גענוג פאַרלענגערט. איין מאָל מוז עס אַ סוף נעמען — האָט ער אַ זאָג געטאָן און מיר דערציילט וועגן דער דאָזיקער, שוין צו לאַנגער לאָקאַטאָרשאַפט און וויפל זי נעמט אַוועק פון שרייבערס, וועמען עס קומט אַן אָרט פאַר אָפּרו און אַרבעט. ווען כ׳האָב דערמאָנט אין דער וויכטיקייט פון דער אַרבעט, האָט ער, ווי אַ ניטפאַרעמדער אינעם ענין, אַ זאָג געטאָן:

— ער וויל זיך אָפּרייניקן פון די דייטשישע זינד. ווער זאָגט עס אַז ער מוז עס טאָן אין דער פּרעכטיקער ווילע, אין דעם אָ פּאַרק?

כ׳האָב מיט אים דעם ענין ניט דערליידיקט. כ׳האָב עס איבערגעלאָזט פאַר בורגינען. זאָל ער, אויב עס איז אַזוי וויכטיק, אַ דריק טאָן דורכן צ. ק. מיר האָבן אָבער תּיכּף באַשטימט צו קירצן דעם שטאַב פון האַרלאַנס מיטאַרבעטער, וועלכער איז אין צווישנצייט שטאַרק אויסגעוואַקסן.

כ׳האָב וועגן דעם געשריבן צו האַרלאַנען. האַרלאַן איז תּיכּף אַריבער־געקומען צו מיר, געדונערט מיטן בריוו אין האַנט און באַרעכטיקט זיינע פאָדערונגען ניט ווי איינער וואָס האָט אַ חרטה־געפיל. ס׳האָט זיך געפילט אַז ער איז ניט אַליין, אַז עס שטייט ווער הינטער אים — קען זיין אַ מיזרח־דייטשישער פאַקטאָר — אפשר אַ פּוילישער, און אפשר גאָר —ביידע

צוזאַמען. איז האַרלאַן צו דעם צוועק געשיקט געוואָרן קיין פּוילן? אויף אַריינפּאָרן און אַרויספאָרן פון פּוילן האָט ער געמוזט האָבן די דערלויבעניש פון פּוילישן אינערן־מיניסטעריום. עס איז אונדז געווען אויף דער האַנט. מיר זענען ניט געווען פאַראינטערעסירט ער זאָל אַרויספאָרן ווען ער וויל, — צו פיל געלט האָט אונדז שוין געקאָסט דער דאָזיקער ענין.

איין מאָל איז ער געקומען מיר מעלדן וועגן זיין אָוועקפאָרן, מיר זאָלן פאַר אים באַקומען די אויסרייז־דערלויבעניש. מיר האָבן עס ניט געטאָן. האַרלאַן איז געבליבן שטעקן. ער האָט אָבער ניט געהערט צו יענע, וועלכע זענען לייכט מוותר אויף זייערע פאַרלאַנגען. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געקומען צו מיר מיט אַ טעלעגראַמע, אין וועלכער ער איז איינגעלאַדן געוואָרן זיך צו טרעפן מיטן פאָרשטייער פון אַ מיזרח־דייטשישן פאַרלאַג אין ...קאָפּענהאַגען. די זאַך איז אַריבער צו בורגינען — זאָל ער באַשטימען.

דערווייל איז אַריינגעטראָטן אַ ראַדיקאַלע ווענדונג.

— ס'וועט פון דער „אייכמאַן־ווידוי" גאָרניט ווערן — האָט מען מיר געמאָלדן. נאָך אַ טיפן אַנאַליז פונעם דאָקומענט איז מען געקומען צום אויספיר, אַז פאַרעפנטלעכן דעם דאָזיקן דאָקומענט וואָלט געהייסן פאַר־שפּרייטן אַ פאַרטיידיקונג־דאָקומענט לטובת אייכמאַנען און אַלע נאַצי־פאַרברעכער. אין דער „אייכמאַן־ווידוי" איז געווען גראָב אונטערגעשטראָכן די הילף וואָס אייכמאַן האָט באַקומען בעת זיין פאַרניכטונג־אַקציע מצד די... ייִדן. ער האָט גערעדט וועגן די ייִדישע אינסטיטוציעס וועלכע זענען אויפגעשטעלט געוואָרן אין געטאָ, מיטן ציל כּלומרשט צו דערלייכטערן דאָס לעבן אין געטאָ, ראַטעווען וויפל לעבנס עס לאָזט זיך — צילן וועלכע זענען אָפּגעווישט געוואָרן און די אינסטיטוציעס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין הילפס־מכשירים פון די נאַצישע הענקערס. אייכמאַן האָט ברייט אויסגערעכנט זיינע ייִדישע העלפערס, ביז די נידעריקסטע טיפּן פון דער ייִדישער אונטערוועלט, וועלכע האָבן זייער פאַררעטערישע דינסט פאַר־שיכּורט אין זייערע פרייע שעהען אין די נאַכטלאָקאַלן פון געטאָ.

און נאָך אַ זאַך איז קלאָר געוואָרן: אינעם דאָקומענט זענען אַרויפ־

געשוווּמען נעמען פון דייטשן, וועלכע פיגורירן אויף גאָר הויכע ערטער אין דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

דער אייכמאַן־דאָקומענט, „די אייכמאַן־ווידוי״ איז געפּסלט געוואָרן, אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג. כ׳האָב פון דעם מער ניט געהערט, אַפילו קיין שורה ניט געזען ווי אַ ציטאַט, און דאָס אין משך פון לאַנגע יאָרן, וועלכע זענען פאַרביי זייט דעמאָלט. כ׳קען ניט גאַראַנטירן אַז דער דאָזיקער דאָקומענט וועט אַ מאָל ניט אַרויסגעגעבן ווערן, גאָרניט צום גונסטן פון אונדזער פאָלק, דורך מנוולים, וועלכע באַדויערן, וואָס אייכמאַנס „אַרבעט״ איז ניט דערפירט געוואָרן ביזן סוף. און אפשר איז דאָס אַרויסגעבן דעם דאָזיקן דאָקומענט שוין פון אָנהייב פאַרטראַכט געוואָרן מיט גאָרניט קיין ריינע כוונות.

די אַרבעט מיינע אין „קשאַנזשקאַ אי וויעדזאַ״ איז ווייטער געגאַנגען. כ׳האָב געשיקט בריוו, געלאָזט איבערזעצן טיילן פון אַנדערע ביכער — כ׳האָב געטאָן אַלץ, אָבער אַרויסגעבן אונדזערע ביכער דורך אַן אויסלענדישן פאַרלאַג האָט זיך ניט איינגעגעבן.

כ׳וואָלט אַזוי געקענט ווייטער ציִען, אַן אַרבעטאָרט, זייער אַ בכבודיקס, האָב איך געהאַט, אָבער די כסדרדיקע אָפּזאָגן אויף אונדזערע פאָרשלאָגן האָבן אָוועקגענומען יעדן זין פון ווייטערדיקער אַרבעט. אַלע דערמוטיקונגען כ׳זאָל ווייטער פירן מיין אַרבעט זענען געווען צוועקלאָז — דאָס איז פאַר מיר געווען אַרויסגעוואָרפענע מי.

נאָך דריי יאָר מיטאַרבעט האָב איך זיך האַרציק געזעגנט מיט בורגינען.

# אַ שמועס מיט פּילסודסקין...

ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און כ'האָב גענומען אַרבעטן ווי אַ טעכני־שער איבערזעצער. אַזוי פּשוט, יאָ. וואָס איז ? מוז איך צו אַזעלכע פּשוטע זאַכן האָבן די רעקאָמענדאַציע פון צ.ק. ? כ'האָב געזען אין דער פּרעסע אַן אַנאָנס אַז אין דער אונטערנעמונג „פּראָזאַמעט" זוכט מען טעכנישע איבערזעצערס, בין איך דאָרט אַהינגעגאַנגען. געווען איז עס אַן אונטער־נעמונג מיט איבער פינף הונדערט אינזשענירן, וועלכע האָט געבויט גרויסע אָביעקטן: צוקער־פאַבריקן, ציגל־פאַבריקן און ענלעכע אונטערנעמונגען אין אויסלאַנד — אין קובאַ, איראַק, מצרים און אין אייראָפּע. די אינזשענירן פון „פּראָזאַמעט" האָבן געמאַכט זייערע פּלענער אין דער פּוילישער שפּראַך, אָבער פאַר די רעאַליזירערס אין דער ברייטער וועלט האָבן די פּלענער געמוזט איבערגעזעצט ווערן אין פאַר זיי פאַרשטענדלעכע שפּראַכן. האָט מען געזוכט איבערזעצערס אויף ענגליש, פראַנצייזיש, שפּאַניש.

נאָך אַ פּרווו־איבערזעצונג אויפן אָרט, בין איך אָנגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט. מיין לוין איז אַפילו געווען אַ העכערער ווי ביי דער פריִערדיקער אַרבעט. האָב איך איצט, אַן קאָפּ־ברעכעניש מיט אויטאָרן און פאַרלאַגן, אָפּגעאַרבעט מיינע אַכט שעה און אַהיימגעגאַנגען. ס'האָט זיך איינגעשטעלט אַ נאָרמאַלע אַרבעט מיט אַ פרייען קאָפּ, דערגאַנצט מיט אַ סך פרייע צייט. ס'איז גוט געווען. נאָך אייניקע חדשים האָט אַ טעלעפאָן־רוף צעשטערט מיין געמיט.

מע האָט מיך גערופן צום אויספאָרשונג־ריכטער. וואָס פאַר אַ פאַרברעכן בין איך באַגאַנגען ? דער ענין איז מיר קלאָר געוואָרן נאָכן קורצן אַריינ־פיר־שמועס מיטן ריכטער. די זאַך איז געווען פאַרבונדן מיט מיין אַרבעט אין פאַרלאַג „בוך און וויסן". עס האָט זיך דאָרט אָנגעזאַמלט אַ גרויסער דעפיציט. דער ריכטער האָט מיך אַ סך אויסגעפרעגט וועגן בורגין, וועגן

טישעלמאַן — דעם אַדמיניסטראַטאָר פון פּאַרלאַג, וועגן די אויסגאַבעס פון מיין אָפּטיילונג. אין וואָס איז עס געגאַנגען? הארלאַן האָט געקאָסט אַ סך געלט — וועגן האַרלאַנען האָט ער בכלל ניט גערעדט. ער איז שוין זיכער געווען ווייט פון וואַרשע, מע האָט אים אפשר אויך ניט געטאָרט באַשול־דיקן. אויב ער האָט אַזוי געקענט „ווירטשאַפטן" האָט ער אַוודאי געהאַט די אונטערשטיצונג פון יענער זייט גרענעץ, פון מיזרח־דייטשלאַנד, וועלכע האָבן האַרלאַנען באַלאָדן מיט זייערס אַן אויפגאַבע, און אפשר טאַקע האָבן אויך פּוילישע אינסטאַנצן זיך אָנגעהאַנגען אין דעם דאָזיקן כלעסטיאַקאָוו. ווען מען דערוואַרט אַ סך פון אַזאַ גאָרניט, איז ניט קיין ווונדער וואָס אַלע דערוואַרטונגען ענדיקן זיך מיט אַ גרויסן גאָרניט, אָבער דאָס קאָסט אַ סך געלט! האָט ווער אָפּגעלעקט אַ פעטן ביין דערביי? ווער? ווער איז שולדיק? נו, בורגין, טישעלמאַן — און לובעלסקי!

אין שפּיץ פונעם פּאַרלאַג איז אויך געשטאַנען אַ פּאָליאַק — אים האָט מען בכלל ניט באַשולדיקט. האָט מען מיך געפּאַרשט במשך פון צוויי שעה. כ'גלייב ניט אַז עס זאָל האָבן געגעבן עפּעס ממשותדיקס. שוין ביים אָנהייב פון דער אויספאָרשונג האָט דער ריכטער גענומען צילן צו הויך און דער־מיט קאַליע געמאַכט די שפּיל. ער האָט מיך געפרעגט צי כ'ווייס וועגן... צירונג, זילבערן באַשטעק, וואָס בורגין האָט זיך געקויפט, אין וועלכע ס'האָבן געדאַרפט ליגן די שווערע געלטער פונעם דעפיציט וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין די חשבונות פונעם פּאַרלאַג „בוך און וויסן". דער געדאַנק פון דער באַשולדיקונג האָט מיר אויסגעזען ווילד־פרעמד. כ'האָב קאַטע־גאָריש אָפּגעוואָרפן אַזאַ חשד קעגן בורגינען, אַ מענטש אַ ריינער, ווייט פון שמוציקע מאַניפּולאַציעס.

די אויספאָרשונג האָט זיך געענדיקט און דער ריכטער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז כ'וועל נאָך גערופן ווערן. ער האָט מיר אַפילו אָנגעוויזן, אַז ס'וועט גוט זיין כ'זאָל טראַכטן וועגן אַן אַדוואָקאַט...

עפּעס האָט דער ענין מיר ניט אויסגעזען ערנסט. דאָס איז געשען אין 1963, ווען די סטאַלין־תקופה איז שוין געווען לאַנג פאַרביי. כ'האָב ניט געגלייבט מען זאָל איצט קענען אַרעסטירן מענטשן פאַר ניט זייער שולד, פאַר חטאים וואָס עס האָבן געמאַכט מענטשן ערגעץ „הויך" און אפשר

„נאָך העכער". כ'האָב געקלונגען צו בורגינען און אים דערציילט אַז מען „זוכט" אים, דערציילט וועגן אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט וויסן.

דער ענין האָט געשטעקט ערגעץ הויך. אין אַ וואָך אַרום בין איך גערופן געוואָרן צו אַן אויספאָרשונג־קאָמיסיע ביים צענטראַל־קאָמיטעט. פון די וועלכע זענען געזעסן אין דער קאָמיסיע האָב איך פאַרהאַלטן אין זכרון דעם פּראָפעסאָר סקושעשעווסקי. די אַנדערע צוויי האָבן זיך אויך פאָרגעשטעלט, אָבער זייערע נעמען האָב איך ניט פאַרגעדענקט. זיי האָבן מיך גענומען פאַרשן וועגן מיין אַרבעט אין פאַרלאַג. זיי האָבן געפרעגט מיין מיינונג וועגן בורגין און טישעלמאַן. זיי האָבן אַוודאי געזען אַז ס'איז ניטאָ אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן.

צו קיין משפט איז ניט געקומען. מע האָט שוין דעמאָלט ניט געוואָגט צו לאַנסירן פּראָצעסן, ווו די באַוויזן וואָלטן געדאַרפט פאַבריצירט ווערן דורך פרישע „פאַרטייער־פאַטריאָטן".

אָבער גלאַטיק איז דער ענין ניט דורך. די פאַרטיי שטייט איבער אַלץ, אָבער ווייזט אויס אַז עס זענען פאַראַן פאַרטייִשע כוחות וואָס שטייען העכער... אין עטלעכע חדשים אַרום האָט מען בורגינען, טישעלמאַנען און מיך אינפאָרמירט אַז מיר האָבן באַקומען „אַ פאַרוואורף מיט אַריינשרייבן אין פאַרטיי־ביכל".

דאָס איז אַזאַ שטראָף וואָס אַז מען פירט זיך גוט אויף אין משך פון אַ יאָר, קען מען זיך ווענדן צום צ. ק. ער זאָל אויסשטרייכן די שטראָף. פאַרן רוב חברים אין פוילן אָדער רוסלאַנד איז עס אַן ערנסטע שטראָף. שווער אויסצוהאַלטן אַ יאָר צייט — און ניט אָנשיכורן זיך, ניט מאַכן קיין סקאַנדאַל.

נאָוואַטשינסקי אויף אַ גאָר הויכן פאַרטיי־פּאָסטן, איז, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָנגעשיכורט, אַרויף אויפן קאָפּערניק־דענקמאָל, וואָס שטייט פאַרן בנין פון דער אַקאַדעמיע פאַר וויסנשאַפטן, אויפן אָנגעזעענסטן אָרט פון קראָקעווער־פאָרשטאָט, אין וואַרשע, און געשריגן צו קאָפּערניקן:

— אַראָפּ פון דאַנען, דו קורווישער זון!

ווי איר פאַרשטייט איז קאָפּערניק ניט אַראָפּ פון זיין פּלאַץ. ער זיצט נאָך דאָרט ביז היינט צו טאָג. אַראָפּ פון זיין אַמט איז נאָוואַטשינסקי מיט

דער שטראָף: „אַ פאָרוואורף מיט אַריינשרייבן אין פאַרטיי־ביכל". לויט אַלע כללים וואָלט ער געקענט נאָך אַ יאָר עס אויסמעקן, ער וואָלט בלויז געדאַרפט אַ יאָר צייט ניט טרינקען, אָבער דאָס וואָלט געווען איבער זיינע כוחות.

די שטראָף האָט מען מיר ניט אַריינגעשריבן אין פאַרטיי־ביכל, אָבער ערגעץ־ווו אין דער „פאַרטיי־בוכאַלטעריע" איז עס פאַרנאָטירט געוואָרן. מע וועט זיך נאָך אין דעם אַ מאָל דערמאָנען...

כ'האָב רויִק ווייטער געאַרבעט, איבערגעזעצט וועגן שרויפן, ניטן, רערן, קלינעס און נאָך אַזעלכע זאַכן, מיט וועלכע כ'האָב געהאַט אַ קנאַפּע שייכות, אָבער דאָס איז מיר געבליבן צו טאָן. וואָס איז — האָט מיר אויפגעקלערט מיין פריינד, פּראָפעסאָר גערבער, מיר מוזן זיצן אויפן הענגלייכטער? נידעריקער קענען מיר ניט?

ס'איז מיר דאָך שווער געווען צו פאַרדייען דאָס וואָס עס האָט זיך געטאָן אויף מיין אַרבעטסאָרט, אין „פּראָזאָמעט". געווען זענען דאָרט אַרום פינף הונדערט אינזשענירן. אַז עס איז אויסגעקומען אַן אַרבעט אין אַמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרייך אָדער אין אַנדערע מערב־אייראָפּעיִשע לענדער, האָט מען דאָרט געשיקט אַן אינזשעניר, אַ פּאָליאַק. ווען ס'איז געווען אויסצופירן אַן אַרבעט אין אונגאַרן, רומעניע, בולגאַריע און ענלעכע ערטער, האָט מען געשיקט אַהין אַן אינזשעניר אַ ייִד. איז מיר ניט זעלטן אויפגעקומען די פראַגע פון מיין פריינד גערבער: „וואָס איז? מיר מוזן זיצן אויפן הענגלייכטער?" כ'האָב פאַרשטאַנען אַז ווען מען שיקט ווער מען קיין רומעניע, אונגאַרן, מצרים, איז אין דעם ניטאָ קיין שלעכטס. כ'האָב נאָר ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס מוז עס זיין נאָר אין די דאָזיקע לענדער? ווער האָט עס באַשטימט דעם דאָזיקן נייעם תחום־המושב?

און לאָמיר זאָגן, אַז מיין זון וועט זיין אַן אינזשעניר און וועט אַרבעטן, טאָקע, אין „פּראָזאָמעט", ער וועט זען ווי זיין פּוילישער יוגנט־חבר פאָרט שטענדיק קיין אַמעריקע, פראַנקרייך, ענגלאַנד, און ער — נאָר קיין רומע־ניע, בולגאַריע, אונגאַרן און ענלעכע לענדער. ווי וועט ער אָננעמען די טעאָריע אַז מען מוז ניט זיצן אויפן הענגלייכטער? די פראַגע איז געבליבן שטעקן אין מיין מוח — ניט אויפן הענגלייכטער.

ס׳איז פאַרביי שוין אַ לאַנגע צייט זייט כ׳האָב פאַרלאָזט די „טריבונאַ לודו" און די ראַדיאָ־רעדאַקציעס, כ׳האָב שוין לאַנג ניט געשריבן. צייט האָב איך געהאַט, שרייבן האָט זיך געוואָלט און... עס איז מיר אונטער־געקומען, אומגעריכט. ס׳האָט מיך געטראָפן אויף דער גאַס מיין פריינד פון פּאַריז, ייִדל קאַרמאַן, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון דער וואַרשעווער „פאָלקס־שטימע".

— וואָס איז מיט דיר — האָט ער גלייך אָנגעהויבן — וואָלסט ניט געוואָלט שרייבן פאַר אונדז ?

דער פאָרשלאָג איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט. כ׳האָב געוואָלט. עס האָט אַריינגעבראַכט אַן ענדערונג נאָך די שעהען פון מאָנאָטאָנע איבערזעצונגען און... אַ צוזאָג צו מיין געהאַלט. כ׳בין מסכים געווען צו שרייבן איין אַרטיקל אין דער וואָך — אַ פּאָליטישן איבערזיכט — און אַ פעליעטאָן. מיט קאַרמאַנען האָט זיך גוט געאַרבעט, מיר האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען.

— ייִדל, כ׳וועל היינטיקע וואָך ניט שרייבן מיין פּאָליטישן איבערזיכט.

— וואָס איז ?

— ווייסט דאָך. די וויכטיקסטע געשעעניש פון דער וואָך איז כרושט־טשאָווס באַזוך אין עגיפּטן. דאָס וואָס איך טראַכט וועגן דעם, וועט די רע־דאַקציע ניט דרוקן. דאָס וואָס די רעדאַקציע וויל, וועל איך ניט שרייבן.

— טאָ שרייב ניט וועגן כרושטשאָוון ! ס׳וועלן דיר אויספעלן אַנדערע געשעענישן ?

ס׳האָט זיך געפונען ווער, האָט מיר ייִדל דערנאָך איבערגעגעבן — אַ לייענער, וואָס האָט פּראָטעסטירט פאַר וואָס מיר האָבן ניט דערמאָנט כרושטשאָווס באַזוך.

— נו, — האָב איך געפרעגט.

— גאָרניט — האָט ייִדל פאַרענדיקט — ווייניק בריוו קומען אָן אין רעדאַקציע אויף וועלכע מיר ענטפערן ניט ?..

אַ כאַראַקטעריסטישער פאַל איז געשען אין אָנהייב פון מיין שרייבן אין דער „פאָלקס־שטימע" :

די פאַרבינדונג צווישן מיר און דער צייטונג איז געווען דורך קאַרמאַנען.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר איז געווען הערש סמאָליאַר. האָט סמאָליאַר באַ־מערקט אַז עפּעס האָבן זיך באַוויזן אַרטיקלען געצייכנט דורך איינעם ה. בערגמאַן, דער פּסעוודאָנים אונטער וועלכן כ׳האָב געשריבן. זשורנאַליסטן וואָס שרייבן אויף ייִדיש זענען אין וואַרשע, נאָך דער מלחמה, ניט געווען קיין סך, מע האָט געקענט זיי, ממש, ציילן אויף די פינגער. האָט זיך סמאָליאַר פאַראינטערעסירט, ווער איז עס דער בערגמאַן? שרייבט עס ניט ווער פון דער רעדאַקציע און פאַרשאַפט זיך אַזוי אַרום אַ צוגאָב צו זיין לוין?

— קום — האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן ייִדל — מירן אַריינגיין צו סמאָליאַרן, ער וויל זען דעם וואָס שרייבט אונטערן נאָמען בערגמאַן... — מיר זענען אַריין צו אים, זיך האַרציק באַגריסט, דער ענין איז אויפגע־קלערט געוואָרן. ווייטער איז אַלץ געגאַנגען אָן פאַרדאַכט. אין משך פון קנאַפּע פיר יאָר האָב איך געשריבן, גאָרניט קיין „כשרע״ אַרטיקלען, אונטער דער רעדאַקציע פון קאַרמאַנען, אונטער דער השגחה פון סמאָליאַרן.

פון מיין אַרבעט ביי די איבערזעצונגען איז ניטאָ וואָס צו דערציילן. מע קומט אין דער פרי, אַ זייגער אַכט, מע זיצט, מע זעצט איבער, מע טרינקט דערביי טיי, קאַווע, מע „כאַפּט״ עפּעס איבער. די אַרבעט איז אַ לייכטע. מיט דער צייט איז געשען אַן ענדערונג: די צימערן, אין וועלכע מיר זענען געזעסן, האָבן מיר געמוזט אָפּגעבן פאַר אַנדערע אַרבעטן, פאַר אויסברייטערן די פּלאַניר־אָפּטיילונג. היות אונדזער אַרבעט האָט זיך ניט גענייטיקט אין קיין באַזונדערע מכשירים, מע האָט זי געקענט מאַכן אויף יעדן אַנדערן אָרט, זענען מיר אַריבערגעפירט געוואָרן אין אַ פּריוואַטער דירה, אַ גענוג פרייע, אַ לופטיקע, גאָרניט קיין שלעכטע.

ווי שטייט עס אַ שיינע, לופטיקע דירה פריי? ניין, זי שטייט ניט פריי. דאָס איז אַן איינזאַמע פרוי, וועלכע גייט אַרויס אַרום האַלב־אַכט אין דער פרי צו דער אַרבעט. פאַר וואָס זשע זאָל זי ניט פאַרדינגען איר דירה פון אַכט ביז פיר אַ זייגער? אונדז ברענגט עס אַ נוצן, און איר — אַ שיינעם צוגאָב צום לוין. ווער האָט זיך דען ניט באַמיט צו באַקומען אַ צוגאָב צום געהאַלט? איז דאָך שוין לאַנג אין פּוילן אַרומגעגאַנגען די וויציקע קללה: זאָלסט לעבן בלויז פון דיין געהאַלט...

בין איך מיר אין אַ געוויסן מאָמענט, נאָכן אָפּזיצן אַ פּאָר גוטע שעה ביי דער אַרבעט, אויפגעשטאַנען, ווי מען זאָגט, אויסצוגלייכן זיך די ביינער און צעפּירט מיינע פּיס איבער דער דירה. כ'האָב אַ שטופּ געטאָן אַ טיר וואָס איז געשטאַנען אַ ביסל אָפן און אַריינגעגאַנגען אין צימער. ניין, כ'בין ניט אַריינגעגאַנגען, כ'בין געבליבן שטיין ביי דער טיר געפּלעפּט. אויף אַ גאַנצער וואַנט פון צימער, אוודאי דער פרויס שלאָפצימער, איז געהאָנגען אַ בילד פון מאַרשאַל פּילסודסקי. כ'בין געשטאַנען, געקוקט און געטראַכט. די פרוי, די אייגנטימערין פון דער דירה, האָט געאַרבעט אין קריגס־מיניסטעריום, טאַקע אין מיניסטעריום פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, פון וועלכן מע האָט מיך באַזייטיקט, ווייל מע האָט צו מיר, נאָך יאָרן פון אַנטיפאַשיסטישן קאַמף, קיין צוטרוי ניט געהאַט...

כ'האָב געקוקט אויפן מאַן מיטן אָדלער אויף זיין קיילעכיק היטעלע, די „מאַטשעיוווקע". דורך שווערע ברעמען האָבן צוויי כיטרע אויגן געקוקט אויף מיר און זיינע צוויי הענט האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אויפן הענטל פון דער שווערד. ער איז געזעסן רויִק און זיכער, ווי געפרעגט מיך:

— נו, וואָס זאָגסטו דו?

כ'האָב אַ ווײַלע געשאָקלט מיטן קאָפּ און לסוף געענטפערט מיטן אַלץ זאָגנדיקן:

— גאָרניט...

אַז מען קען די מענטשן, אַז מען קען דאָס לאַנד, אַז מען קען די צייט — זאָגט מען שוין גאָרניט.

# אין רומעניע

עס איז שוין געווען אַ היפּשע צייט זייט מיין צוריקקומען פון וויעטנאַם — אַ פּאָסטן וווהין מע פאָרט ניט מיט פרוי און קינדער. בין איך שוין איצט מיט מיין משפחה, וועלן מיר זיך אַרויסקלייבן צוזאַמען אויף אורלויב. מיין משפחה האָט עס כשר פאַרדינט. האָבן מיר זיך אָוועקגעזעצט טראַכטן, וווהין פאָרט מען? פאָרן אין די בערג? זומער פאָרט מען ניט אין די בערג — עס איז צו דעמפּיק. פאָרן צום ים? ניט שלעכט, די צרה איז בלויז וואָס ביים באַלטישן ים איז דאָס וועטער ניט זיכער. אַ מאָל איז אַזוי קאַלט אַז עס קומט אויס צו זיצן איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע אָדער גאָר גראָבן אַ גרוב און זיך שיצן אין אים פונעם ווינט. ס'איז ניט קיין גרויס פאַרגעניגן צו קוקן אויפן ים ווען אַ צאָן קלאַפּט אין אַ צאָן. האָבן מיר געטראַכט און אויסגעטראַכט — מיר וועלן פאָרן קיין רומעניע, צום שוואַרצן ים. מיין פרוי איז דאָך געווען פון דאָרט און האָט פאַרהאַלטן אין זכרון די וואַרעמע טעג פון אירע קינדער־יאָרן, ערגעץ אין עאופאָריאַ, מאַמאַיאַ, מאַנגאַליאַ. וועלן מיר דאָרט אַהינפאָרן, אויף ים, פרישע לופט, אויף וואַרעמע טעג, און טאַקע זען אַלטע גוטע־פריינד — אויך אַן אָנגענעמע זאַך.

מסכּים געווען און באַשטימט, זענען מיר צוגעטראָטן רעאַליזירן אונדזער געדאַנק. און דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די שוועריקייטן — בעסער געזאָגט: איין שוועריקייט. אויף פאָרן פון פּוילן קיין רומעניע, פון איין פאָלקס־רעפּובליק אין אַ אַנדערער, דאַרף מען אַ וויזע פון דער רומענישער מאַכט. די ברודער־רעפּובליקן האָבן זיך זייער ליב — פון דער ווייטנס. כּדי צו באַקומען אַ רומענישע וויזע האָט מען געמוזט האָבן אַ פאַרבעטונג פון נאָענטע קרובים דאָרט, דאָס הייסט: טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברודער... אָדער אַ פריינד פון פּוילן, וועלכער אַרבעט דאָרט אין דער פּויליי־

שער אַמבאַסאַדע. די עלטערן פון מיין פרוי זענען שוין לאַנג געווען מיט אונדז אין פוילן און קיינער פון דער נאָענטער משפחה איז מער ניט געווען אין רומעניע. וואָס זשע טוט מען? איז געבליבן דער פריינד אין דער אַמבאַסאַדע. ווו זשע נעמט מען אַ פריינד אין דער פוילישער אַמבאַסאַדע אין רומעניע? געוואַלד, אַ פריינד אין דער אַמבאַסאַדע אין בוקאַרעשט! ע קינגדאָם פאָר ע האָרס!

האָב איך געזוכט און געזוכט — און געפונען! יאָ, אין דער פוילישער אַמבאַסאַדע אין בוקאַרעשט האָט געאַרבעט ווי דער סעקרעטאַר פאַר אינטענדענץ־ענינים מיין אַלטער חבר פון יענע יאָרן אין שפּאַניע, יאָסל וואַגנער. כ׳האָב אַנגעשריבן צו וואַגנערן אַ בריוו. כ׳האָב אים אָנגעוויזן די סיבה פאַר וואָס איך נייטיק זיך אין זיין איינלאַדונג. וואַגנער האָט ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן און כ׳האָב באַקומען זיין איינלאַדונג. אַ ביסל שפּעטער וואָלט איך שוין געקענט פאָרן קיין רומעניע אויך אָן ווערענס הילף — אויך די פעלדזן־פעסטע געזעצן פון די סאָציאַליסטישע מדינות מוזן זיך מיט דער צייט ענדערן. אַ מאָל האָט מיין שוויגער ניט געקענט קומען פון רומעניע קיין פוילן נאָך איר טאָכטערס קימפּעט, היינט וואָלט זי שוין געקענט.

וועלן מיר אַלזאָ פאָרן קיין רומעניע. מיט וואָס פאַר אַ וועג? דער קירצסטער וועג איז וואַרשע־לעמבערג־בוקאַרעשט, איז אָבער לעמבערג אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און דורכן סאָוועטן־פאַרבאַנד פאָרט מען ניט אַט אַזוי זיך, מע מוז האָבן אַ וויזע. וואָס הייסט, אַט נעמט אַ מענטש און פאָרט זיך סתם? אַזוי פּשוט גייט עס ניט. אמת, מיר וואָלטן געקענט פאָרן דורך טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן אָן אַ וויזע — דאָס זענען יונגע סאָציאַליס־טישע מדינות, זיי ווייסן נאָך ניט אַלע וועגן ווי אַזוי מע קען שווערער מאַכן דאָס לעבן, אָבער פאַר וואָס זאָלן מיר פאַרלענגערן דעם וועג? בין איך געגאַנגען אין סאָוועטישן קאָנסולאַט. אַ רייזע־שיין, ניט חלילה אַ פּאַס, האָב איך געהאַט, אַ רומענישע וויזע אויך, וואָס זשע האָט מען מיר שוין געקענט אָפּזאָגן? עס איז דאָך בסך הכל געווען בלויז אַ טראַנזיט־וויזע — און מען האָט זי מיר געגעבן.

אין דער ריי פאַר מיר איז געשטאַנען אַן אַלטיטשקער מאַן, איבער

די אַכציק. ער האָט געבעטן אַ וויזע אויף צו באַזוכן זיין טאָכטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. מע האָט אים אָפּגעזאָגט. ער איז געווען דאָרט מיט אַ יאָר צוריק, האָט מען אים געזאָגט, אַז באַזוכן קען מען נאָר איין מאָל אין צוויי יאָר. נו, אין אַ תּפיסה קען מען אויך ניט באַזוכן ווען מען וויל. איז דער אַלטיטשקער געשטאַנען, געשאָקלט מיט זיין גרויען קאָפּ אַהער, אַהין און געציטערט:

— נאָך צוויי יאָר... וועל איך עס דערלעבן ? — און דער אַלטיטשקער האָט פאַרלאָזט די ריי. ניט געווען וואָס צו טאָן קעגן „פּראָגרעסיוון הומאַ־ניזם" פון דער סאָוועטן־מאַכט.

אָנגעקומען קיין בוקאַרעשט, אָנגעפרייט זיך מיט מיין פרויס פריינד פון די שוליאָרן — זענען מיר אַוועק צו אונדזער ציל, קיין מאַנגאַליע, צום ים. מיר האָבן אין דעם פאַל געהאַנדלט בפירוש קעגן געזעץ. לויטן געזעץ האָבן מיר געדאַרפט זיין אין בוקאַרעשט, ביי דער פּערזאָן וועלכע האָט אונדז איינגעלאַדן. זענען מיר שוין אָבער געווען אויפן אָרט, האָבן מיר גענומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף זיך.

קיין האָטעל האָבן מיר אין מאַנגאַליע ניט געקענט באַקומען, כאָטש אין די האָטעלן זענען ניט ווייניק צימערן געשטאַנען ליידיק. ניט געווען אַפילו מיט וועמען צו דיסקוטירן. מיר האָבן געפונען אַן אָרט ביי אַ האַרצי־קער פויערטע, וועלכע האָט, גאָט צו דאַנקען, ניט געקענט די געזעצן. זענען מיר ביי איר געזעסן דריי וואָכן, געוווינט און געגעסן, אומגע־זעצלעך, שטעלט זיך פאָר, און די רומענישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק האָט זיך ניט איבערגעדרייט !

אין מאַנגאַליע, אַן אָרטשאַפט ווייט פון גרויסן טראַקט, זענען קיין ספּעציעלע פאַרוויילונג־ערטער ניט פאַראַן. פאַראַן אין די אָוונט־שעהען אַ קינאָ — אויך ניט שלעכט. אין דער פרי, ביז איז די שפּעטע אָוונט־שעהען איז פאַראַן אַ פּליאַזשע, ריין און זאָרגפול דערהאַלטן. ביים סוף פון אונדזער פּליאַזשע, איבער איר גאַנצער ברייט, איז געווען פאַרצויגן אַ שטעכלדראָט. פון דער צווייטער זייט איז געווען אַ פרייער שטח, אַ ליי־דיקע פּליאַזשע. אַ ביסל ווייטער, אין דער הייך, אויף אַ בערגל, איז געשטאַ־נען אַ בנין וואָס מען האָט געקענט אָננעמען פאַר אַ הויז, אָדער אַ האָטעל,

אָדער גאָר אַ ווילע. דאָס הויז איז געשטאַנען ווייט פון צוים, ווייט פון ים, אָפּגעזונדערט. פון צייט צו צייט האָט זיך באַוויזן אַ באַוואָפנטער סאָלדאַט. ער האָט געהיטן. ס'האָט מיר ווער געזאָגט אויפן אויער: „דאָרט זיצן די רוסן". נו, גוט, זאָלן זיי זיצן. מיר האָבן זיך אונדזער פּליאַזשע, זיי שטערן אונדז ניט, מיר שטערן זיי ניט. יאָ, אַזוי האָב איך געטראַכט. האָט אָבער אונדזער 6־יעריק זונדל אַנדערש געטראַכט — ער האָט זיך געפּליעסקעט אין וואַסער, און ווי, ווי — ער איז אַרויסגעקומען פון דער צווייטער זייט שטעכלדראָט. ווי פון אונטער דער ערד האָט זיך באַוויזן דער סאָלדאַט און אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל. דער סאָלדאַט האָט צו אים געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין רומעניש, פאַרשטייט מיין זונדל ניט קיין רומעניש און זאָגט אים אַ פּאָר ווערטער אין פּויליש. פאַרשטייט דער סאָלדאַט ניט. ער זעט אַז עס איז ניט קיין רומעניש קינד. אפשר אַ רוסיש ? — דאַרף מען ניט אַרעסטירן. ווייזן מיר אונדזער זונדל, פון דער צווייטער זייט צוים, ער זאָל אַריבערקומען צו אונדז — הייסט עס, אַז דאָס איז ניט קיין רוסיש קינד — דאַרף מען יאָ אַרעסטירן. זע איך מיט וועמען כ'האָב צו טאָן, שריי איך אַריבער צו אונדזער זונדל מיט אַ שטאַרק קול, אויף רוסיש, ווייז אים ער זאָל אַריבערקומען מיטן ברעג ים אויף אונדזער זייט. זעט דער סאָלדאַט אַז מיר זענען פון דער צווייטער זייט צוים, אָבער רוסן — דאַרף מען ניט אַרעסטירן. בלייב איך שוין שטיין ביים צוים ביז דער קליינער קומט אַריבער אויף אונדזער פּליאַזשע. דער סאָלדאַט בלייבט שטיין און קוקט אומבאַהאָלפן... ווי אין דער דערציילונג פון טשעכאָוון „דער קאַמעלעאָן". דער סאָלדאַט האָט אָפּגעאָטעמט, זיך באַפרייט פון דעם געפערלעכן פאַרברעכער. מיט אַ פריינדלעכן האַנטגרוס האָב איך אָפּגעדאַנקט דעם סאָלדאַט, וועלכער האָט איצט געשמייכלט. ער האָט מיך געבומען פאַר אַ סאָוועטישן אָפיציר, וועלכער שפּאַצירט זיך פריי איבער יעדער פּליאַזשע ווו ער וויל...

בוקארעשט איז אַ שיינע שטאָט, געבויט לויטן פּאַריזער מאָדעל. די בולוואַרן, די גאַסן זענען שיינע. די מאַגאַזינען זענען שיין איינגעאָרדנט, כאָטש זייער אינהאַלט איז אַ נעבעכדיקער.

— ווי זעט עס אויס מיט די פאַרדינסטן ביי אייך ? — האָב איך אַ פרעג געטאָן אונדזער פריינדין, אַן אוניווערסיטעט־פּראָפעסאָר מיט אַ רייַ־כער וויסנשאַפטלעכער טעטיקייט הינטער זיך. אויך איר מאַן איז אַ גוט איינגעאָרדנטער מעדיקער.

— ווי זאָל איך עס דיר זאָגן ? אויף אַהערקומען דאָ, צום ים, מיט אונדזערע צוויי קינדער, קען איך זיך ניט דערלויבן, אַפילו ניט אויף צוויי וואָכן.

דער ענטפער איז געווען אַ קלאָרער. אין קיין פּאַרטיפּטער פּאָליטישער עקאָנאָמיע האָב איך זיך ניט געניטיקט.

האָט עס געהייסן אַז אונדזער מצב אין פּוילן איז אויף אַזוי פיל בעסער ? אונדזער פּערזענלעכער מצב, יאָ. האָבן מיר דאָך, אין צווייען, פון איבערזעצונגען און זשורנאַליסטישע אַרבעטן, פאַרדינט אַרום די 15 טויזנט זלאָטעס אַ חודש. מיין שכן, אַ מעטאַל־אינזשעניר, האָט פאַרדינט צוויי טויזנט פינף הונדערט זלאָטעס אַ חודש און זיין פרוי האָט זיך געקענט דערלויבן צו קויפן פלייש בלויז צוויי מאָל אַ וואָך. מיין חבר צאַלקאַ, פון שפּאַניע, האָט ניט געהאַט קיין געלט צו שיקן זיין קינד אויף אַ זומער־קאָלאָניע. די אַלטע מעשה: אין סאָציאַליזם זענען אַלע גלייך, אָבער אומעטום זענען פאַראַן גלייכערע.

# דער נעגער האָט זיינס געטאָן

כ׳בין צוריקגעקומען אַהיים, צו מיין אַרבעט. די עניִנים זענען ווידער אַוועק מיט זייער געוויינלעכן לויף. די פויערטע האָט געברענגט דאָס פלייש אַהיים צו אונדז, פאַרוויקלט אין אַ שמאַטע, פאַרקויפט בגנבה. די שפּייז־פּראָדוקטן זענען געוואָרן זעלטענער, מע האָט געדאַרפט אַרומלויפן פון געשעפט צו געשעפט און ניט זעלטן איז מען אַוועק מיטן ליידיקן.

אויפגעבליט האָבן די פּריוואַט־געשעפטן, וועלכע האָבן פאַרקויפט אַרטיקלען פון אויסלאַנד, אַרטיקלען פון היימישער פּראָדוקציע, וועלכע זענען געוואָרן זעלטענער אויפן מאַרק. די פּריוואַט־געשעפטן־אייגנטימער האָבן פאַרדינט שווערע געלטער. זיי האָבן זיך געקענט אויף אַלץ דערלויבן.

מיין פריינד פון אויסערן־מיניסטעריום, אויף אַ פּאָסטן אין קאָפּענ־האַגען, האָט מיך אָפּגעזוכט בעת זיין באַזוך אין וואַרשע. מיר זענען אַוועק אין אַ קאַפע־הויז. מיר זענען געפאָרן מיט זיין אויטאָ — אַ פאָרד־טאַונוס, דעמאָלט אַ זעלטנקייט אין וואַרשע. ער האָט מיך דערנאָך באַגלייט אַהיים. כ׳בין נאָך געווען אויף די טרעפּ ווען ס׳האָט מיך ווער דעריאָגט. ער האָט שטאַרק געוואָלט וויסן ווער ס׳איז דער מענטש, וואָס האָט מיך באַגלייט. ער האָט מיר געזאָגט אַז ער איז אונדז נאָכגעפאָרן די גאַנצע צייט מיט זיין אויטאָ, געוואָלט רעדן מיט מיין פריינד. וואָס האָט ער אַזעלכעס געוואָלט? פּשוט, קויפן זיין אויטאָ. ער איז גרייט געווען צו באַצאָלן וויפל ער וועט וועלן. אַוודאי, אַ זון פון דער אַזוי־גערופענער פּריוואַטער איניציאַטיוו, דאָס הייסט פון די פּריוואַטע געשעפטן.

אַ גאַנץ אַנדערע איז געווען די לאַגע פון מיינע חברים. די מערהייט פון זיי איז באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט. אַ גרויסער טייל פון זיי איז פּענסיאָנירט געוואָרן, דאָס הייסט, זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן, באַ־זאָרגט מיט אַ חודשלעכן געהאַלט. כדי עס זאָל זיין גוט, שטיל, זענען אייניקע אַפילו פּענסיאָנירט געוואָרן אין עלטער פון 45 יאָר.

די פּאָליטיק צו באַפרייען „ניט זיכערע עלעמענטן" איז געגאַנגען טיף און ווייט. ס'איז, ווייזט אויס, שוין דעמאָלט געווען אַ קאַרטאָטעקע, אין וועלכער עס איז געווען פאַרצייכנט ווער עס מוז באַפרייט ווערן. צווישן זיי איז אויך געווען דער קלוגער, סימפּאַטישער יונגערמאַן פון דער פראַנ־צייזישער עמיגראַציע, יורעק וואָלף.

— מיין טאַטע איז אַ פּאָליאַק, מיין מאַמע — אַ ייִדישע, אָבער וואָס בין איך?

יורעק האָט אומזיסט געמוטשעט זיין מוח. אָבער די געהעריקע אינס־טאַנצן האָבן געלייזט די פראַגע לויט די נירענבערגער געזעצן.

אַ נאָרמאַלע הכנסה איז זיכער ניט ווייניק, אָבער פּאָר מענטשן מיט אַ גאַנץ לעבן אויסגעפילט מיט אידעיִשן קאַמף איז דאָס ניט גענוג געווען. האָבן די דאָזיקע אַרומגעשוועבט צווישן הימל און ערד, פאַרשטויסן פון זייער אַרבעט, איגנאָרירט.

— גייט שוין, גייט! — האָט מיר אָפן געזאָגט מיין אַלטער חבר פון שפּאַניע, יוזעק מראָזעק — מיר וועלן אייך געבן דעם גאַנצן כּבוד וואָס געהערט אייך, מיר וועלן אייך געבן גוטע פּענסיעס, אָבער גייט, לאָזט אונדז אַליין!

יוזעק איז געווען אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר, אָרנטלעך לפּי אַלע כּללים. ער האָט בלויז געהאַט איין פעלער: ער האָט געטרונקען אַ ביסל צו פיל. זיין פרוי, אַ זייער סימפּאַטישע קינדער־דאָקטאָרין, האָט ניט ווייניק פון אים געליטן, אויך אונדז אַלע, זיינע חברים, האָט ער קיין כּבוד ניט פאַרשאַפט. אָבער דאָס מאָל איז יוזעק ניט געווען שיכּור. ער האָט גערעדט אַ ניכטערער, פון גאַנצן האַרצן:

— גייט שוין גייט, לאָזט אונדז שוין אַליין!

דאָס איז געווען אַן אויפריכטיקע ווענדונג פון אַ פּוילישן חבר צו אַ ייִדישן, אַ ווענדונג צו מיר, אָבער פּאַקטיש צו אַלע ייִדישע חברים. אַ ווענדונג פון אים, אָבער פּאַקטיש פון אונדזערע פּוילישע חברים, וועלכע האָבן געהאַלטן אַז מיר פאַרנעמען זייערע ערטער, אַז מיר שטערן זיי אין זייער וווּקס.

— גייט, לאָזט אונדז אַליין! — איז געווען די טענה וועלכע האָט

זייט דורות באַוויגן די פּוילישע געזעלשאַפט. די פּוילישע סוחרים — אַז די ייִדישע סוחרים שטערן זיי; די פּוילישע אינטעליגענץ — אַז די ייִדישע אינטעליגענץ שטערט איר.

יוזעקס וועגדונג איז ניט געווען קיין פּוסטע. זי איז שוין זייט אייניקע יאָר געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג און איינגעפּירט אין לעבן. פאַר מיין חבר יוזעק האָט בלויז דער פּראָצעס אויסגעזען אַ צו־פּאַמעלעכער. די בולטע באַווייזן פון עמיגראַציע פון אַלטע חברים, האָבן אים ניט צופרידן געשטעלט, ער האָט געוואָלט דעם פּראָצעס צואיַילן. אַ לאַנגע ליסטע פון חברים וועלכע זענען אַוועק האָט זיך שווער געלייגט אויף אונדזער געמיט, אָבער פאַר יוזעק מראָזעק איז עס געווען צו ווייניק, צו פּאַמעלעך.

ער איז ניט געווען דער איינציקער. אָט איז צו מיר געקומען מיין אַלטע פריינדין פון זשורנאַליסטישער אַרבעט, יאַנינאַ בעסער, אַן אויפגע־רעגטע. זי האָט זיך אין וואַרשעווער פּאַרטיי־קאָמיטעט געטראָפן מיט איי־נעם, וועלכער האָט ניט פאַרבאָרגן זיין גראָבן אַנטיסעמיטישן פּרצוף. זי האָט שוין ניט איין מאָל געהערט וועגן אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען אין דער פּאַרטיי, אָבער דאָס מאָל האָט זי זיך דערמיט געטראָפן פּערזענלעך. זי איז געווען אויפגעטרייסלט, געציטערט פון אויפרעגונג:

— ניין, דאָס טאָר מען ניט פאַרשווייגן!

— וואָס וועסטו טאָן?

— כ'וויל צוריקגעבן מיין פּאַרטיי־ביכל...

— דו ווייסט וואָס דאָס הייסט?

מיר האָבן זיך גענומען באַטראַכטן די מעגלעכע קאָנסעקווענצן פון דער דאָזיקער נאַיִווער אויפריכטיקייט: זי וועט פאַרלירן איר אַרבעט, איר וווינונג, וואָס געפינט זיך אין אַ הויז ווו עס וווינען מענטשן פון דער אַרמיי, פּאַרטיי־פונקציאָנאַרן. פאַר איר זון, וועלכער האָט דערלאַנגט אַ ביטע אָנגענומען צו ווערן אויף דער אוניווערסיטעט, קען אויספאַלן אַן אָרט... מיר האָבן צונויפגעשטעלט אַ גאַרניט־באַשיידענע ליסטע פון נעגאַטיווע אויסווירקונגען, הגם מיט רעפּרעסיעס און מיט אַרעסט האָט מען ניט געדראָט.

צוריקגעבן דאָס פּאַרטיי־ביכל, העלפן זיך לאָזן שטעמפּלען ווי אַ

שונא, ווי אַ פרעמדער עלעמענט, און די דאָרט אין פאַרטייִשן מאַנטל וועלן זיך רייבן די הענט, וואָס זיי האָבן באַוויזן צו באַזייטיקן נאָך „איינעם״? דער אויספיר האָט געמוזט זיין זעלבסט־פאַרטיידיקונג, די איינציקע מעג־לעכע האַנדלונג אין געגעבענעם מאָמענט, ווי אַן ענטפער אויפן אָפענעם ציניזם פון די אייבערשטע פאַרטייקרייזן. איז געבליבן, לאָזן עס ווי עס איז — וואַרטן מיטן באַשלוס ביזן פּאַסיקן מאָמענט.

זי האָט געוואַרט, ביז — זי איז אַוועק קיין פראַנקרייך.

## זוכנדיק די פֿאַרלוירענע צייט...

אין אָט דער צערודערונג האָט מיך ניט ווייניק פֿאַרוווּנדערט אַ טעלע־פֿאָן־רוף, וועלכן כ׳האָב באַקומען פֿון מיין אַלטן חבר גאָלדמאַן, פֿון טאָראָנ־טאָ, וועלכער איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין וואַרשע.

גאָלדמאַן איז געווען מיין חבר פֿון שפּאַניע. זיין פּאַרטייִשע פּאָרגאַנ־גענהייט, לויט אַלע אָנגענומענע כּללים, איז ניט געווען אָוועקצומאַכן מיט דער האַנט. אַ זון פֿון דער ייִדישער אָרעמקייט, אַ שניידער, איז ער אין צווישן־מלחמה־פּוילן, אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער קאָמוניסטישער באַ־וועגונג. גאָלדמאַן האָט גענומען זיינע פּאַרטייִשע פֿליכטן גאָר ערנסט. ער האָט אין דער פּאַרטיי געזען דעם איינציקן וועג צו דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפֿרייונג. אין דער דאָזיקער פּאַרטיי האָט ער געקעמפֿט אָן שרעק, געשטאַרקט דורכן ביישפּיל פֿון „גרויסן סאָציאַליסטישן פֿאָטער־לאַנד, די האָפֿענונג פֿון די אונטערדריקטע איבער דער גאָרער וועלט״. ער איז פֿאַר זיין טעטיקייט אַרעסטירט געוואָרן, אויסגעשטאַנען פּיין און מאַטערנישן אין דער פּוילישער דעפֿענסיווע און לסוף פֿאַרמשפּט געוואָרן אויף צען יאָר תּפֿיסה. ווען ער איז אַרויס אויף דער פֿריי, איז אים געלונגען זיך אַרויסצורייסן פֿון פּוילן. אין יאָר 1937 איז ער אַוועק קיין שפּאַניע. ער האָט דאָרט זיך באַטייליקט אין די שווערסטע שלאַכטן אין עקסטרע־מאַדורא, אַראַגאָן, אויפֿן עבראָ־פֿראָנט. ער איז עטלעכע מאָל פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן. אַרויס פֿון שפּאַניע — איז ער אַריין אין די פֿראַנצייזישע לאַגערן אין דרום־פֿראַנקרייך און אין צפֿון־אַפֿריקע, אין דער סאַהאַראַ־מידבר. באַפֿרייט פֿון דאָרט, נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלייִרטע כּוחות אין 1943, איז ער אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, ווו ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער צווייטער פּוילישער אַרמיי, מיט וועלכער ער האָט פֿאַרגעזעצט זיין קאַמפּוועג פֿון לענינאָ ביז בערלין. ער איז דערנאָך

צוריקגעקומען קיין פּוילן, קיין וואַרשע, ווו ער איז צוגעטיילט געוואָרן צום גענעראַל־שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי, אין דער ראַנגע פון אַ מאַיאָר. דאָרט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן.

ער האָט געאַרבעט איבערגעגעבן, כאָטש זיין אַלגעמיינע בילדונג און אויך זיין פּוילישע שפּראַך האָבן איבערגעלאָזט אַ סך צו ווינטשן. עס זענען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן אונטערגעשמייכלט. מיט זיין גראַד, מיט די העכסטע אויסצייכענונגען, האָט ער ניט אויסגעזען ווי יענע הויכע אָפיצירן וועלכע זיי האָבן געקענט. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט מיט ניט ווייניק ביטול וועגן „מאַיאָר מאיר גאָלדמאַן״, אַפילו דעמאָלט ווען ער איז דערהויבן געוואָרן צו לייטענאַנט־קאָלאָנעל. זיי האָבן געלאָכט שטיל, אין די פויסטן, אָבער ניט געקענט אָפּפרעגן זיין ראַנגע און אויסצייכענונגען, כּשר־פאַרדינטע אין קאַמף.

ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דעם וואָס אים פעלט אין זיין דערציִונג, וואָס זיין אָרעמע שניידער־סביבה האָט אים ניט געקענט געבן און ער האָט אויך אין יאָרן פון תּפיסה און קאַמף ניט געקענט באַקומען. ער האָט זיך פאַרשריבן אויף אָוונטקורסן, און פלייסיק געלערנט צו העכערן זיין וויסן, צו ענדיקן די מיטלשול. ער פלעגט אָפּט קומען צו מיר אין די שבת־נאָך־מיטאָגס. מיט מאַטעמאַטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע האָט ער זיך גוט אַן עצה געגעבן, שווערער איז אים געווען מיט ליטעראַטור. איז ער געזעסן ביי מיר און געאַרבעט איבער מיצקיעוויטש, סלאָוואַצקי, קראַ־שינסקי.

ס׳האָט אים ניט געהאָלפן. מיט דער צייט איז ער באַפרייט געוואָרן פון דער אַרמיי. דאָס איז ניט געווען צוליב זיין בילדונג־ניוואָ. געווען אָפיצירן וואָס האָבן אַ העלפט פון אים ניט געוווּסט.

דער אָפיציר, וועלכער האָט אים געמאָלדן וועגן זיין ענדיקן די מיליטער־דינסט, איז ניט געווען זיין גלייכן. ער האָט אים בלויז איבערגעגעבן זיין באַפרייונג־פּאַפּיר. וואָס האָט ער שוין געהאַט צו זאָגן, ווען זיינע פאַרגעזעצטע האָבן שטרענג געשוויגן. זאָגן אַז עס פעלט אים בילדונג, אָפיצירישער שליף? האָט מען אים אין באַפרייטן, סאָציאַליסטישן פּוילן ניט געקענט געבן קיין העכערע בילדונג, און פאַרפולקאָמען זיין מיליטער־

רישן וויסן, זיין שליח? צו קעמפן אויף די שפּאַנישע און אויף די סאָ־וועטישע שלאַכטפעלדער איז ער גוט געווען? און וואָס איז מיט זיינע פּוילישע חברים, וועלכע זענען שוין איצט פולע קאָלאָנעלן, גענעראַלן, און האָבן ניט קיין העלפט פון זיין וויסן און שליח — זיי זענען גוט? אָבער וואָס האָבן זיי אים געקענט זאָגן? אַז ער ווערט באַפרייט ווייל ער איז מאיר גאָלדמאַן? — דאָס האָבן זיי ניט געקענט זאָגן. האָבן זיי געשוויגן.

אָבער גאָלדמאַן האָט ניט געשוויגן.

— איך בין ניט גוט פאַר אייך — האָט ער געדונערט אין דער קאַדערן־אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאַב. מיך קענט איר ניט שאַנטאַזשירן אַז מיין טאַטע איז געווען אַ פּאָליציאַנט, אַז כ'האָב געקעמפט קעגן פּאָלקס־פּוילן, פאַרוואַרפן מיר אַנטי־פּאַרטייִשע טעטיקייט. קעגן מיר קענט איר דאָס מויל ניט עפענען, איך טויג ניט פאַר אייך!

גאָלדמאַן האָט אַרויסגעלייגט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגן, ווי שטענדיק, אָן מורא. אָבער וואָס האָט עס אים געקענט העלפן? דער אורטייל איז געווען געחתמעט און געשטעמפּלט פון „אויבן", פון „גאָר אויבן".

די גזירה צו באַפרייען יידן איז געווען ניט אָפּצורופן. ער האָט געמוזט גיין — און ער איז געגאַנגען. אין 1956, אינעם ערשטן יאָר פונעם אַנטי־סעמיטישן גאָמולקאַ־שטראָם, האָט ער מיט זיין פאַמיליע, ווי אַ סך אַנדערע פּאַרטיי־חברים, פאַרלאָזט פּוילן. ער איז אַוועק קיין קאַנאַדע.

די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן זיך שווער געלייגט אויף אים. די יאָרן פון תפיסה און קריג האָבן זיך געלאָזט גוט פילן, אָבער ער איז ניט געפאַלן אין מוט. ער האָט צוזאַמענגענומען זיינע כוחות און ווידער גענומען אַרבעטן ווי אַ שניידער. מיט דער צייט האָט זיין טאָכטער געענדיקט אין קאַנאַדע אירע מעדיצינישע שטודיעס. ער האָט איינגעאָרדנט זיין לעבן גאָרניט שלעכט.

קיין אַכט יאָר זענען ניט פאַרביי זייט דעמאָלט, און אָט זיצט ער ביי מיר, מיין אַלטער חבר און מיטאַרבעטער אין גענעראַל־שטאַב. ער איז לייטיש געקליידט, זעט גוט אויס, אָבער פון די אויגן קוקט אַרויס אַ זוכע־ניש, אַ פרעגן, וואָס צעגיסט זיך ווי אַן אומרו איבערן גאַנצן פּנים.

— געוועזן שווערע יאָרן — רעזומיר איך נאָכן אויסהערן זיין לעבנס־וועג אין קאַנאַדע.

— יאָ, — האָט ער מיט אַ קווענקל געענטפערט.

— געוועזן און פאַרביי — פרווו איך אַריינפירן אַ ליכטיקערן אַקאָרד אינעם שמועס.

— ניין — האָט גאָלדמאַן, אָפּגעוואָרפן מיין באַמערקונג — כ'האָב נאָך אַלץ ניט שלום געמאַכט מיט דעם. כ'בין געקומען אַהער זיך אינטערעסירן צי איז באמת אַלץ פאַר אונדז דאָ געענדיקט. כ'בין געקומען אַהער זוכן אַרבעט.

כ'בין געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל:

— כ'פאַרשטיי שוין גאָרניט.

— ס'איז ניטאָ וואָס צו פאַרשטיין. אַזוי זאָג איך אומעטום און כ'גיי דערמיט אומעטום.

— כ'שטעל מיר פאָר ווי זיי קוקן אויף דיר...

— זאָלן זיי קוקן ווי זיי ווילן — איך וויל הערן וואָס זיי זאָגן. כ'בין געוועזן אין צענטראַל־קאָמיטעט, יאָ, געוואָלט הערן וואָס זיי וועלן מיר זאָגן.

— וואָס האָבן זיי דיר געזאָגט ? ווער האָט דיך דאָרט בכלל אויפגענומען ?

— כ'האָב גראָד אָנגעטראָפן אויף איינעם וואָס האָט מיך געקענט. ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא. געפרייט זיך וואָס כ'בין געקומען אים באַזוכן. זיך אויסגעפרעגט וועגן מיין לעבן, מיין משפחה. ער האָט געפרעגט און געפרעגט. ער האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס. געקוקט אויף מיר, אויף מיין אָנצוג... כ'האָב גערעדט, אַלץ פאָרגעשטעלט אין נאָרמאַלע פאַרבן און לסוף פאַרענדיקט: — כ'בין צוריקגעקומען דאָ אַהער זוכן אַרבעט... האָסטו געדאַרפט זען ווי זיין פנים האָט זיך געענדערט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ פאָר אויגן, האָסט געמיינט אַז זיי פאַלן אים אַרויס פון די אויגנלעכער. ער האָט מיט איין מאָל גענומען קוקן אויף מיר ווי אויף איינעם וואָס איז אויפגעשטאַנען פון קבר, אָדער ווי אויף איינעם וואָס איז אַראָפּגעפאַלן פון אַן אַנדער פּלאַנעט. ער

האָט פּשוט פאַרלוירן דאָס לשון, געבליבן זיצן פאַרשטומט. ער האָט זיך פאַמעלעך צוזאַמענגענומען, גענומען קוקן אויף מיר מיט אַנדערע אויגן, מיט חשד, ווי אויף איינעם וואָס איז געריררט אויפן מוח. ער האָט געזוכט צו פאַרשטיין צו וואָס בין איך געקומען. וואָס וויל איך פון אים בכלל...

— אַרבעט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן אין זיין פאַרוווּנדערונג — וואָס פאַר אַן אַרבעט קענען מיר דיר געבן?

דער שמועס האָט זיך ווי מיט איין מאָל אָפּגעהאַקט. לסוף האָט ער אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען און אַרויסגעשטאַמלט:

— פּרוּוו, גיי אַריבער צום פאַרבאַנד פון די דאָמבראָווטשאַקעס, אפשר האָבן זיי עפּעס פאַר דיר.

כ'בין געבליבן זיצן ווי אין אַ הוילקייט. אינעם גרויסן הויז פון דער פּאַרטיי, פאַר וועלכער כ'האָב אָפּגעגעבן מיין גאַנץ לעבן, האָב איך זיך דערפילט ווי אַ געוויקס אָן וואָרצלען. כ'האָב זיך דערפילט פּוסט און נאַקעט — און כ'האָב דאָך געהאַט אַזוי פיל צו זאָגן. כ'בין געבליבן זיצן שטיל. כ'האָב גאָרניט געזאָגט.

כ'בין אויפגעשטאַנען. ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט, מיך באַגלייט צו דער טיר. צווישן אים און מיר איז געווען אַ פּוסטקייט...

גאָלדמאַן איז געזעסן פאַר מיר, ווי ער וואָלט נאָך אַלץ פאַרדייעט דעם באַזוך אין צענטראַל־קאָמיטעט. ער האָט געקוקט אויף מיר, אַראָפּגעלייענט פון מיין פּנים דעם שמייכל פון ביטול.

...ווייסט — האָט ער ווייטער געצויגן — איך בין געגאַנגען, ווו ער האָט מיר אָנגעוויזן, צו די דאָמבראָווטשאַקעס...

— כ'שטעל מיר פאָר ווי דער טייערער פראַנעק קשענזשאַרטשיק האָט דיך אויפגענומען — ער איז אַוודאי אַנטלאָפן ווען ר'האָט דערזען אַ ייִד פאַר די אויגן...

— ניין, ס'איז ניט געווען פראַנעק, דאָרט איז גראָד געווען יאַנעק מירקאָווסקי. ווייסט דאָך, ער איז שטענדיק געווען ניט מילכיק, ניט פליישיק. געדענקסט? אין אַפריקע־לאַגער, אין דזשעלפאַ, ווען ס'איז דעם קאָמענדאַנט קאַבאַש געלונגען צו צעטיילן די פּוילישע גרופּע אין צווייען, האָט מירקאָווסקי באַוויזן צו געהערן צוביידע גרופּעס...

— האָט ער שוין דעמאָלט געוווּסט אַז מען דאַרף זיך ניט אַנגאַזשירן ?..

— ער געהערט צום באַזונדערן טיפּ מענטשן, וועלכע אַנגאַזשירן זיך קיין מאָל ניט. ער האָט זיך מיט מיר אַרומגעכאַפּט, געפרייט זיך. כ׳האָב ניט לאַנג געצויגן דעם סאַלעם־אַלעקום און געזאָגט אַז כ׳בין געקומען זוכן אַרבעט.

— און ער ?

— ער האָט רעאַגירט ווי איינער פון אונדז, אַן דריידלעך.

— גאָלדמאַן — האָט ער אַ זאָג געטאָן — ביסט משוגע געוואָרן ? ביסט אַראָפּגעפאַלן פון אַן אָקס ? מאַך זיך ניט נאַריש ! ווילסט, וועלן מיר דיך שיקן אויף אַ צווייוואָכיקן אורלויב, אין אַ גוטן אָפּרוהויז. ווילסט, דערליידיק איך עס דיר גלייך...

הערסט אַ מעשה, האָב איך מיר געטראַכט, נאָר דאָס ליגט מיר אין קאָפּ. צוויי וואָכן אָפּרו...

— צוויי שיינע, יום־טובדיקע וואָכן וואָלטן עס געווען.

— אָבער איך בין ניט געקומען זוכן יום־טובדיקע טעג, כ׳האָב געוואָלט הערן וואָס ער וועט מיר זאָגן וועגן אַרבעט־מעגלעכקייטן.

— ביסט גלייך אַרויף אויפן וועג.

— ...און קיין וועג איז ניט געווען. דער וועג וועלכן ס׳האָט מיר געוואָלט געבן מירקאָווסקי האָט צו גאָרניט ניט געפירט. אַרבעט ? האָט ער אַ פרעג געטאָן, ווער האָט דיך געראָטן צו גיין אַהער זוכן אַרבעט ?.. גערעכט איז ער געווען, אָבער מע האָט מיר געזאָגט אין צענטראַל־קאָמי־טעט — בין איך געגאַנגען. זאָל מען ניט זאָגן, מען האָט אים געשיקט אויף אַן אָרט און ער איז ניט געגאַנגען. כ׳האָב דען ניט געזען אַז עס איז סתם פּטור צו ווערן פון מיר ? און מירקאָווסקיס פאָרשלאָג צו פאָרן אויף צוויי וואָכן אין אַן אָפּרוהויז איז ניט געווען אַבי אָפּצושעפּען זיך פון מיר ?

— אָבער כ׳בין געקומען דאָ אַהער זוכן אַרבעט — האָב איך ווידער אַ מאָל דערמאָנט מירקאָווסקין. ניטאָ פאַר מיר קיין אַרבעט דאָ ? וואָס קומט דאָ פאַר ?

— קענסט ניט די לאַגע דאָ ? — האָט מיך געפרעגט מירקאָווסקי.

— וואָס איז די לאַגע דאָ ?

— לאָז צו רו — האָט ער אַ זאָג געטאָן און כ׳האָב ניט געהאַט מער מיט וועמען צו רעדן. כ׳האָב געזען אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט טראַכט ניט וועגן באַשעפטיקן מיך און די נאָענטע צו אים אינסטיטוציעס זענען וועגן דעם גוט אינפאָרמירט.

— מיט איין וואָרט, פאַר דיינע אויגן האָט זיך געצייכנט אַ קלאָר בילד.

— און וואָס טראַכטסטו איצט ?

גאָלדמאַן האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך גענומען פּאַמעלעך ענטפערן. יאָ, ער האָט געקענט די לאַגע דאָ. ער האָט גאָרניט פאַרגעסן פון דעם וואָס ער האָט איבערגעלעבט, מיט אַכט יאָר צוריק. טיף אין האַרץ האָט זיך אים איינגעגעסן די פּיין, ווען ער איז מיט אַ סך אַנדערע חברים באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. ער האָט גוט געדענקט יענע האָפּע־נונגספולע טעג פון 15, 20 יאָר צוריק, ווען ער איז, ווי אַזוי פיל אַנדערע, געקומען דאָ אַהער, אויף די חורבות, בויען אַ ניי פּוילן, דאָס פּוילן פון אונדזער טרוים. דער חלום האָט זיך געענדיקט. זיין סוף: באַזייטיקונג פון דער אַרבעט, פאַרשטויסן פון דער געזעלשאַפט, געשטעמפּלט מיט די העס־לעכע סימנים פון ראַסן־סעגרעגאַציע. וואָס ווייטער פון דאַנען האָט גאָלד־מאַן ווייניקער געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, ווי אַזוי דאָס איז געשען. איז עס אמת ?

— און ביסט געקומען זיך איבערצייגן...

— יאָ. ס׳האָט מיר קיין רו ניט געגעבן. כ׳בין געקומען זען און הערן מיט מיינע אויגן און אויערן. אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי, ביי מיינע נאָענטסטע פּוילישע חברים, אומעטום, אומעטום, הערשט אַ טויטע שטילקייט, הערסט ניט קיין וואָרט קעגן דעם וואָס איז געשען.

ער האָט איבערגעריסן אַ ווײַלע און גלייך פאַרגעזעצט:

— ...און כ׳בין געקומען זען מיינע אַלטע ייִדישע חברים פון די תּפיסות, פון די שפּאַנישע פראָנטן, פון די סאָוועטישע פראָנטן, זען ווי זיי דרייען זיך אַרום ווי איבעריקע מענטשן, אויסגעשפּיגענע.

...אין פּילסודסקי־פּוילן, אין קאַמף פאַר פרייהייט און רעכט, האָבן

אונדז פּאָליציייִשע פּאַלקעס, קוילן און תּפיסות ניט אָפּגעשראָקן. אויף די פּראָצעסן אין פּאָשיסטישן פּוילן זענען די קליינע משהס און שלמהס געשטאַנען גרויסע און שטאָלצע און געשליידערט דעם ריכטער אין פּנים זייער טענה פאַר יושר און רעכט! ... אינעם סיסטעם וועלכן מיר האָבן געהאָלפן שאַפן, אויף די מאָסקווער פּראָצעסן, וועלכע מען האָט טייוולאָ־ניש פאַבריצירט, האָבן די גרויסע בוכאַרינס, ראַדעקס, קאַמענעווס און זייערע חברים געהאַלטן זיך ווי שמאַטעס און פאַרשוויגן זייער בלוטיקן אמת, ביי דער הסכמה פון זייערע חברים אויף דער פריי. וואָסער כּוח האָט אונדזער גייסט צעבראָכן און צעטראָטן?

גאָלדמאַן איז געקומען, געהערט און געקוקט. ער האָט ניט אָפּגעווענדט דעם בליק. דאָס אומגלויבלעכע איז אים געשטאַנען פאַר די אויגן. ער איז איצט געזעסן קעגן איבער מיר. זיינע מיינונגען, פּראַגעס זענען געפלאָסן פריי, ער האָט ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער.

ער האָט איבערגעריסן. אין אַ ווײַלע אַרום, ווי אין דראַנג צו זאָגן זיינס, האָט ער ווייטער געצויגן זיין שמועס:

— כ׳בין געקומען זוכן אַרבעט — האָבן זיי געמיינט... הער זיך צו, לאָמיך דיר זאָגן דעם גאַנצן אמת: קוים נאָך אַכט יאָר, אין דעם גאַנץ פרעמדן לאַנד, האָב איך מיין אַרבעט פון וועלכער כ׳לעב גוט, קולטורעל. כ׳בין אַ בירגער מיט אַלע רעכט. כ׳קען מיט מיין פּאַספּאָרט פאָרן ווען כ׳וויל, וווהין כ׳וויל. טראַכסט, אפשר, אַז דאָס איז ניט אַלץ — אמת, אָבער דאָס איז מענטשלעכע פרייהייט און רעכט, מע קען דאָס ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָט האָב איך געוואָלט, בין איך פון דער ווייטער קאַנאַדע געקומען צו דיר אַהער. ווען דו וואָלטסט געוואָלט, וואָלטסטו אויך געקענט קומען צו מיר קיין קאַנאַדע?

כ׳האָב געשוויגן. וואָס האָב איך געהאַט צו זאָגן? אין מיינע אויערן האָבן געקלונגען די ווערטער פון מיין פּוילישן חבר יוזעק מראָזעק:

— גייט שוין, גייט. לאָזט אונדז אַליין...

גאָלדמאַן איז אויפגעשטאַנען, מיר דערלאַנגט די האַנט צום געזעגענען.

— כ׳מוז שוין גיין. מאָרגן פלי איך צוריק, אַהיים.

בנימין לובעלסקי

דאָס געזעגענען זיך מיט גאָלדמאַנען איז געווען פּיינלעך. מיר האָבן זיך אַרומגענומען, גערניט געזאָגט. מיר האָבן געשוויגן אויף די חורבות פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט.

אַ קורצע צייט דערנאָך, אין פרילינג 1965, האָב איך דערלאַנגט אַ ביטע צו דערלויבן מיר מיט מיין משפחה צו פאַרלאָזן פוילן.

# ווען ס׳האָט זיך פאַרלאָשן דער פלאַם

אָפּגעגעבן די ביטע אויף אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן, בין איך אַהיימגעגאַנגען, וואַרטן אויף דעם וואָס וועט קומען. די גאַנצע וועלט איז איין וועלט, אָבער אויף פאַרשידענע ערטער איז זי „אַ ביסעלע" אַנדערש. אויף געוויסע ערטער האָט דער מענטש אַ פּאַספּאָרט, ווייל ער פאָרן, גייט ער אַריין אין אַ רייזע־אַגענטור, קויפט אַ בילעט, באַזאָרגט זיך אַן אָרט אין אַעראָפּלאַן, אין צוג, און דערמיט איז דער ענין דערליידיקט. האָט אָבער ווער געטראַכט אַז אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער פונעם מיזרח־בלאָק מוז עס זיין אַנדערש. בין איך ניט געגאַנגען אין קיין רייזע־אַגענטור, נאָר סתם אַהיימגעגאַנגען וואַרטן, וואַרטן אויף אַ מעלדונג, אויף אַ בריוול.

און ס׳איז געקומען. ניין, ניט קיין בריוול, ניט קיין מעלדונג, אַז כ׳קען פאָרן. ניין, מע רופט מיך אין מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים. עס הייבט זיך אָן.

כ׳האָב זיך אָנגעגאַרטלט מיט געדולד, מיט מוט, און כ׳בין דאָרט אַריבער. ס׳האָבן אויף מיר געוואַרט דריי פּערזאָן. כ׳האָב קיינעם פון זיי ניט געקענט. פאַר וואָס דריי? איז עס זיכערער בעת מען פאָרשט אַ בירגער? מע פילט זיך זיכערער צווישן זיך? אַנטקעגן מיר? מילא, זאָל זיין דריי.

ס׳איז געפאַלן די ערשטע פראַגע:

דעם און דעם טאָג זענט איר צוויי מאָל געווען אין דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע. וואָס האָט איר דאָרט געטאָן? פאַר זיי זענען געלעגן פאָ־טאָגראַפיעס, וואָס האָבן באַשטעטיקט מיין אָפּגעטאָן „פאַרברעכן". אַנט־קעגן דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע, ערגעץ אין אַ פענצטער, איז אוודאי געווען איינגעאָרדנט אַ פאָטאָגראַפישער אַפּאַראַט, וואָס האָט געטריי געטאָן זיין אַרבעט.

— כ׳בין געווען אין דער ישׂראל־אַמבאַסאַדע — האָב איך באַשטעטיקט, ניט צוויי מאָל נאָר איין מאָל. כ׳בין בלויז צוריקגעגאַנגען זיך קלאָרער צו מאַכן איינע פון די פאָרמאַליטעטן, פאַרבונדן מיט מיין געפּלאַנטער רייזע קיין ישׂראל.

— איר ווילט פאָרן קיין ישׂראל? — איז גלייך געפאַלן אַ פראַגע — פאַר וואָס?

— כ׳בין דאָ אַליין. מיין פרוי איז ניט פון פּוילן. געשעט עפּעס מיט מיר — כ׳בין דאָך בלויז אַ מענטש — האָט זי אַפילו ניט צו וועמען צו גיין...

— יעדער פערטער פּאָליאַק — איז געפאַלן די רעפּליק — איז אין דער זעלבער לאַגע, אָן אַ משפּחה.

— אָבער איך האָב אַ משפּחה, אין ישׂראל!

דער פּונקט איז געווען געשלאָסן.

אַ צווייטער פון דער גרופּע האָט ארויסגערוקט אַ פראַגע פון אַן אַנדער כאַראַקטער:

— ווי קומט עס, וואָס איר, אַן אַלטער פּאַרטיי־חבר, ווילט פאַרלאָזן פּוילן, פאָרן קיין ישׂראל, אין אַ קאַפּיטאַליסטיש, אימפּעריאַליסטיש לאַנד?

כ׳האָב ניט געוואָלט זיך אַריינלאָזן אין אַ וויכוח פאַר וואָס כ׳וויל פאַרלאָזן פּוילן — זאָל ער חוזק מאַכן פון זיך אַליין. אויב ער ווייסט ניט, זאָל ער ווייטער ניט וויסן! כ׳האָב אויסגעדרייט דעם ענין אין דער פאַרקערטער ריכטונג:

— וואָס איז? אין די קאַפּיטאַליסטישע, אימפּעריאַליסטישע לענדער לעבן ניט קיין קאָמוניסטן, ניט פאַראַן דאָרט קיין קאַמף? פאַרגעסט ניט אַז אין קאַפּיטאַליסטישן בעלגיע בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. וואָס מיינט איר, אין ישׂראל איז ניט פאַראַן קיין אַרבעטער־קלאַס, קיין עקספּלאָאַטאַציע, ניטאָ דאָרט פאַר וואָס צו קעמפן? ניטאָ דאָרט קיין אַרבעטער־באַוועגונג, קיין אַנטי־פאַשיסטישער קאַמף?

כ׳האָב פאַרשטאַנען פאַר וואָס מען האָט געשיקט דריי פערזאָן צום שמועס. אין ענינים פון פּאַרטייאישער פּראָפּאַגאַנדע האָב איך געהאַט אַ לענגערע פּראַקטיק... דריי האָבן געזאָלט זיין אַ בעסערע קעגנגעוויכט. זיי

האָבן עס ניט באַוויזן. זיי וועלן, אַוודאי, צוריקברענגען מיינע תּשובֿות און זיך ברעכן דעם קאָפּ צו געפינען אויף זיי אַן ענטפער.

זיי האָבן מיר לסוף געפרעגט צי כ'האַלט זיך ביי מיין באַשלוס, און אויף מיין פּאָזיטיוון ענטפער — פאַרענדיקט דעם שמועס.

אין אַ חודש אַרום האָב איך באַקומען אַן ענטפער אַז מיין ביטע איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן. כ'האָב מיין ביטע תּיכּף באַנייט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך ווידער באַקומען אַן אַרויסרוף צו קומען אין מיניסטעריום פאַר אינערלעכע ענינים. וואָס וועלן זיי מיך איצט פרעגן? כ'האָב זיך דערמיט ניט שטאַרק איבערגענומען. וואָס מאַכן זיי דעם אָנשטעל, ווי ס'וואָלט זיי געגאַנגען אין לעבן מיך דאָ צו האַלטן? זיי דאַרפן מיך דאָ נייטיק האָבן?

כ'בין אַהינגעגאַנגען. אין ביוראָ אין וועלכן מען האָט מיך אַריינגעפירט, איז געזעסן איינער פון די דריי, וועלכע האָבן מיט מיר געשמועסט. ער איז געזעסן, געקוקט אויף מיר מיט אַ רויִקן בליק, מיך געבעטן זיצן. פאַר אים איז געלעגן אַ ליידיק בלאַט פּאַפּיר. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ סטילאָ, געדרייט אים צווישן די פינגער, געפירט אים אַרויף, אַראָפּ. ער האָט געקוקט אויף מיר, לייכט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט געווויגן אין געדאַנק, און לסוף אַ זאָג געטאָן:

— איר האָט געזאָגט אַז אין קאַפּיטאַליסטישע לענדער קען מען אויך עפּעס טאָן...

כ'האָב געקוקט אויף אים מיט אָפענע אויגן, אויערן, רויִק.

— ... ווילן מיר אייך פאָרשלאָגן איר זאָלט דאָרט עפּעס טאָן פאַר אונדז...

כ'האָב פאַמעלעך געדרייט דעם קאָפּ פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס — דער בולטער סימן אויף „ניין"... ער האָט ווייטער גערעדט: ... פון צייט צו צייט וועט צו אייך קומען אונדזערס אַ מענטש. ער וועט אייך איבערגעבן וואָס מיר ווילן איר זאָלט טאָן פאַר אונדז, איר וועט אים איבערגעבן וואָס איר דאַרפט פון אונדז...

כ'האָב ווייטער פאַמעלעך געדרייט מיטן קאָפּ פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס. ער האָט ווייטער גערעדט:

— ...אויב ווילט איר ניט, אַז די טרעפונג זאָל פּאַרקומען אין ישׂראל, וועט איר זיך אויסקלייבן ערטער, ערגעץ ווו אין אויסלאַנד, אין ציפּערן, גריכנלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייך...

כ׳האָב ווייטער, פּאַמעלעך, געדרייט דעם קאָפּ פון רעכטס אויף לינקס, פון לינקס אויף רעכטס.

— ...איר האָט דאָך געזאָגט אַז אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער קען מען אויך אַרבעטן פאַר דער פּאַרטיי...

נאָך דאָס פעלט מיר, האָב איך זיך געטראַכט, פאַרפּלאָנטערן זיך אין זייער שפּיאָנאַזשנעץ, פאַרשמוצן מיינע טריט אויף מיין נייעם לעבנסוועג. זאָגן יאָ און דערנאָך זיך אַרויסדרייען דערפון, האָב איך ניט געוואָלט — פאַר וואָס זאָל איך זיין אונטערגעוואָרפן זייערע געהיימע און אָפענע דראָונגען? האָב איך ווייניק ריזיקירט אין מיין לעבן פאַר דער דאָזיקער באַוועגונג? מיט וואָס האָבן זיי מיר אָפּגעצאָלט?

— ניין — האָב איך געזאָגט קורץ און ניט געוואָלט אַרויסלייגן מיינע טענות, ווי אַ באַגרינדונג פאַר מיין אָפּזאָג.

— פאַר וואָס? — איז ער צוגעשטאַנען.

— כ׳בין שוין צו אַלט פאַר דעם, ניטאָ מער די כוחות.

ער האָט שוין געזען אַז עס וועט ניט העלפן. מיר האָבן זיך געזעגנט. ער האָט באַדויערט — איך ניט.

עס זענען אַוועק וואָכן, און ס׳איז ניט געווען קיין ענטפער, קיין סימן פון מיניסטעריום. וואָס טוט מען? לאָזן איינשלאָפן דעם ענין? ניין, דאָס טאָר מען ניט. האָסטו אָנגעהויבן דעם קאַמף — גיי ווייטער! יעדער טאָג — זיין טראָט! — האָב איך איבערגעחזרט פאַר זיך לעניינס תורה.

ווער איז אין צענטראַל־קאָמיטעט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ענינים פון אינערן־מיניסטעריום? — האָב איך געזוכט אין זכרון. יאָ, וויטאַ־שעווסקי, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „גאַז־רורקאָ״ (אויף אַן אַרבעטער פאַרזאַמלונג, אין יענע שטורמישע טעג פון 1956, האָט וויטאַשעווסקי „געלערנט״ די אַרבעטער ווי אַזוי צו פאַרטרייבן די „אינטעליגענטן״, וועל־כע וועלן קומען צו זיי — מיט אַ רערל פון גאַזאָוויון...). וויטאַשעווסקי איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דער „נאַטאָלין־גרופּע״, בעת יענע אינער־

לעכע פאַרטייקאַמפן קעגן דער „פולאַווער גרופע". די „נאַטאַליבער" זענען געווען אונטער מאָסקוועס שוץ און שטאַרק געשטונקען מיט אַנטיסעמיטיזם. לאַנג שוין נאָך יענע יאָרן האָבן די „נאַטאַליבער" זיך אָנגעכאַפּט אין יעדער געלעגנהייט, זיך ריינצוואַשן פון דער באַשולדיקונג אין אַנטיסעמיטיזם. כ'וועל צו אים אָנקלינגען.

אין מיינע לאַנגע יאָרן פון פאַרטייִשע אַרבעטן האָב איך גוט געקענט דעם פאַרטייִשן זשאַרגאָן און סטיל, כ'האָב אָנגעקלונגען און זיכער אַ זאָג געטאָן:

— מיטן חבר וויטאַשעווסקי!

מע האָט מיך גלייך געפרעגט ווער ס'וויל מיט אים רעדן. כ'האָב זיך גאָרניט באַשיידן פאָרגעשטעלט. מע האָט מיך תיכף מיט אים פאַרבונדן.

— חבר וויטאַשעווסקי — בין איך ברייט אַרויסגעפאָרן, דערציילט וועגן מיין פאַרטיי־סטאַזש, מיינע פאַרטייִשע פונקציעס, געמאַכט זיך שטאַרק וויכטיק — כ'האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישׂראל — האָב איך פאַרענדיקט — און זיי האַלטן אויף מיין דערלויבעניש. כ'בעט דיך, זאָג זיי, זיי זאָלן ניט פאַרדרייען דעם קאָפּ. — צו מיין גרויס וווּנדער האָט ער אויסגעהערט ביזן סוף און ווידער אַ מאָל זיך געפרעגט אויף מיין נאָמען.

כ'וועל קיין מאָל ניט וויסן, צי האָט וויטאַשעווסקי געוואָלט באַווייזן אַז ער העלפט ייִדישע חברים און צוגעלייגט דערצו זיין האַנט, צי איז דאָס אינערן־מיניסטעריום געקומען צום אויספיר אַז מען דאַרף פאַרענדיקן דעם ענין. אָבער וואָס איז עס וויכטיק? — אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך באַקומען דעם שטאַרק דערוואַרטן ענטפער, אַז כ'קען פאָרן. אופֿףף! ס'איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ.

כ'האָב גענומען אָרגאַניזירן די רייזע. דער וועג איז געשטאַנען אָפן, פריי. אָבער וואַרט, וואַרט — נאָך ניט!

כ'האָב באַקומען אַ טעלעפאָן־רוף צו שטעלן זיך אין צענטראַל־קאָמי־טעט פון דער פאַרטיי. אַ נייע מעשׂה. וואָס פאַר אַ ציגל וועט מיר איצט אַראָפּפאַלן אויפן קאָפּ? למען האמת, בין איך ניט געווען אַזוי באַאומרויִקט. וואָס קען שוין זיין? ס'גייט זיי אין לעבן כ'זאָל ניט פאַרלאָזן פוילן?

מאָרגן, צו דער געהעריקער שעה, בין איך אַוועק צום צענטראַל־קאָמי־

טעט. ס׳איז ניט געווען אין צענטראַלן פּאַרטיי־בנין, נאָר ערגעץ אויף טלאָמאַצקע־שוויערשטשעווסקי, אין אַ באַשיידענעם בנין. אין צימער אין וועלכן כ׳בין אַריין, איז געזעסן אַן עלטערע פרוי.

— ראָמאַנאַ גראַנאַס — האָט זי זיך פאָרגעשטעלט.

ס׳הייבט זיך אָן האָב איך געטראַכט. כ׳האָב זי פריִער ניט געזען, אָבער איר נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט, גוט באַקאַנט. אַן אַלטע פּאַרטיי־חברטע. זי האָט לאַנגע יאָרן געאַרבעט אין מאָסקווע, אין די פּאַרטיי־אינסטאַנצן. איר זון, סטעפאַן קורט, איז געווען אין שפּאַניע. אין פראַנצייזישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, סאַן־סיפּריִען, אָנהייב 1939 זענען מיר געווען אין זעלבן באַראַק, געשלאָפן זייט־ביי־זייט. ער איז אומגעקומען אין די פּאַרטיזאַנער־קאַמפן אין פּוילן אין 1941. כ׳ווייס ניט גענוי ווו. איצט זיץ איך פאַר זיין מוטער. אַ פיינלעכער, מענטשלעכער חוב, אויף וועלכן כ׳האָב זיך ניט געריכט, איז אונטערגעקומען: דערציילן אַ מאַמע וועגן איר אומגעקומענעם זון. אויסמיידן עס, וואָלט ניט געהאַט קיין זין. זי האָט מיך אַפילו גלייך דערצו געבראַכט. נאָכן בעטן מיך זיצן, האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איר זענט אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפער...

— יאָ — און כ׳האָב פאַרגעזעצט — כ׳האָב געקענט אייער זון. אין סאַן־סיפּריִען, געווען מיט אים אין איין באַראַק. ער איז געווען אַן איידעלער, גוט דערצויגענער. שטענדיק געווען, ווי נאָר מעגלעך, ריין געקליידט, פּאַרקנעפּלט, אַרומגענומען מיטן מיליטערישן פּאַסיק. ער האָט גערעדט שטיל, קיין מאָל ניט געשריגן. דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען גוט איבערגעטראַכט. האָסטו מיט אים גערעדט, האָט ער דעם קאָפּ אַ ביסל פאַרבויגן אין אַ זייט, רעאַגירט מיט ווייניקע ווערטער, געטראַכט. האָט ער געטראַכט וועגן זיין מוטער, זיין היים?

כ׳האָב גערעדט, מיינע אויגן געווענדט ערגעץ, ניט געוואָלט זען די אויגן פון דער מוטער — ערגעץ־ווו האָב איך אים פאַרלוירן. איז עס געווען אין סאַן־סיפּריִען, צי איז ער אַוועק נאָך דעם ווי מיר זענען אַריבער אין צווייטן לאַגער, גירס? איז ער פון פראַנקרייך אַריבער קיין פּוילן? כ׳ווייס ניט.

כ׳האָב דערציילט אַלץ וואָס כ׳האָב געוווּסט, ביז ער איז מיר פאַרשוווּנדן

פון די אויגן. וואָס מיט אים איז געשען שפּעטער — האָט מען דער מוטער אַוודאי שוין לאַנג איבערגעגעבן.

כ׳בין אַנטשוויגן געוואָרן. כ׳האָב געווענדט מיין בליק אויף דער מוטער. זי איז געזעסן מיטן קאָפּ אַ ביסל אין דער זייט, אין דער זעלבער פּאָזע אין וועלכער ס׳איז אַ מאָל געזעסן קעגן איבער מיר מיין חבר.

די שטילקייט האָט אָנגעהאַלטן אַ ווײַלע. ראָמאַנאַ גראַנאַס האָט זיך געשטאַרקט, געקומען צו זיך און איבערגעריסן דאָס שווייגן:

— איר ווייסט נאָך וואָס כ׳האָב אייך גערופן? — און זי האָט אַרויס־געצויגן דעם ענין מיטן „פּאָרוואורף און אַרייַנשרייבן אים אין פּאַרטיי־ביכל״. לויטן פּאַרטייִשן כלל האָב איך נאָך אַ יאָר געקענט זיך ווענדן צום צענטראַל־קאָמיטעט, מע זאָל מיר אויסשטרייכן די שטראָף — אַ שרעקלע־כער פלעק אויפן לעבנסוועג פון אַ פּאַרטיי־חבר, און דאָ זענען שוין פאַרביי צוויי יאָר און כ׳האָב עס ניט געטאָן. פאַר וואָס?

כ׳האָב אָפּגעאָטעמט. גייט עס וועגן דעם גאָר? נו, ניט געפּערלעך. כ׳האָב גלייך געקענט זאָגן, אַז כ׳פאָר קיין ישׂראל, אַז דער ענין גייט מיך ניט מער אָן, כ׳האָב אָבער אויף קיין רגע ניט געטאָרט פאַרגעסן אַז כ׳שטיי אויף אַ פרעמדן גרונט. קודם כל איז מיר קלאָר געוואָרן אַז זי ווייסט ניט אַז כ׳האָב שוין אַלץ פאַרטיק אויף אַוועקצופאָרן קיין ישׂראל. ווייסט זי ניט — זאָל זי ווייטער ניט וויסן. ס׳איז בעסער.

כ׳האָב געוואָלט, שטאַרק געוואָלט, אַרויסלייגן דעם גאַנצן ענין: ווי פון די דרייַ הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכע פאַרן פאַרלאַג „בוך און וויסן״ זענען באַשולדיקט געוואָרן צוויי — זיי זענען געווען ייִדן. דער דריטער, אַ פּאָליאַק, איז בכלל ניט באַאומרויִקט געוואָרן. בלויז מיך, איינעם פון די פיל פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר אַן אָפּטיילונג, האָט מען צוגעגעבן צו די צוויי. כ׳בין אַוודאי שטאַרק שולדיק געווען — אויך אַ ייִד! פונעם גאַנצן ענין איז גאָרניט געוואָרן, ניט געווען פון וואָס צו מאַכן אַ באַשולדיקונג. פאַר וואָס זשע האָבן זיי די אומגעלומפּערטע באַשולדיקונג ניט אַנולירט? און איך דאַרף בעטן אַנטשולדיקונג, מע זאָל מיר אַראָפּנעמען דעם פאָרוואורף, די שולד! איך פון זיי, צי זיי פון מיר?

כ׳בין געזעסן, געשוויגן, געטראַכט. כ׳האָב ניט געוואָלט זי זאָל מיר

טאָן אַ „טובה״ און עפּענען מיין ענין צו רעווידירן. צו וואָס דאַרף איך עס? ס׳קען אויפהאַלטן מיין אַוועקפאָרן.

— פאַר וואָס האָט איר זיך ניט געווענדט מע זאָל אייך אויסשטרייכן דעם פאָרוואורף? — האָט זי איבערגעחזרט.

כ׳האָב געקוקט אויף ראָמאַנאַ גראַנאַס ווי אויף אַן אַלטער פּאַרטיי־חברטע וואָס האָט דאָס בעסטע פון איר לעבן געגעבן דער פּאַרטיי. זי האָט געקוקט אויף מיר ווי אויף אַן אייגענעם, אַ נאָענטן, געוואָלט הערן מיין ענטפער. און איך, ווי איינער פון די, אין וועמען דער פלאַם האָט זיך שוין פאַרלאָשן, האָב רויִק אַ זאָג געטאָן:

— ס׳גייט מיך מער ניט אָן.

זי האָט אַלץ פאַרשטאַנען.

— און דאָס זאָגט לובעלסקי — זי האָט אַפילו ניט געפּרוּווט צו דיסקוטירן.

זי האָט געוויינט.

כ׳בין אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו איר, אַ קוש געטאָן איר גרויען קאָפּ — און כ׳בין אַוועק. ס׳איז איר ניט לייכט געווען — מיר אויך ניט.

סוף אָקטאָבער 1965.

מיט 16 יאָר צוריק בין איך דאָ געקומען פול מיט האָפן, אויפגעשטעלט אַ פאַמיליע, אין קאָפּ זענען געווען פאַרביקע רעגן־בויגנס — כ׳וועל בויען דאָס פוילן פון גלעזערנע הייזער — אַלץ איז איצט געלעגן אין שטויב צו מיינע פיס.

אויפן פליפעלד האָט געוואַרט דער אַעראָפּלאַן. אין קעשענע איז נאָך אַלץ געווען דאָס פּאַרטיי־ביכל. כ׳האָב עס איבערגעגעבן מיין פריינד, בענעק קאָרטשעווסקי, וועלכער איז געשטאַנען ביי מיין זייט:

— לייג עס אַריין אין אַ קאָנווערט, שרייב אָן דעם אַדרעס: „צ. ק. פון דער פּוילישער פאַראייניקטער אַרבעטער־פּאַרטיי. וואַרשע״ און וואַרף עס אַריין אינעם ערשטן בעסטן פּאָסטקעסטל.

דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד, זיך אויפגעהויבן. כ׳בין אַוועק פון פוילן.

# אינהאַלט

## ס׳איז געשריבן אין דער צייטונג...



## אויף די כוואַליעס פון עטער



## דאָס ווייטע פון דער נאָענט



## צוריק צו דער ווירקלעכקייט

